In der velt

# אין דער וועלט פון געזאַנגען.

## אַ בוך וועגען פאעזיע און פּאָעטען



פון מ. אָלגין.



ארויסגעגעבען פון „פארווערטס"
175 איסט בראדוויי
.1919

# אינהאלט.

### ליטעראַרישע ריכטונגען און ליטעראַרישע ווערטען:



### וועגען לידער אין אַלגעמיין:



### אידישע ליריקער:

# ליטעראַרישע ריכטונגען און ליטעראַרישע ווערטהען.

I.

## דעקאַדענטען און סימבאָליסטען.

סימבאָליזם און דעקאַדענטיזם! — ווי אָפט קומט אויס צו הערען די דאָזיגע ווערטער אין דער אידישער ליטעראַרישער קריטיק. ניט ווייניג האָבען מיר געלייענט וועגען די חסרונות פון אָט די ריכ־טונגען; פאַראַן ביי אונז אפילו אזוינע פּובליציסטען, וואָס דאָס וואָרט „דעקאַדענט" איז ביי זיי גלייך צו אַ שימפף־וואָרט. אָבער זעלטען געפינען מיר אַזאַ קריטיק, וואָס זאָל זיך ערנסט אָבגעבען מיט דער פראַגע: וואָס איז אזוינס דעקאַדענטיזם און סימבאָ־ליזם און אין וואָס בעשטעהט זייער אונטערשיעד פון אַנדערע ריכטונגען אין דער קונסט.

וויל מען זיך ניט בעגנוגענען מיט פראַזען, וועלכע גליטשען נאָר אויף דער אויבערפלאַך פון דער פראַגע און ריהרען ניט אַן איהר עצם, איהר תוך, — מוז מען זיך אָפּגעבען אַ קלאָהרען דין וחשבון וועגען דעם, וואָס פאַר אַ ערשיינונג ווערט דאַ ארומגערעדט, אין וואָס בעשטעהט איהר פּסיכאָלאָגישער גרונד און איהר סאָ־ציאַלע בעדייטונג, וואָס פאַר אַן אָרט פערנעהמט זי צווישען די איבעריגע קולטור־ערשיינונגען פון אונזער צייט. נאָר אויף אַזאַ אופן קען מען געווינען אַ מאַסשטאַב צו אורטהיילען וועגען דעם ווערטה פון פערשיעדענע קונסט־ווערק און אַ מעגליכקייט צו שעצען די פערשיעדענע „קריטיקער" יעדען ווי איהם קומט.

די סימבאָליסטישע און דעקאַדענטישע ריכטונגען ווערן גע־וועהנליך בעצייכענט מיט איין נאָמען „מאָדערניזם“. פאַראַן אַזוינע קריטיקער, וועלכע זיינען זיך נוהג צוצוקלעפּען צו מאָדערניזם אויך „מיסטיציזם“ און „ראָמאַנטיזם“ — כדי עס זאָל אויסקומען האַר־בער. מיר וועלען פונדעסטוועגען אויף די לעצטע צוויי בעגריפען זיך ניט אָפּשטעלען — ערשטענס, ווייל דאָס זיינען מעהר פילאָ־זאָפישע, איידער ריין ליטעראַרישע ריכטונגען, צווייטענס, ווייל זיי זיינען ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם „מאָדערניזם“. מיס־טישע שטימונגען געפינען זיך אין די פּאָעטישע ווערק ניט נאָר פון די „יונגע“. פראַגען וועגען דעם וואָס עס טהוט זיך אויף „יע־נער זייט“ ערפאַהרונג, אויף יענער זייט פון דער רעאַלער וועלט, ווערען בעהאַנדעלט, צום ביישפּיעל, אין די פּאָעטישע ווערק פון לעוו טאָלסטאָי, וועלכען קיינער וועט, דאַכט זיך, ניט האַלטען פאַר אַ דעקאַדענט. טאָלסטאָי'ס העלדען, קען מען זאָגען, זיינען אַלע קראַנק פון אָט די שטימונגען און אָט די „פערשאָלטענע“ פראַגען. און בנוגע צום ראָמאַנטיזם, איז ער יעדענפאַלס נישט קיין קינד פון דער „מאָדערניסטישער“ ליטעראַטור. ווער ווייסט דאָס ניט, אַז ער איז אין אָנפאַנג פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט געווען די הערשענדע ריכטונג אין ליטעראַטור (און אין פילאָזאָפיע) פון דייטשלאַנד, און פון דאָרט האָט ער זיך פערשפּרייט אין אַ רייהע אַנדערע לענדער. אויך די רוסישע ליטעראַטור האָט איבערגעלעבט איהר ראָמאַנטישען פּעריאָד. וואָס־וואָס — ניי איז דער ראָמאַנ־טיזם געוויס ניט.

וועט מען אפשר ענטפערען: יאָ, דאָס איז אמת, אַז די מאָ־דערניסטישע ליטעראַטור האָט גאָר ניט אויפגעטהאָן קיין נייעס. אַז די פראַגען, וועלכע בעשעפטיגען זי, בעגעגענען מיר אין אַנ־דערע ליטעראַרישע ריכטונגען. וואָס רעו, עס ווענדעט זיך, ווי ווערען די פראַגען בעהאַנדעלט, מיט וואָסערע מ י ט ע ל ע ן און אויף וואָסערע ו ו ע ג ע ן דער מאָדערניזם געהט צו צו די גרונד־פּראָבלעמען פון'ם מענשליכען גייסט. די דאָזיגע מיטלען און די דאָזיגע וועגען כאַראַקטעריזירען דעם מאָדערניזם — אין דעריין ליגט זיין אונטערשיעד פון אַנדערע ריכטונגען.

אין אַזאַ ענטפער וועט ליגען אַ גרויסער שטיק אמת. צו

האָט דער מאָדערניזם ניט אויפגעטהאָן קיין נייעס — וועגען דעם וועלען מיר דערוויילע ניט רעדען. יעדענפאַלס איז דאָס נייע אין איהם ניט דער מיסטיציזם און ניט דער ראָמאַנטיזם; עס איז געגנוג פאַר איהם די צוויי אנדערע בעגריפען: סימבאָליזם און דעקאַנדענטיזם; ס'איז אין זיי אליין אויך שוין גענוג דונקעלהייט און אַ גענוגער פּלאַנטער, און מאַכען זיי נאָך טונקעלער און נאָך פערפּלאָנטערטער אַהן אַ בעזונדערען גרונד איז ניטאָ וואָס.

כדי צו מאַכען קלערער די פראַגע, מוזען מיר אָבער אויך דעם סימבאָליזם אָבטהיילען פון דעם מאָדערניזם, ווארים ניט אין איהם ליגט דער קערן פון די נייע ריכטונגען אין דער ליטעראַטור.

וואָס איז אַ סימבאָל? ווען אַ מענש וויל רעדען פון אַ זאַך און רופט זי ניט אָן ביי דעם ריכטיגען נאָמען, נאָר ער רעדט וועגען איהר פערשטעלט — האָבען מיר דערינען שוין אַ שטיק סימבאָל. ווען דער דיכטער זאָגט אין תהלים: „שבולת המים שטפתני" — דער וואַסער־שטראָם האָט זיך איבערגעגאָסען איבער מיר, און מיינט דערמיט ניט קיין אמת'ע וואַסער און ניט קיין אמת'ן שטראָם, נאָר די צרות, די ליידען וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, — איז דער וואַסער־שטראָם אַ סימבאָל פאַר זיינע ליידען. ווען מיר זאָגען אין געוועהנליכען לעבען: „ער פליהט אין הימעל אריין" און מיינען דערמיט, אז אימיצער איז זעהר פרעהליך, זעהר אויפגעלעבט, איז דאָס פליהען ניט קיין אמת'ע פליהען, נאָר אַ סימבאָל, און ווען אַ אידענע שילט די אַנדערע און זאָגט: „ס'זאָל אויף דיר אָנקומען אַ שוואַרץ יאָהר", — מיינט זי ניט אַזאַ יאָהר, וואָס איז אָבגעפאַרבט מיט שוואַרצע פאַרב, און מיינט בכלל ניט קיין יאָהר: דער „שוואַרץ יאָהר" איז ביי איהר אַ סימבאָל פאַר דעם שלעכטס, וואָס זי ווינשט עס זאָל אָנקומען אויף דער אנדערער אידענע.

אָהן סימבאָלען קען זיך קיין שום פּאָעזיע ניט בעגעהן, און די סימבאָלען זיינען אַזוי אַלט, ווי די פּאָעזיע אליין. דער תנ"ך, בעזונדערס די נביאים, זיינען פול און פול מיט די פּרעכטיגסטע סימבאָלען, מיט די אויסגעצייכענטסטע בילדער. די שטאַרקע ווירקונג פון די נביאים אויף די לעזער ערקלעהרט זיך אין אַ גרויסען גראַד מיט זייער פּערעלדיגער בילדער־שפּראַך. זיי בעזיצען ניט נאָר איינצעלנע קורצע סימבאָלען. — ס'זיינען פאַראַן ביי זיי גאַנצע

פּאָעטישע ווערק, וועלכע זיינען פון אָנהויב ביז'ן סוף איין סימבאָל. יחזקאל הנביא שילדערט אַ פּרעכטיגען זעגעל־שיף, מיט זיינע מאַסטען, מיט זיינע שטריק, מיט זיינע לייטערס, מיט דער גאַנצער שעהנקייט און הערליכקייט פון אַ גרויסען ים־שיף — און מיינט ניט דערמיט דעם שיף, נאָר די מלוכה צור, וועלכע איז געלעגען ביים ברעג פון'ם ים און האָט געוועלטיגט מיט איהרע שיפען איבער'ן ים. און ביי'ם נביא יואל איז פאַראַן אַ שילדערונג, ווי דער היישעריק קומט אָן אויף אַ לאַנד, ווי ער פערפּלייצט די פּלעצער, פערשפּרייט זיך אין די גערטנער און מאַכט פון אַ בליהענדען לאַנד אַ וויסטען טרויעריגען מדבר. די שילדערונג איז איינע פון די שטאַרקסטע אין דער אַלל־וועלטליכער ליטעראַטור. זי לאָזט איבער אַזאַ איינדרוק, וועלכער פערשווינדעט שוין קיינמאָל ניט. און מיינען מיינט דער דיכטער ניט דעם היישעריק, נאָר די פיינד, וועלכע וועלען אָנקומען אויף יהודה, אויב דאָס פאָלק וועט זיך ניט אומקעהרען פון זיין זינדיגען וועג. דאָס קאַפּיטעל פון יואל איז דער ריינסטער, דער געלייטערטסטער סימבאָליזם.

ס'אי כדאי צו וואַרפען נאָר אַ קורצען בליק אויף דעם ערשטען בעסטען פּאָעטישען ווערק, צו וואָס פאַר אַ צייט און צו וואָס פאַר אַ פאָלק עס זאָל ניט געהערען, — כדי צו דערזעהן אין איהם אַ גאַנצען אוצר פון סימבאָלען. דער אַלטער אידישער דיכטער יהודה הלוי רעדט מיט אַ שפּראַך פון לויטער סימבאָלען. אַלע פאָלקסלעגענדען, אַלע קינדערשע מעשיות, אַלע רעטענישען זיינען צום גרעסטען טהייל סימבאָליש. אין דער נייער אידישער („זשאַרגאָנישער") ליטעראַטור געפינען מיר גאַנצע ווערק, וואָס זיינען סימבאָלישע פון אָנהויב ביז'ן סוף. אין מענדעלע מוכר־ספרים'ס „קליאַטשע" רעדט זיך די גאַנצע צייט וועגען אַ פערדעל און וועגען די געשעהעניסען, וואָס טרעפען זיך איהם. אויפ'ן ערשטען בלעטעל פון „דער קליאַטשע" האָט דער פערפאַסער געשריבען „לססתי ברכבי פרעה דמתיך רעיתי", צו אַ קליאַטשע אין דעם רייט־וואָגען פון פרעה'ן האָב איך דיך צוגעגליכען, כנסת ישראל; די קליאַטשע איז ביים דיכטער אַ סימבאָל פאַר'ן אידישען פאָלק.

שלום אש בעשרייבט אין זיין „שטעדטעל", ווי אידען האָבען געדראַוועט אין וואַלד:

„ביי יעדען בוים אַ נשמה, און יעדע נשמה, וואָס איז הינ־טער זיין בוים געשטאַנען, האָט פאַר זיין בוים געבעטען, און מיט דער ברכה האָט מען דעם תקון אויף דעם גרינס געזעהן... אַלץ ארום האָט געדאַווענט, געבעטען און געדאַנקט גאָט, און דער הי־מעל האָט זיך דערנעהענטערט צו דער ערד, די ערד — צום הי־מעל... און די קולות האָבען זיך אויסגעמישט, עס איז געוואָרען איינס. אַלץ האָט זיך בעהאַפטען, און עס איז געוואָרען איין תפלה, איין הארץ, איין נשמה. און דאָרט טיעף אין וואלד איז די שכינה צווישען די בוימער אויסגעצויגען און דאַוונט מיט..."

עס איז קלאָהר, אז דער שרייבער מיינט ניט פּינקטליך דאָס וואָס ער שרייבט. ער מיינט ניט, אז דער הימעל האָט זיך אראָפּ־געלאָזט צו דער ערד, ער מיינט ניט, אַז מען זעהט אויף די גרעזער דעם תקון, ער מיינט ניט טאַקע באמת, אז די שכינה האָט זיך אויסגעצויגען צווישען די בוימער. דאָס זיינען אַלץ ס י מ ב אָ־ל ע ן, כדי צו שילדערען די שטימונגען פון אַן עדה אידען, וועלכע דאַווענט מנחה אין וואלד און וועלכע פיהלט איהר נאָהענטקייט צו דער נאַטור. דאָס זיינען אַלץ מ י ט ל ע ן, כדי צו אויס־מאָהלען דאָס, וואָס דער דיכטער האָט געזעהן און זיך פאָרגע־שטעלט. אָ ה ן אזוינע מיטלען וואָלט ער ניט געקענט אויסקומען. מיט פּשוט׳ע בעגריפען, מיט ניכטערע ווערטער וואָלט אויסגע־קומען ניט קיין לעבעדיג בילד, נאָר אַ טויטע, קאַלטע בעשרייבונג.

אַ פּאָעטיש ווערק מ ו ז זיך בענוצען מיט סימבאָלען. אַ פּאָעטיש ווערק וויל שטענדיג פאָרשטעלען אַ א י י נ צ ע ל נ ע זאַך, ניט קיין אַלגעמיינע, אַן איינצעלנע בילד, אַן איינצעל גע־פיהל, אַן איינצעלנע שטימונג. ווען איינער זאָגט: „דער מענש איז געווען אין כעס", איז כעס דאָ אַ ב ע ג ר י ף, אונטער׳ן וואָרט כעס פערשטעהט מען דאָ דאָס אַ ל ג ע מ י י נ ע, וואָס ס׳געפינט זיך אין יעדען כעס־געפיהל. ווען מען זאָגט: „עס שטעהט אַ קארשען־בוים" מיינט מען דאָ דאָס אַלגעמיינע, וואָס ס׳איז דאָ אין אַלע קארשען בוימער. פאַר׳ן קינסטלער איז דאָס ניט גענוג. ער דאַרף פאָרשטעלען ו ו י איז דער מענש אין כעס, ו ו י זעהט אויס דער קארשען־בוים, וואָס פאַר אַ שטימונג דער קארשען־בוים רופט ארויס אין איהם. די דיכטערישע ארט

שרייבען איז דעריבער אַ היפּוך פון דער וויסענשאַפטליכער. די וויסענשאַפט רעדט מיט ב ע ג ר י פ ע ן, די אויפגאַבע פון דער וויסענשאַפט איז — אויסצואַרבייטען קלאָהרע און דייטליכע בע־גריפען. די קונסט רעדט מ י ט ב י ל ד ע ר, מיט סימבאָלען. די וויסענשאַפט צוגלידערט די איינצעלנע זאַכען, כדי צו געפינען אין זיי דאָס אַלגעמיינע, די קונסט נעהמט די זאַך אין ג אַ נ צ ע ן, מיט אַלע איהרע קאָנקרעטע אייגענשאַפטען, אין דער גאַנצער פער־שיעדענאַרטיגקייט פון איהרע סמנים. די וויסענשאַפט זאָגט, װ אָ ס איז זי די אָדער יענע זאַך, די אָדער יענע ערשיינונג. די קונסט זאָגט, װ י איז זי, ווי ווירקט זי אויף אונז, וואָס לע־בען מיר איבער בנוגע דער זאַך אָדער ערשיינונג. און דאָ זיינען סימבאָלען דאָס אונפערמיידליכע געצייג.

ג ע ט ה ע זאָגט אין „פאַאוסט“:

„...וואו בעגריפען פעהלען,

דאָרט שטעלט אַ וואָרט צור רעכטער צייט זיך איין“.

בנוגע צו דער וויסענשאַפט איז דאָס דער גרעסטער פעהלער. בנוגע צו דער קונסט איז דאָס גאָרניט אַזוי שלעכט. קעהרט אי־בער דעם פסוק און זאָגט: „וואו בעגריפען פעהלען, דאָרט שטעלט אַ ב י ל ד צור רעכטער צייט זיך איין“, — וועט איהר האָבען זעהר אַ ריכטיגען אַלגעמיינעם כּלל פאַר דער קונסט.

עס איז קלאָהר, אַז ניט דער „מאָדערניזם“ אַליין טראָגט אויף זיך די שולד פון סימבאָליזם. די נויטווענדיגקייט פון סימ־באָליזם ליגט אין דער מענשליכער פסיחיק. עס איז דעריבער דער גרעסטער פעהלער צו פערשטעהן אונטער „מאָדערניזם“ די דע־קאַדענטישע א ו ן סימבאָליסטישע ריכטונג. די מאָדערנע, ווי יעדע אַנדערע ליטעראַטור, נ ו צ ט א ו י ס דעם סימבאָליזם, ער איז ביי איהר אַ געצייג, אַ מיטעל, גלייך מיט אַנדערע מיטלען. אפשר וועט זיך אַרויסווייזען, אַז זי בענוצט דעם סימבאָליזם אַ נ ד ע ר ש, אַז די סימבאָלען פון דער נייער ליטעראַטור זיינען פ ע ר־ש י ע ד ע ן פון די סימבאָלען, וואָס מען האָט פריהער בענוצט. דאָס וועלען מיר שפּעטער זעהן. יעדענפאַלס איז דאָ ניטאָ קיין גרונד צו רעדען וועגען אַ ב ע ז ו נ ד ע ר ע ר ריכטונג, אַ ח ו ץ דער דעקאַדענטישער.

אונטער'ן וואָרט „מאָדערניזם" בלייבט אונז, אלזאָ, נאָר ד'ער בעגריף ד ע ק א ד ע נ ט י ז ם.

---

II.

## אלטע און נייע ליטעראַרישע פאָרמען.

איך מוז זאָגען פון אָנפאַנג אָן, אז גענוי בעשרייבען, וואס איז אזוינס דער דעקאדענטיזם איז ניט אזוי לייכט. דאָס איז איינער פון די פערפּלאָנטערטסטע, פערשוואומענסטע בעגריפען, וואו יעדערער לעגט אריין אַן אנדער אינהאַלט. אם מייסטען בענוצט מען זיך מיט דעם וואָרט, ניט וויסענדיג גענוי, וועגען וואָס מען רעדט.

כדי וויפיעל ניט איז צו בעשטימען דעם דאָזיגען בעגריף, מוז מען פאר אַלעמען אונטערשיידען צווישען דעקאדענטישער פ אָ ר ם און דעקאדענטישען א י נ ה א ל ט. לויט דער פאָרם איז דער דעקאדענטיזם — אַ קונסט־ריכטונג. לויט דעם אינהאַלט — אַ פילאָזאָפישע און סאָציאַלע ריכטונג (גענויער: אַ רייהע ריין־פילאָזאָפישע און סאָציאַל־פילאָזאָפישע שטימונגען), אויסגע־דריקט אין אַ פּאָעטישער פאָרם. וועגען דעקאדענטישען אינהאלט וועט אונז אויסקומען צו רעדען שפּעטער, דערווייל וועלען מיר נור בעמערקען ערשטענס, אַז דער דעקאדענטישער אינהאַלט נעהמט זיך פון אַ בעשטימטער אַלגעמיינער וועלט־אנשויאונג, צווייטענס — אַז דעקאדענטישער אינהאַלט איז ניט דוקא צוזאמענגעבונדען מיט דעקאדענטישער פאָרם. דעקאדענטישע אידעען און שטימונ־גען קענען זיין אויסגעדריקט אין אַ געוועהנליכע, לויט דער פאָרם, גאָר ניט קיין מאָדערניסטישע ווערק, און ווידער צוריק בעגעגענען מיר, אַז אידעען, וואָס האבען מיט דעקאדענטישע גאָר ניט קיין שייכות, ווערען אָפט אויסגעדריקט אין אַזאַ פאָרם, וועלכע מען רופט געוועהנליך „דעקאדענטיש". אָט דעם אונטערשיעד צווישען אינ־האַלט און פאָרם פערשטעהען ניט, ליידער, זעהר פיעלע פון די קריטיקער און דערפון נעהמען זיך ביי זיי אַ סך פעהלער.

וואָס־זשע איז אזוינס די דעקאַדענטישע פאָרם?
איך נעהם איינעם פון י. ל. פרץ'עס ליעדער: „פיער שטימען".

I.

ס'איז ווער ערגעץ אָפּגעגאַנגען
און זיין ציטער־בילד געפאַנגען
האַלט א וואַסער־שפּיעגעל —
קומט די קאַן און שעפּט...

II.

און דער וויין איז אויסגעגאַנגען,
אין א ריץ פון ערדען־קריגעל
האָט א טראָפּען זיך בעהאַלטען —
און ווערט אויסגעוועפּט.

III.

לאַנג פערהילעכטע געזאַנגען!
פון געזאַנג
האָט זיך לענגער אויפגעהאַלטען
א יתום־קלאַנג,
טהויט ער אויף, ברומט —
און פערשטומט...

IV.

א זון איז אונטערגעגאַנגען,
פון אָבגלאַנץ רויטעלט זיך לייכט
א נעבעל־זוים
און פערבלייכט,
און פערשוואונדען איז דער טרוים...

דאָס דאָזיגע ליעד קען, נאָך מיין מיינונג, דיענען אַלס ביי־שפּיעל פון א דעקאַדענטישער פאָרם. איך בין זיכער, אז זעהר פיעלע „דעקאַדענטען־פּרעסער" וואָלטען מיט פערגעניגען אויס־געשטעלט דאָס ליעד פאַר א בעווייז, ווי אומגעלומפּערט עס שריי־

בען די „נייע“. מסתמא וואַלטען זיי פאַר אַלעמען אַנגעהויבען דעם געוועהנליכען מזמור: „סטייטש, איך פערשטעהע ניט, מען דאַרף דערצו האָבען אַ רבי'ן מיט אַ טייטעל“, א. ז. וו.

נאַר דאָס אגב אורחא. וועגען „פערשטענדליכקייט“ וועט אונז נאָך אויך אויסקומען צו רעדען. איצט לאָמיר פאַר אַלעמען זעהן זיך קלאָהר מאַכען דעם געדאַנק פון דער ליעד און בעגרייפען, וואָס איז דער אונטערשיעד פון די „פיער שטימען“ צו אַנדערע, ניט דעקאַדענטישע ווערק.

אויף וויפיעל מען קען דעם אינהאַלט פון אַ פּאָעטישען ווערק איבערגעבען אין פּראָזע, איז דער הויפּט־מאָטיוו פון די „פיער שטימען“ — דאָס פערשווינדען, דאָס ניט־בלייבען, דאָס אונטערגעהן פון אַזוינע זאַכען, אַזוינע שטימונגען, וועלכע זיינען אַמאָל געוועזען טהייער און ליעב. ס'איז אימיצער געשטאַנען ביים טייך, זיין בילד האָט זיך ציטערדיג אָפּגעשפּיעגעלט אויף דער גלאַטער אויבערפלעכע פון דעם וואַסער. אליין איז ער שוין אַוועק, נאָר זיין צ׳יטער־בילד איז נאָך, דאַכט זיך, אויף איין קורצער רגע געבליבען. „קומט די קאַן און שעפּט“. דאָס וואַסער ווערט געריהרט. פערשוואונדען דאָס בילד. ניטאָ. דאָס אייגענע אין דער צווייטער סטראָפע. געוועזען אין קריגעל וויין און אויסגעגאָסען. איין איינציגער טראָפען, דער לעצטער טראָפען פון דעם גאַנצען קריגעל וויין, האָט זיך בעהאַלטען אין אַ ריץ. די לעצטע ערינערונג, דער לעצטער שפּור פון אַמאָליגען ליכט, פון אַמאָליגען לעבען. עס בלייבט אָבער אויך ניט. דער טראָפען ווערט אויסגעוועפּט. אַלצדינג פערשווינדעט, אַלצדינג ווערט פערגאַנגען. עס פערקלינגען די לעצטע טענער, ס'פערבלייכט דער לעצטער אָבגלאַנץ פון דער פערגאַנגענער זון, און די שלום־שורה קלינגט ווי דער טרויעריגער סך־הכל פון אַ גאַנצען אָבגעלעבטען לעבען. ווי דער לעצטער אַקאָרד פון אַ טרויער־געזאַנג:

„און פערשוואונדען איז דער טרוים“...

די גרונד שטימונג פון דעם ליעד איז בעצם ניט ניי. וועגען דעם, אַז „אַלצדינג פליסט“ האָבען פיעלע פּאָעטען געשריבען, פיעלע דיכטער געזונגען. וועגען דעם וועלען נאָך זינגען און דיכטען די מענשען לאַנגע יאָהרען — אַזוי לאַנג ווי אין דעם מענשען'ס ברוסט

יועט זיך בעווענען א בענקשאפט נאָך די פערגאנגענע טעג, נאָך די פערשוואונדענע טרוימען. דער געדאנק פון דעם ליעד איז ניט ניי, דער אינהאלט איז בכלל ניט „מאדערניסטיש“. אין וואָס־זשע בעשטעהט דער מאדערניזם, דער דעקאדענטיזם פון דעם דאָזיגען „דעקאדענטישען“ ווערק?

איך דערמאָן מיך אן אנדער ליעד מיט א גלייכער שטימונג (אויף וויפיעל עס קען איבערהויפּט זיין א פערגלייכעניש צווישען צוויי פּאָעטישע ווערק). געשריבען האָט דאָס מאררים ראָזענפעלד — א דיכטער לכל הדעות ניט קיין דעקאדענט. הייסען הייסט עס „זכרונות“:

חנ'עוודיגע יוגענד מיינע,
חלומ'דיגער שטראם!
אך, ווי האָסטו אויסגעטריקענט!
כ'זעה פאר זיך דעם תהום...
איז ניט מעגליך חאָטש פון ווייטען
דאָרט צו טהאן א בליק?
נאָר א בליק אויף יענע צייטען,
יענעם שעהנעם גליק?

אונטער דעם זעלביגען טיטול „זכרונות“ איז פאראן ביי ראָזענפעלד'ן נאָך א ליעד:

זיסע, שעהנע, ליעבע קינדהייט,
ווייט ביזטו פון מיר!
מיין נשמה, מיין פאנטאזיע
טרוימט נאָר וועגען דיר.
ווי א שאָטען ביזטו, קינדהייט,
ווי א רויך, וואָס פליהט,
ווי א בליץ געשווינד אנטלויפסטו
און מען זעהט דיך ניט.
שוועבסט נאָר אום אין מיין זכרון
ווי א זיסער טרוים,
איך דערמאָן זיך — און מיר ווײנט זיך,
און מיר גלויבט זיך קוים.

דער גערַאנק איז ביי ראָזענפעלד'ן, דוכט זיך, דער זעלבער, וואס ביי פּרץ'ן. ביי פרץ'ן איז ער נאָר אַן אַלגעמיינער, ביי ראָזענפעלד'ן רעדט זיך וועגען איין בעשטימטען מאָמענט — וועגען דער קינדהייט, אָבער מיינען מיינט ער אויך מעהר אַלגעמיין — די פערשוואונדענע טעג; דערויף ווייזט שוין דער טיטול אַליין — „זכרונות". אזוי איז, דאכט זיך, אין די בילדער פאראן אַ גלייכעניש צווישען ראָזענפעלד'ן און פּרץ'ן: ביי איינעם אַ „ציטער בילד", ביים אַנדערען — אַ „שאָטען"; ביי איינעם אַ „טראָפּען, וואס ווערט אויסגעוועפּט", ביים אַנדערען — אַ „רויך וואס פליהט", און אַ שטראָם וואס ווערט אויסגעטריקענט; ביי איינעם אַ פערבלייכטער נעבעל־זוים, ביים אַנדערען — פערשוואונדענע שעהנע יוגענד. און ביידע רעדען וועגען פערשוואונדענע טרוימען, ביידע בענקען נאָך דעם, וואס ס'איז אַוועק און וועט צוריק שוין ניט קומען.

אַ גלייכעניש אין ביידע ליעדער איז פאראן אַ גרויסע. פונדעסטוועגען איז איינס דעקאדענטיש, דאס אַנדערע ניט. אין וואס בעשטעהט דער חלוק?

---

דער הויפּט אונטערשיעד צווישען דעקאדענטישער און נימדעקאדענטישער קונסט־פאָרם איז דער, וואס די ערשטע בענוצט אַזוינע בילדער און אויסדריקען, וועלכע זיינען נאָך ניט געוואָרען וואָכעדיג, אַלגעמיין־בעקאנט און אַלגעמיין־אַנערקענט, בעת די ניט־דעקאדענטישע, „רעאַליסטישע" אַרט שרייבען געברויכט נאָר אַזוינע הילפס־מיטלען, וועלכע זיינען שוין גוט בעקאנט לכל הפחות דעם מיטעלמעסיגען אינטעליגענט. די דעקאדענטישע ריכטונג וויל זיך ניט בענוגענען מיט דעם אינווענטאַר פון געצייגען, וועלכע זי געפינט פאַרטיג אין דער שאַץ־קאַמער פון דער קונסט, זי וויל יערעס מאָל שאַפען נייע, ערעלערע, פערפיינערטע; די ניט־דעקאדענטישע ריכטונג אַרבייט מיט די אַלטע געצייגען, נאָר זי קאָמבינירט זיי אַלע מאָל אויף דאס ניי וועדליג דעם מאַטעריאַל וואס זי בעאַרבייט. דער מאָדערניזם איז אין פּרט פון קונסט־פאָרם שעפּפעריש, פּראָגרעסיוו, די אַלטע אַרטען — קאָנסערוואַטיוו.

דערפון איז קלאָהר, אַז דער אונטערשיעד צווישען דעקאַ־דענטישען און ניט־דעקאַדענטישען שרייבען איז ניט קיין אַב־סאָלוטער, נאָר אַ רעלאַטיווער, ווענדליג די פּערזאָן און די צייט. דאָס וואָס פאַר איין לעזער איז מאָדנע, משונה'דיג, איבערראַשיג און ווענינ פערשטענדליך — מיט איין וואָרט „דעקאַדענטיש", דאָס איז פאַר'ן צווייטען לעזער, וועלכער איז מעהר בע'הבן'ט אין קונסט, אַ געוועהנליכע ערשיינונג. די בילדער און אויסדרוקען און רעדענס־אַרטען, וועלכע זיינען ביים אינטעליגענטען לעזער קיין שום נייעס ניט, הגם זייער שעהנקייט און פיינקייט פערשאַפען איהם אַ עסטע־טישען גענוס, וועלען דעם האלב־אינטעליגענט אויסקומען ווי תרגום. און אויב דער דאָזיגער האלב־אינטעליגענט האָט נאָך אַמאָל גע־הערט וועגען „דעקאַדענטען", וועט ער געוויס אויסזידלען דעם שרייבער, אַז ער איז אַ דעקאַדענט. דאָס וואָס עס איז פריהער געווען אַ מורא'דיגע נייעס, אַ דרייסטע אַפּיקורסות אין דעם שלחן־ערוך פון קונסט, דאָס ווערט שפּעטער מיט עטליכע יאָהר אַ וואָ־כעדיגע זאַך. מען געוואָהנט זיך דערצו, עס ווערט נויטווענדיג, מען קען זיך שוין אפילו אָהן דעם ניט בעגעהן, און עס איז נאָכדעם שווער צו פערשטעהן, פאַר וואָס אַזאַ נאַטירליכע זאַך האָט אַמאָל ארויסגערופען אַזוי פיעל פּאָלעמיק.

איך האָב פריהער געזאָגט, אַז דער מאָדערניזם איז שעפּפע־ריש, פּראָגרעסיוו. איך האָב דערמיט ניט געוואָלט זאָגען, אַז די אַלטע פאָרמען זיינען ניט פעהיג צו אומענדערונגען און לאַנגזאַמע פערבעסערונגען. ס'איז ניטאָ אַזאַ קאָנסערוואַטאָר, וועלכער זאָל זיך ניט מוזען צופּאַסען צו די פערענדערטע בעדינגונגען פון לע־בען. צייטען בייטען זיך. מיט זיי צוזאַמען בייטען זיך די פאָר־מען פון קונסט — אָפּטמאָל אונבעמערקט פאַר דעם קינסטלער זעלבסט. סוף כל סוף ווערט אונמעגליך צו שרייבען אַזוי ווי מ'האָט געשריבען אַמאָל. די עוואָלוציע געהט זיך דאָ, ווי אין אַלע גע־ביטען פון געזעלשאַפטליכען לעבען. דער אונטערשיעד איז נאָר דאָס, וואָס די מאָדערניסטען פערהאַלטען זיך בעוואוסט־זיניג צו דעם דאָזיגען פּראָצעס, זיי ווילען איהם מאַכען ראַשער און גרינדליכער. זיי ווילען בעוואוסטזיניג שאַפען דאָס נייע. זיי זיינען אין דעם פּרט די רעוואָלוציאָנערען

אין דער קונסט — און דער מזל פון רעוואָלוציאָנערען איז בעקאַנט. פריהער זידעלט מען זיי, אז זיי זיינען היץ־קעפּ, אַז זיי פערלאַנגען אַזוינס וואָס ס'איז ניט מעגליך, אַז זיי שטערען נאָר אומזיסט דעם נאַטירליכען גאַנג פון לעבען; שפּעטער, ווען די רעוואָלוציע איז שוין געענדיגט, ווערען איהרע פרוכט — דאָס נאַטירליכע און זעלבסטפערשטענדליכע, און דער „גוטער שטאָדט־בעל־הבית" וואָלט זיך געוואונדערט, ווען מ'וואָלט איהם געזאָגט, אז פריהער מיט יאָהרען האָט דאָס ארויסגערופען אזאַ פערביסענעם קאַמפּף.

אלס אילוסטראַציע וועלען מיר נעהמען טאַקי אַלץ די אויבענציטירטע ליעדער פון ראָזענפעלד און פרץ. אויף וויפיעל עס וועט זיין מעגליך, וועלען מיר אָנווייזען אַנדערע ביישפּיעלען פון דער אידישער ליטעראַטור.

ווען איהר לייענט ראָזענפעלד'ס ליעדער, וואַרפט זיך אייך אין די אויגען אַז דער שרייבער בענוצט נור אַזוינע ווערטער, אַזוינע פערגלייכונגען, אַזוינע בילדער, וועלכע זיינען אַלעמען גוט בעקאַנט: „חנ'עוודיגע יוגענד מיינע", „זיסע, שעהנע ליעבע קינדהייט", „ווי אַ בליץ געשווינד אַנטלויפסטו" — אַלץ אַזוינע היימישע, אַזוינע פּראָסטע, אַזוינע אַלטע בעקאַנטע! ס'איז כמעט ניטאָ איין בילד, איין עפּיטעט, איין רעדענס־אַרט, וועלכען איהר האָט ניט בעגעגענט אי אין דער ליטעראַטור, אי אין דער געוועהנליכער שפּראַך שוין טויזענד מאָל. נישט שטענדיג זוכט אפילו דער פּאָעט אויסצודריקען זיינע געפיהלען ד ו ר ך ב י ל ד ע ר. אָפטמאָל רעדט ער מיט פּשוט'ע, גאַנץ גענויע, כמעט וויסענשאַפטליכע בעגריפען: „מיין נשמה, מיין פאַנטאַזיע טרוימט נאָר וועגען דיר" — אַזוי קען מען שרייבען אפילו אין אַ טרוקענעם פּראָזאַאישען ווערק. און אַזוינע סטראָפען זיינען ביי ראָזענפעלד'ען כלל וכלל ניט זעלטען. אָט לייענען מיר זיין ליעד „לאַנגער אויגען־בליק":

איינזאַם מיט זיין טיפען קומער
זיץ איך שוואַך און קראַנק אַליין,
באַלד פערביי איז שוין דער זומער,
און איך זיץ נאָך אַלץ און וויין.
עס פערוועלקען שוין די בלומען,

אלעס חלש'ט, אלעס דארט,
ס'וועהט דער ווינד, די קעלטען קומען
און איך זיץ נאָך אַלץ און וואַרט.

אין דער סטראפע בעגעהט זיך דער פּאָעט ג אַ ר אַ ה ז ב י ל ד ע ר! ער רעדט דאָ מיט לויטער בעגריפען. „עס פערוועלקען שוין די בלומען", „באלד פערביי איז שוין דער זומער", „ס'וועהט דער ווינד, די קעלטען קומען" — פונקט די זעלביגע ווערטער בענוצען מיר, ווען מיר רעדען מיט אונזערע בעקאַנטע, פונקט די זעלבע ווערטער אין כמעט דער זעלבער אָרדנונג וועט איהר הערען אין וואַגאָן, אויפ'ן גאַס, אומעטום. כאַראַקטעריסטיש איז אָבער ניט דאָס, וואָס ס'פעהלען בילדער. כאַראַקטעריסטיש איז דאָס. וואָס די בילדער זיינען אַ ל ע דעם דורכשניטליכען פּובליקום בעקאַנט. דער דיכטער שאַפט זיינע קונסט־ווערק מיט די מיטלען. וועלכע האָבען שוין געוואונען אַלעמענס הסכמה. די קונסט־ווערק קענען פערשאַפען, און פערשאַפען אָפט, אַן עסטעטישען פערגעניגען. אָבער דער לעזער, לייענענדיג, האָט ניט קיין שום טרחה. עס לייענט זיך „גלאַט". עס פערטשעפּעט זיך ניט.

די פּ אָ פּ ו ל אַ ר י ט ע ט פון אַ קונסט־ווערק (מיר רעדען דאָ, זעלבסטפערשטענדליך, פון אַן אמת'ן קונסט־ווערק, בעשאַפען פון אַ אמת'ן טאַלאַנט) ערקלערט זיך ביז אַ געוויסען גראַד דורך דעם, וואָס עס פערווירקליכט זיינע ציעלען אויף אַן אַלגעמיין־אנערקענטען אופן. עס איז נ אָ ה ע נ ט דעם עולם, עס איז זיינס, זיין אייגענס. עס פערגעהן אָבער וועניג יאָהרען — און דאָס וואָס ס'האָבען פריהער מיט פערגעניגען געלעזען דערוואַקסענע מענשען, הויבען אָן לייענען קינדער. דאָס וואָס איז געווען פּאָ־פּולער צווישען דעם געבילדעטען פּובליקום, ווערט פערשפּרייט צווישען האַלב־געבילדעטע קרייזען. די פריהעררדיגע לעזער ווילען זיך שוין איצט ניט בענוגענען מיט אַזוינע ווערק. זיי ווילען נייעס, ניט נאָר אין דעם אינהאַלט, נאָר אויך אין דער פאָרם — און אפשר טאַקע מעהר אין דער פאָרם, ווי אין אינהאַלט. ווארום דער אינהאַלט פון פּאָעטישע ווערק איז גאָר ניט אַזוי פערענדערליך: צוזאַמען מיט דעם נייעם בלייבען שטענדיג אַלגעמיין־מענשליכע

מאַטיוועז, וועלכע יעדער דור מוז איבערזינגען אויף דאָס ניי — אויף זיין בעזונדערען שטייגער. עס טרעפט אויך ניט זעלטען, אַז אַ שרייבער, אַ גרויסער טאַלאַנט, ווערט פון זיינע צייט־גענאָסען גאָר ניט אַנערקענט, און ערשט קומענדע דורות קערען זיך אום און שעפּפען אין זיינע ווערק אי נייע אידעען, אי נייעם געַנוס. אויף אַזאַ שרייבער מוזען מיר זאָגען, אַז ער איז צו פריה געקומען אויף דער וועלט (אַזאַ מזל האָט געהאַט, צ. ב., דער דייטשער דראַמאַטורג ה ע ב ב ע ל, וועלכער האָט געשריבען פריהער מיט אַ האַלב יאָהרהונדערט און וועלכען די דייטשען האָבען ערשט גאָר ניט לאַנג אָנגעהויבען לערנען און פערשטעהן).

ווער עס זוכט נייע פאָרמען, דער געפינט זיך שטענדיג אין סכנה, אַז דער עולם וועט איהם ניט גוט פערשטעהן. צי קען דאָס אָבהאַלטען פון זוכען? צו קען מען פאָדערען פון אַ קינסטלער, ער זאָל ניט פּרואווען קיין נייע וועגען?

וועגען דעם וועט אונז אויך נאָך אויסקומען צו רעדען בפרטות. לאָמיר זיך אומקעהרען צו פּרץ'ס „פּיער שטימען“:

„ס'איז ווער ערגיץ אבגעגאַנגען,<br>„און זיין ציטער־בילד געפאַנגען<br>„האַלט אַ וואַסער שפּיגעל —<br>„קומט די קאַן און שעפּט.

אַזוי האָט מען ביי אונז ביז די לעצטע, גאָר די לעצטע צייט, ניט געשריבען. ס'איז ניטאָ קיין איין אָבגעריבענע מטבע, קיין איין אויסדרוק, וועלכער זאָל שוין זיין אָבגעבלאַקירט פון לאַנגען ניצען. אי די קאָמבינאַציע פון די ווערטער, אי די בילדער, אי די שטימונג — אַלצדינג איז ניט אַזוי, ווי דער געוועהנליכער שאַבלאָן. אַ „רעאַליסט“ קען זיך אנטשעפּען און פרעגען שאלות אָהן אַ שיעור. ווי איז דאָס מעגליך, אַז אימיצער זאָל שוין זיין אבגעגאַנגען פון דעם וואַסער און זיין בילד זאָל זיך נאָך אַלץ אָפּשפּיגלען אין דער אויבערפלאַך? ווי איז דאָס מעגליך, אַז אַ יתום־קלאַנג זאָל זיך „אויפטהויען“? און וואָס איז דאָס גלאַט פאַר אַ ווערטער „ציטער־בילד“, „אויפטהויען“? ווער געברויכט דאָס אַזוינע אויסדריקע? וואָס פאַר אַ סמיכת הפרשיות איז פאַראַן צווישען אַט די אָבגע־

האַקטע, אבגעזונדערטע „פיער שטימען“? און פאַר וואָס עפּעס „פיער שטימען“ און ניט „פיער קאַפּיטלען“ אָדער „פיער סטראָפען“? און וואָס איז דאָס עפּעס פאַר אַ „וויין“ און „זון“? וועלכען וויין און וועלכע זון מיינט דאָ דער שרייבער?

הכלל, קשיות קען מען פרעגען גענוג (אין ראָזענפעלד'ס ליעדער איז פאַר אַזוינע קשיות ניטאָ קיין פּלאַץ). דער תירוץ קען נאָר זיין איינער: לייענט, וועט איהר דערשפּירען די שעהנקייט און די זאַנפטהייט פון די בילדער, וועט איך בעצויבערען די מוזיק פון די ווערטער, וועט איהר דערפיהלען דעם צאַרטען הויך, וואָס שוועבט ארום די ווערטער, ווי אַ קרוין פון דינגע, קוים זיכטבאַרע שטראַהלען ארום אַן עדעלען קאָפּ. וועט בעריהרען די סטרונעס פון אייער הארצען די שטימונג פון דער ליעד — איז גוט, ווען ניט — איז דאָס ליעד פאַר אייך טויט (גיכער: איהר זייט טויט פאַר דעם ליעד), און קיין שום טייטעל פון 10 בעהעלפער וועט אייך ניט העלפען, אז איהר זאָלט דאָ בעקומען אַ עסטעטישען גענוס.

דערמיט זיינען מיר געקומען צום שווערסטען און וויכטיגסטען פונקט פון דעם פּראָבלעם. מען קען פרעגען אַזוי: וואָס פאַר אַ רעכט האָט דער קינסטלער צו געברויכען אַזוינע מיטלען, וועגען וועלכע ער ווייסט לכתחילה אז זיי וועלען דעם פּובליקום (אפילו דעם געבילדעטען פּובליקום!) זיין פרעמד? די פאָרם איז ניט מעהר ווי אַ דיענערין צום אינהאַלט, אַ כלי, אין וועלכער עס גיעסען זיך אריין די שעפּפונגען פון מענשליכען גייסט. וואָס זשע פאַר אַ העזה האָט די פאָרם ארויסצושטעלען איהרע אייגענע אויפגאַבען און דערמיט מאַכען אַ תהו־ובוהו אין דער קונסט?

די פראַגען ווערען אויך געשטעלט אין אונזער ליטעראַרישער קריטיק.

---

## III.

## „איך פערשטעה ניט“.

עס איז אַ כלל, אז יעדער מענש איז איינגעשלאָסען אין די ראהמען פון זיין אייגענער פּסיחיק און קען פון זיי ניט ארויס. יע־

דער איינציגער קען נאָר זיין אייגענע פּסיחישע וועלט. איבער־שפּרינגען אין יענעמ'ס פּסיחיק און דירעקט ערפאַהרען, וואָס דאָרט טהוט זיך, איז פאַר דעם מענשען אונמעגליך. דעריין איז איינע פון די גרעסטע אונטערשיעדען צווישען דער פּסיחישער און פיזישער וועלט. די פיזישע וועלט איז פאַר מיר אונמיטעלבאַר פאַ־ראַן (זי איז מיר „אונמיטעלבאַר געגעבען“, ווי עס דריקען זיך אויס די פילאָזאָפען). דעם באַרג קען איך זעהן מיט מיינע אייגענע אויגען, דעם בוים קען איך זעהן, איהם אָנטאַפּען מיט די הענד. יענעמ'ס פרייד קען איך ניט זעהן, יענעמ'ס טרויער קען איך ניט אָנטאַפּען מיט די הענד. איך קען נאָר זעהן, ווי זיין פּנים ענדערט זיך אונטער דער ווירקונג פון דער פרייד אָדער דעם טרויער. איך קען נאָר הערען ווי ער לאַכט אָדער ער וויינט (דאָס געלעכטער אָדער דאָס געוויין זיינען נאָר דער אויסווייניגסטער אויסדרוק פון זיינע געפיהלען, ניט זיינע געפיהלען אליין). איך קען הערען זיינע רייד, אין וועלכע ער וועט מיר דערצעהלען, וואָס ער פיהלט. נאָר דורך אויסווייניגסטע סמנים קען איך מיר שאַפען אַ פאָרשטעלונג וועגען יענעמ'ס פּסיחישער וועלט. די פאָר־שטעלונג שאַף איך מיר אויך נאָר לויט דעם מוסטער פון מיין איי־גענער פּסיחיק. איך קען מיין אייגען געפיהל פון צאָרן, למשל, — שטעל איך מיר פאָר, אַז ווען איינער איז אין כעס, פיהלט ער דאָס אייגענע וואָס איך. ביי מיר איז דאָס געפיהל פון בענקען אַזוי און אַזוי, שטעל איך מיר פאָר, אַז דאָס וואָס אַן אַנדערער רופט „בענקען“, און פונקט דאָס אייגענע ווי ביי מיר. צי איז דאָס טאַקע אין דער אמת'ן פונקט אַזוי — וועגען דעם קען מען ניט וויסען, וואָרים יעדער קען נאָר איין פּסיחיק, זיין אייגענע. ער איז אין איהרע דלד אמות איינגעשפּאַרט און קען זיי ניט אריבערשפּאַנען אויף קיין פאַל.

דערפון איז געדרונגען, אַז ווען אימיצער דערצעהלט, וואָס עס טהוט זיך ביי איהם אין דער נשמה, קען ער איבערהויפּט ניט זיין זיכער, אַז אַלע אַנדערע וועלען איהם פערשטעהן. ווען איינער וועט קומען און זאָגען: דאָס און דאָס קען איך מיר ניט פאָר־שטעלען, איז אונמעגליך איהם צו העלפען אין דיעזען פּרט. און דאָס איז אַזוי ניט נאָר בנוגע צו פאָרשטעלונגען: אין דעם פּרט

פון לאָגישע בעווייזע איז דאָס אויך ניט בעסער. ווען איינער דער־ווייזט עפּעס מיט לאָגישע ראיות, איין בעוויז נאָכ'ן צווייטען, איינס געקניפּט אָן דעם צווייטען, ווי די רינגען פון א קייט, און אָן אנדערער וועט קומען און זאָגען: פאַר מיר איז די לאָגיק ניט קיין ראיה, — האָט יענער קיין שום מיטלען צו איבערצייגען איהם, א חוץ ווידער די זעלבינע לאָגיק.

נאָר מיר וועלען דאָ בלייבען אין'ם געביט פון פאַרשטעל־לונגען און בילדער, ניט פון לאָגישע בעווייזע. אָן וואָס פאַר א פי־לאָזאָפישע סיסטעם מען זאָל זיך ניט האַלטען, מוז מען דאָך אנערקענען, אַז דער דיכטער, ווי איבערהויפּט יעדער קינסטלער, נעהמט דעם שטאָף פאַר זיינע שעפּפונגען פון זיין איי־גענער נשמה. ווי דער שטאָף איז געקומען אין זיין נשמה און צו איז ער איבערהויפּט געקומען אהינצו פון דער אויסען וועלט — וועגען דעם וועלען פערשיעדענע פילאָזאָפישע ריכטונגען האָ־בען יעדע א בעזונדער מיינונג. אלע וועלען אָבער מוזען אנער־קענען, אַז דאָס, וואָס דער קינסטלער שאפט, איז דורכגע־גאַנגען דורך זיין נשמה, אַז דער לעצטער קוואַל פון זיין שעפּפונג איז זיין אייגענער גייסט.

אויב אזוי זיינען פּרינציפּעל אי דער „דעקאדענט“, אי דער „ניט דעקאדענט“ אוועקגעשטעלט אין דער זעלביגער לאגע. דער אויסגעשפּראָכענער ניט־דעקאדענט, דער הארבער „רעאליסט“ קען ניט זיין זיכער, אַז מען וועט ניט קומען און מען וועט איהם ניט זאָגען: דאָס וואָס דו שרייבסט אונז, איז אונז פרעמד, דאָס וואָס דו שילדערסט, קענען מיר זיך ניט פאָרשטעלען, דיינע בילדער געפינען ניט קיין אָפּקלאנג אין אונזער נשמה. וואָס וועט בליי־בען דעם קינסטלער צו ענטפערען אין אזאַ פאַל? וועט ער דען ניט זיין גערעכט, אויב ער וועט זאָגען: איך קען ניט אַנדערש, איך קען ניט ארויס פון מיין אייגענער הויט און נאָך ווייניגער פון מיין אייגענער נשמה; איך שרייב און איך מאָהל, ווי איך זעה, און צופּאסען זיך צו א י י ע ר ענטוויקלונגס־שטופע איז מיר אונמעגליך, ווען אפילו איך זאָל דאָס וועלען? איז דען דאָס ניט דער גרונד פון דער מערקווירדיגער ערשיינונג, וואָס אין פערשיעדענע דורות, ביי אויסערסט פערשיעדענע לעבענס־בעדינ־

גונגען לאָזט זיך הערען פונ'ם לאַגער פון די פּאָעטען אַלע מאָל אויף דאָס ניי דער זעלביגער אויסרוף:

— אוועק'ט, עם הארצים! — Procul este profani

אין דער ווירקליכקייט איז די גאַנצע מעשה נישט אַזוי טראַגיש, ווי זי זעהט אויס פּרינציפּיעל. אפילו די דיכטער וואָס זיינען פעסט איבערצייגט, אַז זיי זיינען די אויסדערוועהלסטע און האָבען דאָס רעכט צו קוקען אויף דעם איבעריגען עולם, ווי אויף אַ טעמפּען המון, האָבען סוף כל סוף געשריבען ניט פאר זיך, נאָר פאר די לעזער, און אין אַלע צייטען האָט זיך געפונען אַ טהייל פּובליקום וואָס האָט פערשטאַנען אָדער געזוכט צו פערשטעהן זייערע ווערק. אַז דער קינסטלער און דאָס פּובליקום זאָלען אַ ב ס אָ ל ו ט ניט פערשטעהן איינער דעם צווייטען — אַזוינע פאַלען זיינען אין דער קונסט־געשיכטע ניט בעקאַנט. אַ געוויסער גראַד פון געמיינזאַמע פּאַרשטעלונגען און געמיינזאַמע שטימונגען איז צווישען זיי שטענדיג פאראַן. און עס איז אַ מערקווירדיגע איראָניע פון דער געשיכטע, וואָס פיעלע פּערזאָנען, וואָס האָבען זיך אין זייער צייט געהאַלטען פאר די „בחירים" און געשאָטען פּעך און שוועבעל אויפ'ן עם הארץ'שען „המון", ווערען שפּעטער מיט יאָהרען געדרוקט אין כרעסטאָמאַטיעס (לעזע־ביכער) פאר קינדער און ווערען געלערענט אויף אויסוועניג אין אַלע שולען *) — דער בעסטער בעוויז, וואָס פאר אַ פּאָרטשריט עס מאַכט די ענטוויקלונג פון דער מענשליכער פּסיחיק.

דער אונטערשיעד צווישען מאָדערניסטען און ניט־מאָדערניסטען איז אַלזאָ ניט קיין פּרינציפּיעלער. ביידע שעפּען פון זייער אייגענער פּסיחיק, ביידע קענען ניט האָבען די אַבסאָלוטע זיכערהייט, אַז זייערע שעפּפונגען וועלען זיין נאָהענט און פערשטענדליך דעם עולם, און ועל כלם — ביידע קענען ניט זיין אַנדערש, ווי זיי זיינען, ווייל יעדער דיכטער איז אַ וועלט פאר זיך. אַ וועלט, פּרינציפּיעל אָבגעזונדערט פון אַלע אַנדערע וועלטען. דער אונטערשיעד צווישען זיי איז נאָר אַ רעלאַטיווער. די זעלבע ער־

*) דערמאָנט זיך כאָטש אָן דעם רוסישען פּושקין.

שיינונג טרעט ארויס ביי איינעם אין אַ גרעסערען גראַד, ביי איינעם איז זי ווייניג צו בעמערקען, אָבער די ערשיינונג גופא — דאָס „ניט פערשטעהן“, אָדער, ריכטיגער, דאָס ניט פערשטעהן ביז'ן סוף, בלייבט ביי אַלעמען. זי איז אונפערמיידליך, ווייל זי איז דער סמן פון וואקסען, פון ענטוויקלונג אין דער געזעלשאַפט.

די ליטעראטור איז געשאַפען פאַר'ן לעזער, ניט דער לע־זער פאַר דער ליטעראטור? געוויס, פון שטאַנדפּונקט פון דעם לעזער, ד. ה., פון דער געזעלשאַפט, איז דאָס ריכטיג, און אפילו פון שטאַנדפּונקט פון פּאָעט קען דאָס אויך אנדערש ניט זיין, אויב ער וויל נאָר זיין פריי פון ווידערשפּרעכען. אָבער טאַקע דערפאַר, ווייל די ליטעראטור איז געשאַפען פאַר'ן לעזער, און ווייל דער לעזער האַלט זיך אין איין ענטוויקלען, דעריבער מוז די ליטע־ראטור זוכען נייע וועגען, און וואָס דייטליכער זי פערשטעהט דאָס, דאָס בעסער איז גאַראַנטירט איהר ענטוויקלונג.

איך עפען אויף דוד פּינסקי'ס ווערק, און געפין דאָרט אַ בע־שרייבונג פון אַ שנעע־שטורעם:

„דער פראָסט קנאַקט און ברענט. אַ שטאַרקער ווינד בלאָזט און הויבט פון דער ערד אַ שנעענעם שטויב, טראָגט און דרעהט איהם אין דער לופט און שמייסט די דורכגעהער אין פּנים אריין. עס פערכאַפּט ביי זיי דער אָטהעם. דער שנעע־שטורעם שניידט שרעקליך אין געזיכט“. *)

דוד פּינסקי איז אַן אויסגעצייכענטער קינסטלער, אַ רעאַליסט אין דעם בעסטען זין פון דעם וואָרט. און פונדעסטוועגען מוז מען זאָגען, אַז אַזוינע שילדערונגען בעפריעדיגען שוין ניט היינטיגע צייטען דעם ענטוויקעלטען לעזער. איך מיין ניט דערמיט צו קריטיקירען דעם אינהאַלט פון פּינסקי'ס ערצעהלונג. איך נעהם נאָר די שילדערונג אַלס אַזעלכע.

איך גופא, ווען איך לייען אַזוינע בעשרייבונגען, ווערט מיר איינפאַך צו לאַנג די צייט. איך פרעג זיך: צו וואָס זאָל איך דאָס לעזען? זאָג מיר איין וואָרט: „שנעע־שטורעם“ אָדער „זאַווע־רוכע“, וועל איך שוין אליין וויסען, אַז עס איז קאַלט אין דרויסען.

*) „חיים משרת“, געשריבען 1894.

אז עס בלאָזט א ווינד, אז דער שנעע ליגט ניט אויף אַן אָרט, נאָר ער דרעהט זיך אין דער לופטען און ממילא שמייסט ער אין פּנים, ווען אימיצער געהט אין גאַס, און אַז עס שמייסט אין פּנים טהוט ממילא וועה און עס פערכאַפּט דעם אָטהעם. דאָס ווייס איך אַליין, דאָס דאַרף מען מיר ניט צוקייען!

און געוויס בין איך ניט דער איינציגער לעזער, וועלכער קען ניט צופריעדען זיין מיט אַזאַ אַרט שרייבען. מען דאַרף האָבען נאָר אַ שטיקעלע פאַנטאַזיע און כאָטש וויפיעל ניט איז זיין אָנגעליינט אין ליטעראַרישע ווערק, אַז מען זאָל שוין פערלאַנגען פון שרייבער עפּעס נייעס. גיב מיר די זאַוועראָכע גופא. שרייב מיר אַזוי, אַז איך ז אָ ל ד ע ר פ י ה ל ע ן, ווי דער שנעע שמייסט מיר אין פּנים אַריין, איך זאָל ד ע ר ה ע ר ע ן ווי עס וואָיעט דער ווינד, איך זאָל א י ב ע ר ל ע ב ע ן דעם שטורעם. ניט נאָר איהם פאַרשטעלען זיך אין געדאַנק! שרייב אַזוי, אַז עס זאָל מיר ע ר ג ר י י פ ע ן, ניט נאָר עס זאָל מיר דערמאַנען אַז דעם שטורעם, וואָס איך האָב אַמאָל געזעהן.

דאָס איז ניט קיין טעמפּקייט פון די אָבגעשוואַכטע נערוועןּ, ווי איינציגע ווילען דאָס אויסטייטשען. דאָס איז ניט קיין לוקסוס, קיין בעדערפעניש צו „קיצלען דעם גומען“, ווי אַ שאַרפזיניגער קריטיקער האָט זיך איינמאָל אויסגעדריקט. דאָס איז אַ גרונד־בעדערפעניש פון דעם מאָדערנעם אינטעליגענטען לעזער. און אויב דער געגנוס פון שעהנער ליטעראַטור האָט אַ ווערטה פאַר זיך אין דער סומע פון גייסטיגען לעבען פון דער מענשהייט, איז די פאָדערונג: „שרייב אַזוי, אַז ס'זאָל מיר פערשאַפען געגנוס“ — געוויס אַ בערעכטיגטע קולטורעלע פאָדערונג און ניט קיין קאַפּריז פון אַ „זאַטען בורזשוא“.

און דער מאָדערנער שרייבער, וועלכער האָט אויף אַזאַ נער־ווען־אָרגאַניזאַציע, ווי דער מאָדערנער לעזער, זוכט צו בעפריעדיגען די דאָזיגע בעדערפעניש. ווי וועט ער מיר שילדערען דעם שנעע־שטורעם, דאָס ווענדעט זיך אָן דער אינדיווידואַליטעט פון יעדען איינצעלנעם. איינער וועט דערצעהלען, אַז אַ שוואַרץ־גראָהע חיה האָט אָנגעפילט די וועלט פון דער ערד ביז הימעל און געאָטהעמט מיט אַ קאַלטען אָטהעם, און געשפּיען מיט פראָסטיגע פונקען.

אן אנדערער וועט מאכען א קריעג צווישען הימל און ערד און וועט הייסען זיי זיך ראנגלען אין דער פינסטער מיט זייערע מעכטיגע ארעמס, און נאך איינער וועט געפינען אין דעם געזאנג פון דעם ווינד א בעזונדערע מעלאָדיע און וועט אונז פערזיכערען, אז ער הערט, ווי איין שנייעלע רייבט זיך אָן דעם צווייטען, און ווי פון אָט די קלאנגען ווערט געבוירען א שטורעם־געזאנג, וואָס מאכט ציטערען דאס הארץ פון דער וועלט. — דאָס איז שוין א זייטיגע פראגע. די ביישפּיעלען זיינען דאָ ניט וויכטיג. דער עיקר איז, אז דער דיכטער וועט ניט קענען בלייבען ביים אלגעמיין־בעקאנ־טען און אלגעמיין־אנערקענטען. ער וועט זוכען נייע וועגען אויף איבערצוגעבען די שטורעם־שטימונג. ער וועט זוכען מיט דער שפּראך גופא איבערצוגעבען די מוזיק פון דעם שנעע־שטורעם.

ניט אַלע וועלען איהם פערשטעהן? געוויס, און פאר אלעמען די קריטיקער פון מאדערניזם. ווארים ווען זיי וואָלטען פערשטאנען וואָלטען זיי ניט געהאט וואָס צו קריטיקירען. עס וועלען איהם ניט פערשטעהן די, וועלכע האָבען בכלל ווייניג פאנטאזיע, ווייניג פעהיגקייטען צו תופס זיין די שעהנקייט פון פּאָעטישע ווערק. עס וועלען איהם ניט פערשטעהן די, וועלכע זוכען אין פּאָעזיע אן אָב־רוה, א מין קאָנפעטקע, וואָס עס צוגעהט אליין אין מויל — מען דארף אפילו ניט קייען; עס וועלען איהם ניט פערשטעהן די, וועלכע האָבען אַן אינערטע, ניט ריהרעוודיגע נאטור און זיינען ניט מסוגל אויפצונעהמען עפּעס נייעס. עס וועלען איהם, ענדליך, ניט פערשטעהן די, וועלכע זיינען צו־ווייט פון איהם אין זייערע שטימונגען און אין זייער וועלט־אנשויאונג. מיר אלע געדענקען נאָך, וואָס פאר א בעדויערונגס־שמייכעל עס פלעגען ארויסרופען ביי אונזערע עלטערען אונזערע לשון־קדוש'דיגע און רוסישע השכלה־ביכלעך. אידען, וואָס האָבען זיך ערצויגען אויף דער תלמוד'יסטי־שער ליטעראטור און זיינען געווען אריינגעטהאָן ראשם ורבם אין דער אלטער וועלט־אנשויאונג, האָבען ניט געקענט פערשטעהן, וואָס פאר א שעהנקייט איז דאָ אין דער שילדערונג פון א וואלד מיט א פעלד, מיט שיקסעס, וואָס שניידען גראָז, מיט קעלבלעך און פערדלאך, וואָס לויפען ארום פעררייסען דעם עק. „פרא־אדמ'ס", —פלעג איך הערען ניט איין מאָל אינגעלווייז פון אזעלכע אידען.

— „מען לייענט און מען געפינט פערגעניגען אין אזוינע פּוסטע און נאַרישע זאכען. דאָס איז דאָך מעשיות פאר קינדער אָדער שוטים, ניט פאר קיין דערוואַקסענע מענשען". אונזערע טאַטעס האָבען ביי זייער בעסטען ווילען ניט געקענט פערשטעהן די נייַ־מאָדישע פּאָעזיע. אין אזאַ לאגע געפינען זיך איצט פיעלע בנוגע צו דער מאדערנער ליטעראטור. אי די, אי יענע זיינען פעסט איבערצייגט אַז זיי זיינען גערעכט.

וואָס קען זיי ענטפערען דער מאדערניסטישער שרייבער? אויב איהר פערשטעהט מיך ניט, טאָ זוכט אייך אזוינע, וואָס איהר פערשטעהט זיי יא. נאָר האָט צו מיר ניט קיין טענות און שרייט ניט, אַז איך האָב קיין רעכט ניט צו שרייבען אזוי ווי איך שרייב. אין אייער ניט פערשטעהן איז שולדיג ניט מיין ארט שרייבען, נאָר אייערע געוואָהנהייטען, אייער פּסיחישע ענטוויקלונג. פּרובּט זיך געוויסענהאפט שטודירען מיין ווערק, פּרובּט זיך אריינלעבען אין דעם וואָס איך שרייב, פּרובּט ארבייטען איבער זיך, וועלען זיך אייך געוויס עפענען קוואלען פון עסטעטישען גענוס. ווילט איהר דאָס ניט, טאָ געהט אייך געזונטערהייד, לאָזט מיך צורוה. איך שרייב פאר אזוינע לעזער, וועלכע ווילען מיך פערשטעהן און פער־שטעהען מיך. וואָלט אזוינע אויף דער וועלט ניט געווען, וואָלט איך סיי ווי סיי ניט געשריבען — עס וואָלט ניט געהאט קיין שום זין.

„פאר מיר און פאר אזוינע ווי איך איז דאָס ניט פערשטענד־ליך" — דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס עס דאַרפען זאָגען די, וועלכע פערשטעהען ניט אַ מאדערניסטיש ווערק. דערמיט אַליין איז שוין געגעבען די אנערקענונג, אז אנדערע פערשטעהען דאָס יא, און פאר אַלעמען איז אין דעם זאַץ פאראַן אַ ווארנונג: ניט לאַכען! ווארים לאַכען פון דעם וואָס מען פערשטעהט ניט איז אַ מדה פון אונקולטורעלע מענשען.

ס'איז אָבער, צום בעדויערען, אין געוויסע קרייזען פון אונזער ליטעראטור פערשפּרייט די מאָדע צו קוקען אויף די מאדערניסטען און אויף זייערע לעזער, ווי אויף האַלבע משוגעים. איהר וועט ניט זעלטען הערען, ווי מען וויצעלט זיך איבער די „גרינע קרעכצען" און די „בלאָהע זיפצען" פון די דעקאַדענטען, איבער זייערע

„חלומות“ און זייער „בענקען“. יעדערער פיהלט זיך בערופען צו קריטיקירען, און די הויפּט־טענה איז שטענדיג: „איך פערשטעה ניט“.

די ווערטה פון אזוינע טענות איז קלאָהר פון דעם, וואָס מיר האָבען געשריבען ביז אהער. די, וועלכע טענה'ן דאָס, זיינען גע־גליכען צו קליינשטעדטעלדיגע איינוואָהנער, וועלכע טייטלען מיט די פינגער אויף אַ פרעמדען, אויב ער געהט ניט געקליידעט אזוי ווי מ'איז זיך נוהג צו קליידען ביי זיי אָדער זיינע זיטען זיינען ניט גלייך צו זייערע שטעדטעלדיגע זיטען. אזוינע „קריטיקער“ ווי־לען ניט אַנערקענען די גרויסע מעגליכקייטען, וועלכע ליגען בע־האַלטען אין דער מענשליכער פּסיחיק, און די גרויסע פערשיעדענ־הייט פון איהרע ערשיינונגען ביי פערשיעדענע מענשען. זיי האָ־בען זיך זייער אַלט־פרענקישע מאס, זייער אַלט־פרענקישען קאָ־דעקס פון קונסט. וואָס ס'פּאַסט ניט צו דער מאָס, דאָס איז טריף, דאָס דאַרף מען אַריינלעגען אין חרם.

„איך פערשטעה ניט“... פאַראַן די גרויסע בילדער פון דעם גרויסען דייטשען מאהלער ב ע ק ל י ן. איך ווייס ניט צו וואָס פאַר אַ קאַטעגאָריע ס'וועלען איהם צורעכענען די „קריטיקער“: צי צו די „סימבאָליסטען“, צי צו די „דעקאַדענטען“, צי צו די „ראָ־מאַנטיקער“, צי אפשר צו זיי אַלע אינאיינעם. איינס ווייס איך: ער האָט געמאָהלט אזוי, אַז ניט „אַלע“ קענען איהם פערשטעהן. פאַראַן אַ בילד ביי איהם, וואו ער וויל פאָרשטעלען די פייערליכע, מיט שטילען פּחד בעפאַרבטע געפיהלען, וועלכע פערכאַפּען אַ מענשען ווען ער איז אליין אין אַ געדיכטען וואַלד. אויפ'ן בילד זעהט איהר פערפלאָנטערטע צווייגען, אויסגעדרעהטע משונה'דיגע וואָרצלען, עפּעס בלאָהליכע בלעטער, אַ בלאָהליכען שימער, אַלעס אונקלאָהר פערוויקעלט, און פאָרענט, אויף איינער פון די צוויי־גען — אַ בלאַסע יונגע פרוי אין ווייסע קליידער מיט אַ טיעפען טרויער אין די אויגען. איהר קוקט זיך איין אין דעם בילד — און איהר פערגעסט ביסלעכוויז, וואו איהר זייט, ערגעץ האָט מען אייך אַריבערגעטראָגען אין אַ נייע לאַנד, אַז אַנדער וועלט לעבט אויף פאַר אייערע אויגען אין אַ צויבער ליכט. דאָס האַרץ קלאַפּט... דער וואַלד אָטהעמט אויף אייך מיט זיין איינזאַמקייט, די בוימער

שטעהען אונבעוועגליך און פערבאָרגען צווישען זיך אַ שטילען סוד. דער שטילער אומעט ציהט אויס זיינע אונזיכטבאַרע פאַדים פון שטאם צו שטאם. און אונטען ריהרען זיך עפּעס וואונדערבאַרע פינסטערע בעשעפּעניסען און וויקלען זיך און הויבען צום הימעל זייערע בלינדע קעפּ...

פיהרט צו צו דעם בילד איינעם פון אונזערע „קריטיקער“ און פרעגט איהם, וואס פאַר אַן איינדרוק עס האָט אויף איהם געמאַכט. איהר קענט זיין זיכער, אַז ער וועט דאָס בילד „קרי־טיקירען“. ניטאָ אַזוינע בוימער, ניטאָ אַזוינע פאַרבען אין די וועלדער. ניטאָ אין דער וואַלד־איינזאַמקייט קיין בלאַסע פּרויען. ס'איז אַלצדינג אויסגעטראַכט. ס'איז ניט אַלגעמיין־פערשטענדליך. עס טויג ניט...

וואָס קען מען ענטפערען אויף אַזוינע טענות?

עס וועט אפשר אַזוינע „קריטיקער“ זיין אַ נייעס צו הערען אַז ניט די קינסטלער מאַכען נאָך די נאַטור, נאָר די נאַטור איז געוויסערמאַסען נאָכגעמאַכט נאָכ'ן מוסטער פון די קינסטלער. דאָס איז אַ פּאַראַדאָקס, אויב מען מיינט די נאַטור, ו ו י ז י א י ז אָ ב י ע ק ט י ו ו. דאָס ווערט אָבער אַ גרויסער אמת ווי באַלד מיר פערשטעהען אונטער נאַטור דאָס, וואָס מיר זעהען אין איהר. דאָ זיינען די קינסטלער אונזערע וועג־ווייזער, אונזערע לעהרער. מיר קוקען אויף דער נאַטור אַזוי, ווי ס'האָבען אונז אויסגעלערענט די פּאָעטען, די מאַהלער, די סקולפּטאָרען. מיר זעהען אין איהר דאָס, וואָס די קינסטלער האָבען אין איהר ענט־דעקט. נעהמט אַ מענשען וואָס האָט ניט אויסגעפיינט זיינע גע־פיהלען דורך דעם לעזען פון פּאָעטישע ווערק, ניט אויסגעאַרבייט דאָס אויג צו קענען זעהן און פערשטעהן געמאַהלטע בילדער, שטעלט אַוועק אַזאַ מענשען פאַר די שעהנסטע פּאַנאָראַמען פון דער נאַטור, פאַר די פּראַכטפּאָלסטע פּייזאַזשען: איהר מעגט זיין זיכער, אַז ער וועט זעהן אַ סך ווייניגער, איידער דער אינטעליגענטער מענש. דעריבער קענען אונגעבילדעטע רייזענדע (מאַטראָסען, סאָלדאַטען) אַזוי ווייניג דערצעהלען וועגען די פרעמדע לענדער, וועלכע זיי האָבען געזעהן. און ווידער צוריק אין מסתמא יעדען פון אונז אויסגעקומען הערען, ווי אונזערע בעקאַנטע, דערזעהענדיג אַ שעה־

נעם לאַנדשאַפט, זאָגען מיט ענטציקונג: „זעהט, ווי שעהן! פּונקט ווי אויף אַ בילד!“

וואָס ס'איז ריכטיג בנוגע צו דער אויסוויינינגסטער נאַטור, דאָס איז אויך ריכטיג בנוגע צו דער וועלט פון אינערע איבער־לעבונגען. דורך בילדונג, דורך שטודירען קונסט־ווערק ענטדעקען מיר אין זיך אַזוינע איבערלעבונגען, וועלכע זיינען אונז פריהער ניט געווען בעקאַנט. מיר מאַכען רייכער אונזער פּסיכישע וועלט. מיר לערנען זיך ביי די קינסטלער. כדי אָבער צו לערנען זיך ביי דער קונסט, איז נויטיג, אַז זי זאָל געהן אלע מאָל ווייטער, זי זאָל אליין אויך רייכער ווערען אי אין פאָרם, אי אין אינהאַלט.

---

מיר האָבען ביז אהער געפיהרט די בעווייזע אַזוי, אַקוראַט ווי די פאָרם איז אונאָבהענגינג פון דעם אינהאַלט. מיר האָבען בכיון אָבגעטהיילט די דאָזיגע צוויי זייטען פון אַ קונסט־ווערק, וועלכע זיינען אין דער ווירקליכקייט ניט אָבצוזאָנדערען איינס פון צוויי־טען: מיר האָבען מעהר אונטערגעשטריכען די פ אָ ר ם פון דער מאָדערניסטישער ליטעראַטור, ווארים אויף איהר פאַלען דער גרעסטער טהייל פיילען פון דער קריטיק. עס איז ריכטיג, אַז אַ גרויסער טהייל אינהאַלט בלייבט אונפערענדערט אין דער אַל־וועלטליכער קונסט, און ווערט נאָר ביי יעדען דור איבערגעאַר־בייט אויף אַן אַנדער אופן. עס איז אָבער אויך ריכטיג, אַז די קונסט ווערט אלע מאָל רייכער מיט נייע מאָטיווען. די דאָזיגע מאָטיווען מוזען ווערען אויסגעגאָסען אין אַ נייער פאָרם. די פאָרם ווערט דאָ בעשטימט דורך דעם אינהאַלט, און ווידער מאַכט די נייע פאָרם מעגליך דעם נייעם אינהאַלט.

ווענען דעם — אין פאָלגענדען קאַפּיטעל. דאָ וויל איך נאָר אָנווייזען אויף אייניגע פּרטים. ווען מען נעהמט זיך קריטיקירען דעם מאָדערניזם, איז מען זיך נוהג ארויסצושטעלען די ערגסטע שרייבער אין דער ריכטונג, די קליינע ניט טאַלאַנטפאָלע נאָכ־טענצער נאָך די גרויסע. די דאָזיגע שלעכטע מדה וואָלט שוין צייט געווען צו פערלאָזען. ווען איינער וואָלט געוואָלט כאַראַקטע־ריזירען די רעאַליסטישע ריכטונג, וואָלט ער ניט גענומען דעם

שרייבער פון גאס־ראָמאנען, נאָר די טיפּישע, אַנערקענטע, טאַ־לאַנטפאלע שרייבער. מיט די „דעקאדענטען" איז מען זיך אָבער נוהג ווי די אַנטיסעמיטען מיט די אידען: אַלע אידען זיינען שולדיג פאר די חטאים פון אַ יחיד, און אַלע דעקאדענטען, דער גאנצער מאָדערניזם, איז שולדיג פאר די אונגעראָטענע שטיק פון אַ ליאדרע קאַליקע, וועלכער מאַכט נאָך די דעקאדענטען.

דעם אויסדרוק „דעקאדענטיזם", „דעקאדענט", אַלס אַן אויס־דרוק אַ פּאָלעמישען, וועלכער זאָגט גאָר ניט וועגען דער עצם ער־שיינונג, וואָלט שוין אויך געווען צייט איבערצוגעבען אין ארכיוו. אפילו פאר פּאָלעמישע ציעלען, שוין ניט רעדען וועגען אנדערע, איז אַ סך פּאַסיגער דאָס וואָרט „מאָדערניזם", וועלכעס בעדייט — די שטרעבונג צו נייעס אין ליטעראטור און אין קונסט.

און נאָך איינס. קיינער וויל ניט אָפּנעהמען ביי די ניט־דע־קאַדענטען דאָס רעכט צו עקזיסטירען. יעדע ריכטונג איז אין גע־וויסע בעציהונגען נויטוועגדיג, יעדע האָט איהר ווירקונגס־קרייז. די זיטען־בילדער, ד. ה., בילדער וועלכע שילדערען דאָס לעבען פון אַ געוויסען קרייז מענשען (ווי, למשל, פינסקי'ס ערצעהלונגען פון ארבייטער־לעבען) מוזען זיין געשריבען אויפ'ן רעאַליסטישען ארט. דער זיטען־ראָמאַן איז און דאַרף זיין אַ גלייכבערעכטיגטער מיטגליעד אין דער ליטעראַרישער משפּחה. היינטיגע צייטען איז מען זיך אפילו נוהג צו שרייבען „סטיליזירטע" ווערק, ד. ה., אזוינע, וואו עס ווערט נאָכגעמאכט דער סטיל, די פאָרם, פון אמאָליגע לאנג־פערשוואונדענע צייטען (מיטעל־אַלטער־סטיל, ראָקאָקאָ סטיל). אזוינע ווערק האָבען זייער שעהנקייט און זייער ווערטה, און קיינער וויל דאָס ניט לייקענען. נאָר לאָזען די אַנהענגער פון אזוינע ריכטונגען ניט רעכענען, אַז זיי זיינען דערגאנגען ביז דעם סוף פון אַלע מעגליכקייטען, און אַז יעדערער ווער עס שילדערט און דיכטעט אויף אַ נייעם שטייגער, דער איז פּשוט אראָפּ פון זינען.

---

## IV.

## אינהאַלט און פאָרם.

דאָס מאָדערנע לעבען ווערט אַלץ מאָל מעהר קאָמפּליצירט. אַלע מאָל שנעלער און רעש'דיגער בעוועגען זיך די רעדער פון'ם געזעלשאַפטליכען לעבען, אַלע מאָל פערבּיסענער און ציעל־בעוואוסטער ווערט דער געזעלשאַפטליכער קאַמפּף, אַלע מאָל רייכער די אויסזיכטען, וועלכע עפענען זיך אין דער צוקונפט פאַר די אויגען פון די פאָרווערטס־שטרעבענדע מענשען. האַסטיג לעבט מען היינטיגע יאָהרען. האַסטיג אַרבייט די פּראָדוקציאָן, בעשאַפענדיג אונגעהויערע רייכקייטען, אונענדליכע מעגליכקייטען פון ווייטערער ענטוויקלונג; האַסטיג אַרבייט די וויסענשאַפט, עראָבערענדיג נייע און נייע געביטען פון דער נאַטור און מאַכענדיג זי אונטערטהעניג אונטער די פיס פון דעם מענשען; האַסטיג אַרבייט די מלוכה־מאַשין, שטרעבענדיג איינצוהאַלטען אין איהרע לייצעס די מעכטיגע שטראָמען, וועלכע רייסען זיך מיט געוואַלדיגען כח אין פערשיעדענע ריכטונגען. האַסטיג, אָנגעשפּאַנט, אַרבייטען די פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע גרופּען, בעגייסטערט יעדע מיט איהרע ציעלען און אידעאַלען. און אומעטום, אין אַלע ווינקעלאַך, איז דער מענש — דער טרעגער פון דער אַרבייט. דאָס איז ער — די בעוועגענדע קראַפט אי אין דער פּראָדוקציאָן, אי אין דער וויסענשאַפט, אי אין געזעלשאַפטליכען קאַמפּף. דאָס איז ער — די קליינינקע, אָהנמעכטיגע און דאָך מעכטיגע ספּרוזשינע, וועלכע טרייבט מיט שרעקליכער קראַפט אַט דעם גאַנצען מעכטיגען מעכאַניזם, וועלכען מיר רופען „דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם“.

האַסטיג, רייך, פיעל־פאַרביג איז דער גאַנג פון מענשענ'ס לעבען היינטיגע צייטען. גאַנצע וועלטען פון נייע 'בעגריפען עראָבערען זיך פּלאַץ אין זיין אינטעלעקט. גאַנצע שטראָמען פון נייע געפיהלען פערפלייצען זיין נשמה און שוויינקען אראָפּ דאָס אַמאָליגע, פון לאַנגע דורות איינגעוואָרצעלטע און פעסטע. גאַנצע שטורעמס פון נייע שטימונגען רינגלען איהם אַרום פון אַלע זייטען.

און פערכאפּען איהם אין זייער בעוועגונג. אונענדליך רייכער איז געוואָרען דעם מענשענ'ס פּסיחיק, אונענדליך פּערוויקעלטער און קאָמפּליצירטער. און אויסגעשלייפט ווערט אונזער נשמה אין אַט דעם האסטיגען, פּיעבער־האפטיגען לעבענס־לויף. צאַרטער ווערען איהרע סטרונעס, דינער די עמפּפינדונגען, איידעלער די רייצבאַרקייט. ווי אַ טהייערער פּיעדעל ווערט די נשמה פון דעם מאדערנעם קולטור־מענשען, ווי אַ טהייערער פּיעדעל, וואָס די סטרונעס זיינע רופען זיך אָפּ אויף יעדען בלאָז פון אַ ווינד, אויף יעדען געררויש, אויף יעדען ציטער פון דער לופט — רופען זיך אָב און ציטערען, און קלינגען איינגעהאלטען מיט אַ זאנפטען אַקאָרד.

די קונסט — די מאדערנע קונסט — קען ניט זיין אנדערש, ווי דאָס מאדערנע לעבען. זי זוכט אָבצושפּיעגלען אין זיך די גאנצע פּערשיעדענארטיגקייט פון דעם מאדערנעם מענשען, זי זוכט און געפינט אַ שליסעל צו דעם קדש־קדשים פון זיין נשמה, זי איז אליין אַ לעהרערין און אַ וועג־ווייזערין אין דעם גרויסען לעבענס שטראָם, וואָס ברויזט און רעש'ט ארום און ארום. און זוכענדיג אריינצונעהמען אין זיך דעם גאנצען אינהאלט פון דעם מאדערנעם מענשען, זוכענדיג צו ענטפּערען מיט אַ פריינדליכען אָבקלאנג אויף די אלע פערשיעדענפארביגע טענער פון זיינע שטימונגען און געפיהלען — אויף די אלע נייע עלעמענטען, וואָס פּייערען זייער נצחון אין זיין נשמה, — מוז זי זוכען נייע פאָרמען, נייע מיט־לען, נייע וועגען, מוז זי אריבערשפּאנען די אלטע צוימען, פּער־ווארפען די אלטע מאָסען, פערגרעסערען איהרע מעגליכקייטען אַ סך ווייטער, ווי ס'האָבען אפילו געוואגט צו טרוימען די אלטע קינסטלער.

די נייע פאָרם ווערט דאַ אומבעדינגט נויטיג פאר דעם אינ־האלט, דער נייער אינהאלט קען ניט אריינגעפאַסען ווערען אין די אלטע געפעסען, די אלטע קונסט, די אלטע ליטעראטור האָט פּשוט ניט בכח אויסצודריקען דאָס, וואָס ס'בעוועגט און בעאונרוהיגט דעם היינטיגען מענשען.

פאראן אַ דייטשער מאדערניסט א ל ט ע נ ב ע ר ג. אַ טיפּיש קינד פון דער מאדערנער גרויסער שטאָדט, אַ טיפּישער אינ־

טעליגענט. וואָס ער שרייבט — דאָס פיהלט מעהר אָדער ווענינער יעדער אינטעליגענטער מענש, וואָס איז ענג צוזאמענגעוואקסען מיט דער גרויסער שטאָדט. יעדע צאַרטע בעוועגונג פון דעם מענ־שענ'ס נשמה געפינט אַ זאנפטען אויסדרוק אין זיינע ווערק. ער נעהמט ניט דעם מענשען אין זיין געזעלשאפטליכער ארבייט. ער נעהמט איהם, ווי ער איז אליין, פאר זיך, אין זיינע אינטימסטע בעציהונגען, אין זיינע פריוואטע סימפּאַטיעס און אנטיפּאַטיעס. ניט גרויס זיינען אלטענבערג'ס סקיצען: איין בלעטעל, העכסטענס צוויי־דריי. ניטאָ קיין ענטוויקלונג פון כאראקטערען, ניטאָ קיין לאַנגע, לאַנגווייליגע בעשרייבונגען. דינע, קוים בעמערקבארע לי־ניען, צוויי־דריי שטריכען — און פאַרטיג. און איהר לייענט און איהר פיהלט: דאָס איז אייערס, אייגענס, איהר פיהלט אייער קרובה'שאַפט מיט דעם וואָס איהר לייענט, און איהר ווייסט: אַזוי שרייבען, אַזוי אריינדרינגען אין אייער נשמה, אַזוינס בעמערקען און פערקערפּערען אין אַ פּאָעטישען פּערעל האָט געקענט נאָר אלטענבערג — אלטענבערג דער אייביג גרויס־שטעדטישער בראָדיאַגע, אלטענבערג דער אינטעליגענטער פּראָלעטאַריער, אל־טענבערג דער מאדערניסט.

וואָס כאַראַקטעריזירט דען די מאדערנע ליטעראטור? דאָס וואָס זי וויל רעדען אונמיטעלבאר צו אייער נשמה, דאָס וואָס זי וויל, אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך, אראָבוואַרפען דאָס גשמיות פון דעם ליטעראַרישען ווערק און איבערלאָזען דעם תמצית, דעם תוך, דעם נפש — דאָס וויכטיגסטע און ווערטה־פאָלסטע פון דעם, וואָס דעם דיכטער בעוועגט און בעגייסטערט. דער מאדערנער דיכטער וויל אייך אונמיטעלבאר געבען די נאַ־קעטע מענשליכע נשמה אַזוי, אַז איין נשמה זאָל רעדען צו דער צווייטער. דאָס איז נאָר אַ אידעאַל, דאָס וועט אפשר קיינמאָל ניט פערווירקליכט ווערען, און אפשר איז דאָס אפילו ניט ווינשענס־ווערטה, אַז ער זאָל פערווירקליכט ווערען אין זיין שאַרפסטער פאָרם (דאָס וואָלט געהייסען, אַז די פּאָעזיע ווערט צוגעגלייכט צו דער מוזיק, און דאָס קען זי ניט זיין שוין לויט דעם מאַטעריאַל, פון וועלכען זי בויט איהרע ווערק), אָבער די ריכטונג איז דאָך צוגעפּאַסט צו דעם גאַנצען מאדערנעם קולטור־לעבען, צו די אי־

בערלעבונגען פון היינטיגען קולטור־מענש. אין דעריין איז איהר גרויסע בעדייטונג.

דער מאָדערנער דיכטער נוצט אויס אַלצדינג, וואָס ער קען נאָר, כדי ארויסצורופען די ווירקונג, וועלכע ער ווינשט. די מוזיק פון די ווערטער גופא — דאָס איז איינס פון די וויכטיגסטע מיטלען. וועלכע די אַלטע קונסט־פאָרמען האָבען ניט גענוג הויך געשעצט. דער מאָדערניזם האָט די דיכטערישע שפּראַך אומעטום אויפגע־הויבען אויף אַזאַ הויכע מדרגה, ווייל אין דער שפּראַך גופא, אין דער קאָמבינאַציע פון די ווערטער זעהט ער איינע פון די ווירק־זאַמסטע קינסטלערישע געצייגען. אָבער ניט נאָר אין די ווערטער. די מאָדערנע ליטעראַטור האָט דעם אוצר פון סימבאָלען אונענדליך בערייכערט. די שפּראַך פון דעם מאָדערניסט איז אַ סימבאָלישע שפּראַך. די סימבאָלען דערגרייכען אָפט צו אַזאַ שטופע, אַז זיי ווערען שוין צו אַבסטראַקט. דאָס איז איינער פון די חסרונות. אָבער אין דער זעלבער צייט די גרעסטע מעלה פון דעם מאָדער־ניזם. וואָרים קיין שום ריכטונג איז ניט אַזוי מסוגל צו דער פּאָעטישער שילדערונג פון פילאָזאָפישע שטימונגען און פילאָ־זאָפישע צווייפלען, ווי דער מאָדערניזם. אויב דער מאָדערנער מענש איז פון אַלע זייטען ארומגערינגעלט מיט טויזענדער „פער־שאָלטענע“ פראַגען, אויב ער זוכט צו געפינען אַ ריכטיגען וועג צווישען דעם דאָזיגען פערפלאָנטערטען קנויל, איז די מאָדערנע ליטעראַטור אַם מייסטען צוגעפּאַסט אויסצודריקען זיינע געדאַנ־קען און געפיהלען אָט אין דעם פּראָצעס. דאָס איז איינע פון די אורזאַכען, פאַרוואָס פיעלע קריטיקער שרייען „איך פערשטעה ניט“.

דאָ זיינען מיר צוגעגאַנגען צו נאָך אַ פונקט, וועלכער גיט שטאָף צו זעהר פיעל פּאָלעמיק. די מאָדערנע ליטעראַרישע פאָרם איז אַם בעסטען מסוגל צו אַ פילאָזאָפישען ראָמאַן, איבערהויפּט צו פּאָעטישע בעאַרבייטונג פון פילאָזאָפישע פּראָבלעמען. דער פילאָ־זאָפישער אינדיווידואַליזם פון איין זייט, דער מיסטיציזם פון דער אַנדערער זייט, נוצען אויס די מאָדערניסטישע ליטעראַרישע פאָרם, כדי דורכצופיהרען זייערע פילאָזאָפישע און רעליגיעזע אַנשויאונגען.

ניטשע׳ס „אַלזא שפּראַך זאַראַטוסטראַ“ איז איינס פון די מעכטיגסטע מאָדערניסטישע ווערק, וועלכע זיינען געשריבען גע־

וואָרען אין'ם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט. אויף ניטשע'ס סטעזשקע בעוועגען זיך פיעלע אינדיווידואַליסטיש־געשטימטע ראָמאַניסטען, וועלכע שילדערען דעם „אויבער־מענשען" אַלס אידעאַל. מיסטישע שטימונגען לאָזען זיך אויך אַם בעסטען אויסדריקען אין אַ מאָדער־ניסטישער פאָרם. דאָס האָט געגעבען די געגנער פון מאָדערניזם אַ געלעגענהייט צו ערקלעהרען, אַז ער איז דורכאויס „אינדיווי־דואַליסטיש", „אַנאַרכיסטיש", „ראָמאַנטיש", „מיסטיש" און וועד ווייס וויפיעל נאָך צונעמענישען מען האָט איהם געגעבען וועדליג די אנשויאונגען, וועלכע ווערען דורכגעפיהרט אין מאָדערניסטישע ווערק.

דאָס איז אָבער פאַלש. איך האָב נאָך אין צווייטען קאַפּיטעל אָנגעוויזען, אַז אַזאַ צונויפמישען די פאָרם מיט'ן אינהאַלט פיהרט צו אַן אונריכטיגען שלוס. עס איז בפירוש ניט נויטיג צו זיין אַן אינדיווידואַליסט, אַ מיסטישער אַנאַרכיסט, אָדער אַ רעליגיעזער ראָמאַנטיקער, כדי צו אַנערקענען דעם ווערטה און די קולטורעלע בעדייטונג פון דעם מאָדערניזם אין ליטעראַטור און קונסט. מיט די אַלע אויבענדערמאָנטע ריכטונגען מעג מען ניט זיין איינפער־שטאַנען, אָבער קעמפּפענדיג, קריטיקירענדיג, אַגיטירענדיג, דאַרף מען ניט פערגעסען, אַז מען קעמפּפט געגען א נ ש ו י א ו נ ג ע ן, אָבער ניט געגען דער פאָרם, אין וועלכער דיעזע אַנשויאונגען זיי־נען פערקערפּערט.

איינער פון די שעדליכסטע פאָראורטהיילען, וועלכע האָבען זיך איינגעוואָרצעלט ספּעציעל אין דער פּראָלעטאַרישער אינטעלי־גענץ, איז די מיינונג, אַז אַלצדינג, וואָס ס'איז דעקאַדענטיש, דריקט אויס די פּסיכאָלאָגיע און די שטימונגען פון דער בורזשואזיע. אַז די מאָדערניסטישע ליטעראַטור איז בעשאַפען געוואָרען צו דיע־נען דעם געשמאַק און די בעדערפענישען פון דער „צופּוילטער בורזשואַזער אינטעליגענץ" און אַז דער אַרבייטער־קלאַס איז אין אַזוינע ליטעראַרישע ווערק פעראינטערעסירט נאָר נעגאַטיוו — ד. ה., ער מוז קוקען אויף זיי ווי אויף עפּעס שעדליכעס און זעהן קעמפּפען געגען זיי.

דאָ זיינען אויך איבערגעמישט די פּרשיות. צוזאַמען מיט דער וואַנע שווענקען די דאָזיגע קריטיקער אַרויס דאָס קינד אויך.

צוזאַמען מיט דעם, וואָס געפעלט זיי ניט אין דער נייער ליטעראַ־
טור, זיינען זיי מבטל די גאַנצע ליטעראַטור. די דאָזיגע ערשיי־
נונג זעהען מיר אָפט ביי אונזערע אידישע פּראָלעטאַרישע שרייבער.
עס איז כדאי אויף די מיינונגען זיך אָפּצושטעלען געוויטער.

V.

## „פון פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט"...

פאַראַן דעמאָקראַטיש־פּראָלעטאַרישע פּובליציסטען, וואָס זיי־
נען פּשוט איבערצייגט, אַז די פּאָעזיע פון'ם אַרבייטער קלאַס דאַרף
בעשטעהן אין לויטער קאַמפּפס־ליעדער און קריעגס־מאַרשען. די
ליטעראַטור — אין פּאָפּולערע בעאַרבייטונג פון עקאָנאָמישע און
סאָציאַלע פראַגען, די מוזיק פון דעם גאַנצען אַרבייטער לעבען —
אין פויקען־קלאַפּען און טריט־הילכען פון מאַרשירענדע אַרבייטער
באַטאַליאָנען.

אַ בעקאַנטער אידישער שרייבער האָט אַמאָל געשריבען אין
אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישען אידישען זשורנאַל:

„דער אינטעליגענט גריבעלט זיך אין די סודות פון זיין איי־
גענער נשמה און אין די סודות פון דעם עולם הנשמות און ד'ערמיט
פערטויבט ער די גייסטיגע פּוסטקייט, דערמיט פילט ער אויס דעם
גאַנצען חלל, וואָס ביי איהם איז געבליבען נאָך דער רוסישער רע־
וואָלוציע" (עס רעדט זיך וועגען דער רוסישער און רוסיש־אידישער
אינטעליגענץ).

ביי דעם זעלבען שרייבער לייענען מיר: „עס ווילט זיך
אַביסעל ליגען אויפ'ן ווייכען דיוואַן און פאַנטאַזירען וועגען אַנ־
דערע וועלטען, ניט וועגען דער בלוטיגער ערד".

אַן אַנדער אידישער שרייבער, קריטיקירענדיג די „ליטעראַ־
רישע מאַנאַטשריפטען", שרייבט וועגען דעם טיטעל־בילד מיט אַ
„האַרבער" איראָניע: „די יונגע פרוי איז אַ טימבאָל, אַ בילד
פון „כנסת ישראל", וואָס בענקט נאָך עטוואָס אַזוינס, וואָס מען
קען דאָס ניט אָנטאַפּען, ניט אָנרופען, וואָס לאָזט זיך ניט אויס־

שפּרעכן מיט אַ געוועהנליכער מענשליכער שפּראַך, קורץ, וואָס בענקט נאָך רעקאַדענטיש־סימבאָליסטישער קונסט..." נאָכדעם צעהלט דער שרייבער איבער וויפיעל מאָל דאָס וואָרט „בענקען" בעגעגענט זיך אין דעם זשורנאַל, און געפינט אין פּרץ הירשביין'ס „וואַנדער־טרוימען" ניט ווייניגער ווי צעהן מאָל, אין שלום אש'ס „פּאַלעסטינאַ־רייזע" ווידער צעהן מאָל „בענקען" און „בענקשאַפט", אין אנכי'ס סקיצע פינף מאָל, און א. וו. ער קומט צום שלוס, אַז דאָס איז אַלעס געשריבען ספּעציעל פאַר'ן „בורזשואַזען אינטעליגענט", וועלכער לייענט „אום צו קיצלען דעם עסטעטישען גומען, אָדער פערדייען דאָס עסען, אויסציהענדיג זיך נאָך אַ גוטען מיטאָג אויף דער קושעטקע" (פערגל. אויבען: „אַביסעל ליגען אויפ'ן וייכען דיוואַן"...).

און די שרייבער זיינען טאַקע אמת איבערצייגט, אַז זיי שרייבען פון'ם שטאַנדפּונקט פון פּראָלעטאַריאַט! און זיי מיינען טאַקי, אַז אַלצדינג, וואָס זיי קריטיקירען האָט גאָר קיין שייכות ניט צו דער מאַסע, קעהרט זיך ניט אָן מיט דעם קעמפּפענדען ארבייטער־קלאַס.

„גריבלען זיך אין די סודות פון דער אייגענער נשמה!". דאָס איז, הייסט עס, ספּעציעלע ארבייט פון אַ אינטעליגענט. דער ארבייטער האָט שוין געלעזט אַלע פראַגען, אויפגעדעקט אַלע סודות אי פון זיין אייגענער נשמה, אי פון דעם גאַנצען עולם הנשמות, דערגרונטעוועט אַלע פערשאָלטענע פּראָבלעמען, איבער וועלכע עס מאַטערט זיך די מענשהייט פון טויזענדער יאָהרען. דער ארבייטער אינטערעסירט זיך ניט מיט דעם, וואָס עס טהוט זיך ביי איהם אין דער נשמה. דאָרט איז אַלצדינג פערענטפערט, אַלצדינג קלאָהר און דייטליך, ניטאָ קיין צווייפעל, ניט קיין יאוש, ניט קיין פאַלען און ווידעראויפשטעהן, ניט קיין מאָמענטען פון אָבהענדיגקייט, פון שוואַכקייט, ניט קיין מאָמענטען פון נייער בעגייסטערונג און נייעם פרעהליכען שאַפען. דעם ארבייטער'ס נשמה ווייס ניט פון ליגען דערשלאָגען, צושמעטערט, פון ראַנגלען זיך אין טויטליכען פּיין, פון זוכען און רופען און טרוימען. דאָס איז אַלץ אינטעליגענטע עובדות!

די שרייבער בעמערקען גאַר ניט, אויף וואָס פאַר אַ מדרגה עס שטעהט ביי זיי דער ארבייטער, וואָס פאַר אַ פּנים ער בעקומט אונטער זייער פּען. צוויי הענד צו האַלטען דאָס געוועהר, צוויי פיס צו טראָגען דעם קעמפּפער צום שלאַכט־פעלה, אַ שטיקעל מח צו רעגולירען די ארבייט פון די הענד און די פיס, — דאָס איז ביי זיי דער ארבייטער, דערינען בעשטעהט דער גאַנצער אינהאַלט פון זיין לעבען. דאָס וואָס שמעקט מיט „עטוואָס אזוינס, וואָס מען קען ניט אָנטאַפּען, ניט אָנרופען, וואָס לאָזט זיך ניט אויסשפּרעכען מיט געוועהנליכער מענשליכער שפּראַך“ — דאָס איז אַלעס אַ אוננויטיגער לוקסוס, אַ קאָנפעקטע נאָך אַ גוטען וואַרמעס!

מיר וואָלטען אַ בעלן געווען פרעגען די דאָזיגע שרייבער, וועלכע זיינען לכל הדעות פּראָלעטאַרישע, ניט קיין בורזשואזע אינ־טעליגענטען: און ביי אייך אַליין, חברים, איז אַלצדינג קלאָהר אין אייער נשמה? איהר אַליין האָט ניט איבערגעלעבט אזוינס, וואָס מען קען דאָס „ניט אָנטאַפּען“ און וואָס איהר האָט ניט קיין ווערטער אָנצורופען דאָס אזוי, אַז יעדערער זאָל פערשטעהן? איהר אַליין האָט קיינמאָל ניט געגריבעלט זיך אין אייער אייגענער נשמה און האָט ניט גערעכענט די דאָזיגע ארבייט פונקט אזוי וויכטיג און נויטיג און ווערטהפאָל, ווי יעדע אנדערע „אויסוועניגסטע“ אר־בייט? צו אפשר, רעכענט איהר, אַז איהר זייט אַן אַנדער זאַך, איהר זייט די אויסערוועהלטע פון דער מאַסע, איהר דאַרפט און מוזט זיך פערנעהמען מיט אַזוינע זאַכען, אָבער די מאַסע — זי דאַרף זיך בענוגענען מיט פּויקען־קלאַנג און פּאָפּולערע בראַשורען? אויב איהר רעכענט אַזוי, טאָ וואו האָט איהר דערצו גענומען דאָס רעכט?

דער ארבייטער־קלאַסס איז דער טרעגער פון דער צוקונפט. דער ארבייטער־קלאַסס איז די רעוואָלוציאָנערע קראַפט אין דער היינטיגער געזעלשאַפט. דערין זיינען אייניג אַלע פּראָלעטאַרישע אינטעליגענטען, און געוויס אויך די ציטירטע שרייבער. דער אר־בייטער־קלאַסס האָט אַקאָרשט איבערגעלעבט אין רוסלאַנד איינע פון די גרויזאַמסטע טראַגעדיעס, וועלכע עס האָט נאָר געזעהן די אַל־וועלטליכע געשיכטע. אַ טיעפע, אונבעשרענקטע, פערצוויי־פעלטע קריטישע ארבייט טהוט זיך דאָרט אין די מאַסען,—און דאָ

קומט מען און מעי רעדט זיך איין, אז דער ארבייטער ווייס ניט פון „בענקען“, אַז איהם קומט גאָר ניט אויס צו „פאנטאזירען וועגען אנדערע וועלטען“, אַז דער גאנצער אינהאַלט פון זיין פסי־חיק קען אויסגעשעפּט ווערען מיט דעם, וואָס עס שטעהט אין דער ערשטער בעסטער פּראָקלאַמאַציע!

צי דען מיינען טאקע אונזערע קריטיקער באמת, אַז דער קאמפף, דער בלוטיגער רעוואָלוציאָנערער קאמפף, וועלכען מיר האָבען אַקאָרשט איבערגעלעבט, האָט זיך געפיהרט פאר העכערען די שכירות אויף אַ דרייער, פאר קירצער מאכען דעם ארבייטס־טאָג אויף אַ פערטעל שעה — און ניט פאר העכסטע גייסטיגע בעדערפעניסען פון דעם מענשען? צי דען איז די טרייב־קראפט אין דעם גאנצען פּראָלעטארישען קאמפף נאָר די שטרעבונג צו עקאָנאָמישער זיכערהייט, נאָר די גשמיות׳דיגע אינטערעסען, און ניט דער וואונש צו לעבען ווי מענשען, דאָס הייסט צו געניסען אַלצדינג, וואָס ס׳איז פאראן שעהנעס און ערעלעס אין דער מענש־ליכער קולטור? אויב אזוי, טאָ ווי קען מען זאָגען, אַז טרוימען, בענקען און פאנטאזירען און איבערהויפּט יעדע אָנגעשטרענגטע פּסיכישע ארבייט איז ניט שייך צו די קעמפּפענדע מאסען? צי אפשר טהוט זיך די רעוואָלוציע פון זיך, אָ ה ן דער מענשליכער פּסיכיק?

„פליהען אין הימעל אריין“, איבערלעבען „אונבעקאנטע, גרויזיגע שטימונגען“, פערשפּרייטען די פליגעל און זיך טראָגען אין אנדערע וועלטען, — דאָס איז ביי פיעלע פון אונזערע פּראָלע־טאַרישע קריטיקער ניט קיין פּראָלעטארישע ארבייט. דאָס איז שייך צו די זאטע בורזשועז. ס׳פערשטעהט זיך, אַז ביי אזוינע מיינונגען מוז מען די מאָדערנע ליטעראַטור אויך האַלטען פאר אַן אונגעבעטענעם, אונגעווינשטען גאסט אין פּראָלעטארישען לאַגער, זי איז טריף — „פון פּראָלעטארישען שטאַנדפּונקט“.

איך קען מיך ניט איינהאַלטען ניט ציטירען דוד איינהאָרן׳ס ליעד: „אין אַ לבנה נאַכט“. איך טהו דאָס מיט ווירקליכען פער־גניגען, ווארים זעלטען קומט אויס צו בעגעגענען אזאַ שעהן ליעד אין דער מאָדערנער אידישער ליריק. די טעמע איז „בענ־

קען" — דאָס וואָרט, וואָס איז „אַזוי פּסול „פון פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט":

„עמיץ האָט זיך פערבענקט...
„צו דעם בלוי־ווייסען רוים,
„צו דער נעץ פון די צערטליכע, זילבערנע
שטראַהלען
האָט פּלוצלונג אַ שטילע מעלאָדיע דערגרייכט, —
ווי אַ טרוים,
און דערנאָך אין דער ווייטקייט פערפאַלען...
עמיץ האָט זיך פערבענקט...
דאָרטען ווייט, דאָרטען ווייט, וואו עס
דרעמעלט דער וואַלד
איז אַ נעבעל פון מאַטאָווען זילבער, —
שטיל אין אַ שאָטען פערהילט
פון אַ אור־אַלטען בוים,
אויפ'ן פייכטען גראָז, מיט אַ האַרפע
אין האַנד,
מוז דאָרט זיצען אַן עלענדער זינגער
און אַ נגון פערטראַכט וועבען שטיל, וועבען שטיל,
אויף די סטרונעס מיט צערטליכע פינגער,
עמיץ האָט זיך פערבענקט...

איך וואָלט אַ בעלן געווען פרעגען אונזערע קריטיקער, צי די שטימונגען, וואָס זיינען געשילדערט אין אָט דעם ליעד, זיינען בע־קאַנט די ארבייטער אויך, צי ניט. ס'וואָלט געווען אַ רחמנות אויף די קעמפּפענדע ארבייטער, ווען דאָס אַלעס וואָלט געווען פרעמד זייער נשמה. דעמאָלט וואָלטען זיי טאַקע באמת געווען אָרעם...

די מעשה איז אָבער, וואָס דאָס לעבען איז גאָר ניט אַזוי, ווי עס שילדערען עס איינִיגע שרייבער „פון פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט".

„דעם פאָלק פעהלט ברויט און דאָ קומט מען און מען פאַברי־צירט איהם קאָנפעקטען“. דאָס איז אויך איינע פון די טענות, וואָס מען שטעלט ארויס געגען די מאדערנע אידישע ליטעראַטור. דעם פאָלק פעהלען די נויטיגע קענטניסע אין עקאָנאָמישען און סאָציאַלען לעבען, און דאָ שרייבט מען איהם גאָר וועגען „בענ־קעניש“ און וועגען „אַ לאַנד פון געזאַנג און הארמאָניען“. ווער קען דאָס האָבען די העזה?

לויט אָט דער פאָרשטעלונג וואָלט סוף כל סוף געמוזט אויפ־הערען אין פאָלק יעדע ליטעראַרישע טהעטיגקייט, יעדעס פאָעטישע שאפען. ווארים קוים שטעהט מען אויף אַזאַ „שטאַנדפּונקט“, אַז די קונסט איז אַ „קאָנפעקט“, אַז די שעהנע ליטעראַטור איז אַ לוקסוס־זאַך — מוז מען, ווען מען וויל זיין קאָנסעקווענט, קומען צום שלוס, אַז אַלע פאָעטען דארפען זיך נעהמען שרייבען... פאָ־פולערע בראָשורען. אַזאַ שלוס איז אָבער, ליידער, שוין אויך ניט קיין נייעס. נאָך פריהער מיט אַ יאָהר פופציג האָט געלעבט אין רוסלאַנד אַ שרייבער פ י ס א ר ע ו ו, וועלכער האָט געהאַט אַ גוואַלדיגען איינפלוס אויף דעם דעמאָלדיגען יונגען דור, און וועל־כער האָט גע׳עצה׳ט די ראָמאַניסטען און פאָעטען, זיי זאָלען אראָב־קריכען פון זייער פאַרנאַס און זיך בעסער נעהמען שרייבען נאַ־טור־וויסענשאַפטליכע פאָפולערע ווערק פאַר דעם פאָלק, ווארים דאָס איז דאָך אַ סך ניצליכער און וויכטיגער, איידער ליעדער און נאָוועלען.

אין גרונד פון אַזוינע „אַנשויאונגען“ ליגט די מיינונג, אַז די ליטעראַטור איז ניט קיין קולטורעלע מאַכט פ א ר ז י ך, אַז זי איז ניט קיין גלייך ווערטהפאָלע זאַך צווישען די אוצרות פון מאדערנער קולטור, ווי אלע אנדערע עראָבערונגען פון׳ם מענש־ליכען גייסט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי יעדע אַנדערע ריין דעמאָקראַטישע, ריין פאָלקס־טימליכע בעוועגונג, האָט, צום גליק, שוין לאַנג פערלאָזען אַזאַ שטאַנדפּונקט. דער היינטיגער פראָלעטאַ־ריער זאָגט: Homo sum — איך בין אַ מענש, און אַלעס מענשליכע איז מיר ניט פרעמד. דער פראָלעטאַריער דאַרף קענען פּאָליטישע עקאָנאָמיע און נאַטור־וויסענשאַפט, און אַלצדינג, וואָס העלפט איהם צו פערשטעהן די וועלט און די געזעלשאַפט, פונקט אַזוי

דאַרף ער אָבער האָבען די שעהנע ליטעראַטור, די קונסט, די מו־זיק, — אַלצדינג וואו עס ענטפּלעקט זיך די אינערע מענשליכע וועלט, די אינטימסטע בעוועגונגען פון דער מענשליכער נשמה. און פּונקט אַזוי דאַרף ער האָבען ניט נור אַ י י ן סאָרט ליטע־ראַטור, וועלכען ס'וועט בעוויליגען צו בעשטימען פאַר איהם אַ קריטיקער „פון פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט". נור טאַקע די ג אַ נ צ ע ליטעראַטור, אין איהרע נייעסטע ערשיינונגען, אין איהרע אויסגעפיינטע, אויסגעעדעלטע פאָרמען.

ניש'קשה, ער וועט פערשטעהן, ווארים „ער" איז אַ פּיעל־קע־פּיקע בעשעפעניש. ער האָט צווישען זיך אי טעמפּע, דערשלאָ־גענע, וואָס קענען אפילו אַ גאַסען־ראָמאַן אויך ניט פערשטעהן, ער האָט אָבער אויך אַזוינע, וואָס פיהלען און דענקען ווי דער מאָדער־נער קולטור־מענש, און וועלכע דאַרפען האָבען דאָס נייע, און טאַקע — דאָס שעהנסטע און די בעסטע. פאַר איהם איז דאָס אויך „טעגליך ברויט".

---

VI.

## בילדונג און דיכטונג.

צי דאַרף אַ דיכטער זיין געבילדעט, צי ניט?

דאַבט זיך, וועגען דעם קען גאָר קיין שאלה נ'ט זיין. דער־דיכ"ער איז אויסערוועהלט פון די איבעריגע מענשען; די פּאָעטישע שעפּפונגען פערקערפּערען די וויכטיגסטע געדאַנקען און געפיהלען, וועלכע בעוועגען די מענשען. מען קען נאָך אפשר צווייפלען, צי דאַרף דער שרייבער זיין אַ וועג־ווייזער און אַ פיהרער, מען קען האָבען אַזאַ מיינונג, אַז ניט דאָס איז די אויפגאַבע פון דער קונסט. קיינער וועט אָבער ניט לייקענען, אַז די קונסט דאַרף ב ע ל ו י כ־ ט ע ן דאָס לעבען, אַז דער שרייבער דאַרף ע נ ט פּ ל ע ק ע ן, וואָס ס'טהוט זיך אין מענשען און אין דער מענשליכער געזעלשאַפט, אַז ער דאַרף ו ו י י ז ע ן אין לעבעדיגע געשטאַלטען דאָס, וואָס ניט יעדערער האָט בכח צו זעהן. דערצו איז אָבער נויטיג, אַז דער

שרייבער א ל י י ן זאָל זעהן מיט קלאָהרע אויגען אַלצדינג, וואָס ס'טהוט זיך ארום און ארום; דערצו איז נויטיג, אַז דער שרייבער זאָל האָבען ניט נאָר אַן אָפען הארץ, נאָר אויך אַן אָפענעם מח. ער ד א ר ף ו ו י ס ע ן א ו ן ק ע נ ע ן.

א טאַלאַנט אָהן קענטעגישען איז אַ געציייג אָהן מאַטעריאַל. צוויי דיכטער קענען האָבען גלייכע טאַלאַנטען און פונדעסטוועגען זאָל איינער האָבען אַ גרעסערען ווערטה, ווייל איינער ווייסט מעהר, ווי עס לעבען און שטרעבען די מענשען פון זיין צייט, ווייל ער הערט דייטליכער, ווי עס פּולסירט דער לעבען ארום איהם, און זעהט שאַרפער ווי עס וועבען זיך נייע געדאַנקען און ס'ווערען נייע וועלטען געשאפען. ער וועט דעריבער קענען ברייטער פאַנאַנדערשפּרייטען זיינע פליגעל, פעסטער צושמידען אונזערע הערצער צו די שעפּפונגען פון זיין גייסט, לענגער בלייבען אין זכרון פון די קומענדיגע דורות.

דאכט זיך, דער געדאַנק איז אזוי קלאָהר. און פונדעסטוועגען קומט ניט זעלטען אויס צו הערען, אַז בילדונג איז פאַר אַ שרייבער ניט גאָר פון די וויכטיגסטע זאכען, אַז דער „העכערער גייסט“ זיינער קומט איהם צו הילף אומעטום, וואו עס פעהלט אויס פּאָזיטיווע קענטעניש, אַז דער דיכטער זינגט נאָר ארויס פון זיך, וואָס דער גאָט פון פּאָעזיע האָט איהם אריינגעלעגט אין זיין נשמה. ווידער און ווידער בעגעגענען מיר די אַלטע פערגלייכונג צווישען אַ דיכטער און אַ זינג־פויגעלע, וואָס זינגט און ווייס אַליין ניט פון וואָס.

א בעקאַנטע יונגע אידישע בעלעטעריסטין שרייבט אין אַ קריטישען ארטיקעל:

„דער אמת'ער קינסטלער איז אַ נביא, אין איהם איז פערבאָרגען אַ שטיק גאָט, און בשעת זיין גאָט, זיין העכערער גייסט, הייסט און ער ר ע ד ט ע ס א ר ו י ס נ י ט ב ע וו ו א ו ס ט־ ז י נ י ג, ק ע ן מ ע ן נ אָ ך ה אָ ב ע ן צ ו ז י י ן נ ב ו א ה מ ע ה ר צ ו ט ר ו י ע ן, ווי בשעת ער רעדט מיט שפּראַך און מיט געדאַנקען, וואָס זיינען דורכגעמישט מיט פרעמדע... בשעת שאול'ן האָט בעהערשט דער געטליכער גייסט, איז ער גלייך

פון ה י ר ט ע ן־ב י י ד ע ל אוועק, זיך אַנגעשלאָסען צו אַ קאָמפּאַניע נביאים און אָנגעהויבען גלייך מיט זיי נביאות זאָגען“.

און ווייטער:

„דער קינסטלער, בשעת ער שאַפט, האָט ער די מאַסען גאָר ניט אין זינען; ער זינגט נאָר ארויס זיינע אייגענע געפיהלען. און אויב די מאסען לויפען איהם נאָך, איז דאָס ניט זיין שולד. און ניט יעדער קינסטלער האָט אַ גלייכען רוף: אַנדערע זיינען וועקער, וואָס ציהען מיט אַ בלינדען כח די מאַסען נאָך זיך, אַנדערע ווידער ז י י נ ע ן ז י נ ג־פ ו י ג ע ל א ך, וואָס פערזיסערען אָדער פערביטערען דעם לעבען מיט זייער געזאַנג“.

עס וואָלט אפשר ניט כדאי געווען זיך אָבצושטעלען אויף אזא נאאיווע, סענטימענטאַלע „פילאָזאָפיע“, ווען דאָס וואָלט ניט ארויס פון אונטער דער פעדער פון אַ טאַלאַנטפאָלער אידישער בעלע־טריסטין. דאָס שרייבט אַ מענש וואָס האָט אַליין אַ שייכות צו ליטעראַטור און שרייבען טהוט זי דאָס כדי צו פערענטפערען די יונגע אידישע שריפטשטעלער פאַר דער בעשולדיגונג, אַז זיי זיינען ווענינ געבילדעט. דאָס קלינגט ווי אַ מין פּראָגראַם — און בעקומט דעריבער אַ סימפּטאָמאַטישע בעדייטונג.

די יונגע אידישע שרייבער זיינען ווענינ געבילדעט. דאָס איז אַ פאַקט. פאַראַן צווישען זיי מענשען, וואָס קענען ניט קיין שום אייראָפּעאישע שפּראַך, אַ חוץ אידיש. פאַראַן אַזוינע, וואָס האָבען ניט דעם קלענסטען בעגריף וועגען די וויכטיגע ליטעראַרישע ווערק פון דער אַלל־וועלטליכער ליטעראַטור. פאַראַן פּאָעטען, וואָס שרייבען און דרוקען געדיכטע (און דוקא שעהנע געדיכטע) און קענען ניט די עלעמענטאַרסטע כללים פון מעטריק. פאַראַן אַזוינע, וואָס האָבען נאָר מיט איין אויער געהערט וועגען די גייסטיגע שטרעמונגען און דעם אידעען־קאַמפּף פון זייער צייט — און דאָס וואָס זיי האָבען געהערט האָבען זיי אויך ווענינ פערשטאַנען.

דאָס איז אַ פאַקט. די קריטיק מוז איהם אַנערקענען. עס ליגט דערין ניט קיין בעשולדיגונג געגען איינצעלנע שרייבער. מענשען לעבען אַזוי ווי עס לאָזט זיך. די בילדונגס־שטופע פון די אידישע שרייבער איז נאָר אַן אָבגלאַנץ פון דער אַלגעמיין־אידישער

לאנגע אין פּאָליטישען און עקאָנאָמישען הינזיכט. דאָס פאָלק איז אָרים. דאָס פאָלק איז אונטערדריקט פּאָליטיש און עקאָנאָמיש. די מאַסען ווערען ניט צוגעלאָזען צו בילדונג. און אונזערע שרייבער זיינען קינדער פון דער מאסע, איהר בלוט און איהר פלייש: וואו האָבען זיי געזאָלט ענטוויקלען זייערע גייסטיגע קרעפטען? דער פאקט ווערט אָבער פון דעם ניט פערענדערט. די אידישע שריי־בער זיינען צו ווייניג אינטעליגענט — און דאָס לעגט ארויף אַ שטעמפּעל אויף דער גאנצער אידישער ליטעראטור. ניט אומזיסט האָט רער איירָאָפּעאיש־געבילדעטער אידישער אינטעליגענט ביז דער לעצטער צייט געקרימט די נאָז אויף דער גאנצער אידישער ליטעראטור, ווי איינער רעדט: וואָס קענען מיר געבען אזוינע שרייבער?

ניט ווייניג איז דאָ שולדיג, וואָס די אידישע ליטעראטור האָט זיך לאנגע יאָהרען גערעכענט פאר אַ שטיף־קינד ביים געבילדע־טען אידישען עולם: די העברעאיסטען האָט געצויגען צו לשון־קדש, די אסימילירטע — צו רוסיש און פויליש. די אידישע לי־טעראַטור האָט נאָך ניט געהאט פערנומען קיין ב'כבוד'יג אָרט צווישען אַנדערע אייראָפּעאישע ליטעראטורען. דער געבילדעטער שרייבער האָט געזוכט צו ענטוויקלען זיינע שעפּפערישע קרעפטען ניט אויף דעם פעלד פון זיין נאַציאָנאַלער ליטעראטור. בלייבען פלעגען ס'רוב נאָר אַזעלכע, וואָס האָבען אַנדערשוואו ניט געקענט פערנעהמען קיין פּלאַץ.

דאָס אַלעס ענדערט זיך איצט, און מיר זיינען איבערצייגט, אַז צוזאמען מיט דער אויפלעבונג פון די מאסען, צוזאמען מיט דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דער אידישער ליטעראטור, וועט אַלץ מעהר וואקסען די בילדונגס־שטופּע און די אינטעליגענץ פון די אידישע שרייבער. מיר זעהען שוין פאר אונזערע אויגען, ווי עס ווערט אַלע מאָל בכבוד'יגער דער נאָמען „אידישער דיכטער"; מיר זעהען פאקטען, אַז מען קען זיין אַ אידישער שרייבער און דאָך זיין בעקאנט און בעליעבט אין אייראָפּאַ. דאָס אַלעס וועט מוזען צוציהען צו דער אידישער ליטעראטור נייע גייסטיגע קרעפטען, בעוואפענטע מיט דעם גאנצען אידען־געוועהר פון זייער צייט.

דאָס וועט זיין. אָבער דערוויילע איז די שטופע פון גייסטיגער ענטוויקלונג ביי אונזערע שרייבער זעהר ניט הויך. דאָס קען מען ניט פערשווייגען. מיר זאָגען נאָך אַמאָל: מיר מאַכען קיינעם ניט שולדיג, אַ חוץ די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע. און מיר זיינען ווייט פון דעם געדאַנק צו זאָגען אונזערע איצטיגע אידישע שרייבער: „געהט, קינדער, אין חדר“. אַזאַ עצה איז לייכטער צו געבען, איידער זי צו ערפילען. „לעזט, שטודירט!“ האָט אַ בעקאַנטער אידישער פּובליציסט מיט אַ שטיק צייט צוריק געזאָגט אין אַן ארטיקעל צו אונזערע יונגע בעלעטריסטען. מיר ווייסען אָבער, אַז לערנען און שאַפען איז אָפט סותר איינס דעם צווייטען. מיר ווייסען, אַז אין אַ געוויסען עלטער איז במעט אונמעגליך זיך אוועקזעצען „קוועטשען די באַנק“, בפרט פאַר אַזאַ מענשען, וואָס האָט שוין פערזוכט דעם טעם פון בעקאַנט זיין ביים עולם. מיר ווייסען, אַז אי פּסיחאָלאָגישע, איז בעזאָנדערס עקאָנאָמישע בעדינגונגען פערהינדערען אָפט דעם מענשען צו נעהמען זיך פאַר דער ארבייט פון זעלבסט־בילדונג — אַן ארבייט, וועלכע דאַרף דויערען יאָהרען. מיר וועלען דעריבער זיך ניט רוקען מיט אַזעלכע וואָלוועלע עצות. מיר שעצען צו הויך די פּערזענליכקייט פון יעדען איינציגען שרייבער, אַז מיר זאָלען זיי אַלעמען וועלען פערשרייבען איין גלייכען רעצעפּט און האָפען, אַז ער וועט אַלעמען ברענגען אַ רפואה.

מען דאַרף אָבער, ווידער צוריק, ניט וועלען אידעאַליזירען די ניעדריגע בילדונגס־שטופע, ווי דאָס טהוט די אויבען־ציטירטע בעלעטריסטין. מען טאָר זיך ניט טרייסטען מיט אַזוינע חלומות, אַז „וואָס ווייניגער דער דיכטער רעדט בעוואוסטזיניג, אַלץ מעהר צוטרויען קען מען צו איהם האָבען“. דער דיכטער איז ניט קיין נביא פון תנ"ך, ניט קיין מענש וואָס רעדט מיט גאָט און חזר'ט איבער דאָס, וואָס גאָט האָט איהם געהייסען רעדען. דער דיכטער איז ניט קיין פויגעל. דאָס זיינען אַלץ משלים, און — מען מוז זאָגען — שוין זעהר אַלטע, אָבגעבליאַקעוועטע משלים; פערשטעהען זיי פּשוטם כמשמעם, וואָרט אין וואָרט, הייסט נאַרען זיך און דעם עולם. דער דיכטער איז ניט קיין אינסטרומענט אין אימיצענס הענד — ער איז אַליין אַ שעפּפער און אַ בויער, און

שאַפען טהוט ער ניט פאַר זיך, נאָר פ א ר י ע נ ע ם (אז ניט וואָלט ער ניט געשיקט זיינע ווערק אין רעדאַקציע און ניט געלאָזט דרוקען זיינע ביכער). זאָגען, אז „דער דיכטער האָט די מאַסען (ד. ה., די לעזער, דאָס פּובליקום) ניט אין זינען", הייסט איבער־חזר'ען אַ שעהנע פראַזע, וואָס האָט שוין לאַנג פערלאָרען יעדען זין און בעדייטונג. איז דער פּאָעט אָבער אַ שעפּפער פאַר די מענשען, דאַרף ער שאַפען פון אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס איז ניי און לעבעדיג און צאַפּעלדיג ביי די מענשען. איז ער אַ בויער, דאַרף ער בויען אַזוינע טעמפּלען און שלעסער, אַז די מענשען זאָלען קוקען אויף זיי מיט בעגייסטערונג און ענטציקונג, אַז די מענשען זאָלען זעהן אין זיי אַ פערקערפּערונג פון זייערע לעבעדיגסטע, טיעפסטע און ווירקזאַמסטע געדאַנקען און געפיהלען, אַז די מענשען זאָלען געהן מאַסענוויין אין אָט די טעמפּלען, כדי צו פערנעהמען אין זיי די מוזיק פון זייער אייגענער נשמה — נאָר אַ געלייטערטע, אַ געריי־ניגטע און פערטיעפטע. און ווי וועט דער דיכטער דאָס קענען, ייען אַ ליאַדע אינטעליגענט וועט האָבען דאָס רעכט צו זאָגען: „ברודער, דו ביזט צו פּרימיטיוו, דו חזר'סט איבער שוין לאַנג פערגעסענע מאָטיוועו, דו קענסט ניט געהן האַנד אין האַנד מיט די דענקער און קעמפּפער פון היינטיגע יאָהרען"? וואָס וועט דאָ העלפען די ראיה מיט דעם „זינג־פויגעל" און דעם פאַסטוך?

נאָך אַמאָל: מיר גיבען קיינעם ניט קיין עצות, ווייל אַזוינע עצות האָבען נאָך קיינעם ניט געהאָלפען. אונז איז אָבער טהייער די אידישע ליטעראַטור, און דעריבער טאָרען מיר ניט פערמאַכען די אויגען אויף איהרע פעהלערען. איינער פון די פעהלערען איז דער מאַנגעל אין בילדונג ביי אונזערע שרייבער. וועגען דעם דאַרף מען רעדען. דעם פאַקט דאַרף מען קאָנסטאַטירען, און ווער עס וויל אונז טרייסטען מיט אַזוינע מליצות, ווי די אויבען־דער־מאָנטע, דער טהוט דער ליטעראַטור אונזערער זעהר אַ קליינע טובה...

ס'איז אָבער דורכאויס פאַלש, ווען מען נעהמט אָט דעם ביל־דונגס־מאַנגעל פאַר אַ שליסעל צו ערקלעהרען די מאָדערניסטישע ריכטונג פון די אידישע שרייבער — ווי דאָס טהוען אייניגע פּובלי־ציסטען. צוויי זאַכען, זאָגט מען, נעהמען זיך אין אונזער ליטע־

ראטור פון ווייניג אינטעליגענץ ביי די ליטעראטען: ערשטענס. דאָס וואָס מען שרייבט דעקאַדענטיש, צווייטענס — דאָס וואָס עס איז ניט געשאַפען געוואָרען קיין קונסט־ווערק ווענען דער גרויסער רוסלענדער רעוואָלוציע. אין ביידע זאכען, זאָגט מען, איז שול־דיג דער „עם הארץ“.

אַזאַ מיינונג דערווייזט נאָר, אַז ס'זיינען דאָ מענשען, וואָס האָבען פיינט אַ „דעקאַדענט“ אַ סך מעהר, ווי אַן אַמאָליגער חסיד פלעגט פיינט האָבען אַ מתנגד, און זיינען גרייט ארויפוואַרפען אויף זיין קאָפּ כל הרעות שבעולם. דאָס בעווייזט אפשר, ווי אונ־זערע „דעקאַדענטען־פּרעסער“ זיינען קאָנסעקווענט אין זייער שנאה. דאָס האָט אָבער ווייניג צו טהאָן מיט דעם אמת.

(1908).

# וועגען לידער און אלגעמיין.

I.

## סימבאָל און ריטם.

מיר'ן אָנהויבען פון אַ ביישפּיעל. אַט איז אַ ליעד פון אַ בע־ריהמטען אידישען דיכטער. דאָס ליעד הייסט „אַז אַלטע גע־שיכטע“:

איך בין קראנק, זאָלען פיינד זיך פרעהען.
איך בין קראנק, זאָלען שונאים לאכען.
יא, דאָס זיינען אלטע זאכען,
נאָר די קלוגע דאָס פערשטעהען.

גרעסערע ווי איך אַ סך
האָבען דורכגעמאכט די זאך.
ערגער זיך ניט זעעלע, שווייג!
עס איז אַלעס ווערטה אַ פייג“.

לייענט זיך איין אין דעם ליעד און ענטפערט זיך אליין: געפעלט עס אייך, אָדער ניט? אויב יא, טאַ פאַרוואָס? אויב ניט — טאַ ווידער אמאָל פאַרוואָס?

מיר וועלען דערווייל ניט זאָגען ניט יא, ניט ניין. מיר וועלען דאָס ליעד אַנאַליזירען.

קודם כל — די שפּראך. איין מעלה האָט זי: זי איז גרינג, זי איז קלאָהר און פערשטענדליך. אָבער פּרופּט, מאַכט מיט איהר אַזאַ עקספּערימענט: שרייבט איבער אַלע ווערטער פון דעם ליעד,

אָבער אין אַזאַ אָרדנונג, אַז ס'זאָל אויסקומען אַהן גראַמען, וועט זיך דאָס ליעד לייענען אונגעפעהר אַזוי:

„איך בין קראַנק, זאָלען זיך פרעהען פיינד. איך בין קראַנק, „זאָלען שונאים לאַכען. יאָ, דאָס זיינען אַלטע זאַכען, דאָס פער־„שטעהען נאָר די קלוגע. אַ סך גרעסערע ווי איך האָבען די זאַך „דורכגעמאַכט. שווייג, ערגער זיך ניט זעעלע! עס איז אַלעס „ווערטה אַ פייג!"

און איצט בעטראַכט: איז געבליבען עפּעס שעהנעס, בע־זונדערעס אין דער שפּראַך? מאַכט זי אויף איך אַן איינדרוק?

דער ענטפער וועט זיין: ניין. די שפּראַך איז אַן און פאַר זיך וואָכענדיג, קאַלט און גראָה. דאָס איז די שפּראַך, וואָס אויף איהר שרייבט מען נייעס אין אַ צייטונג. דאָס איז די שפּראַך, וואָס מען געברויכט אין אַ בריעף.

דאַרף דאָס אפשר אַזוי זיין?

לאָמיר נאָהמען אַ ליעד פון אַן אַנדער בעריהמטען דיכטער. עס הייסט „שבועות":

א כשוף־מאַכער איז די נאַכט,
די שטילע, בלאָהע נאַכט —
מיט צאַרטע אויגען האָט זי מיר
די אויגען צוגעמאַכט:

די אויגען מיר פערשלעפערט שטיל,
דאָס האַרץ מיר אויפגעוועקט:
מיט ווייסע פליעגלען, ווייך ווי זייד,
מיך ליעבליך צוגעדעקט.

דער ליעבער גרינער יום־טוב געהט.
די לופט איז בלאָה און ריין:
אויף יעדען גרעזעלע שטראַהלט אויף
אַ העלער איידעל־שטיין.

דאָס ליעד „שבועות' דריקט אויס אַן אַנדער שטימונג, ווי דאָס ליעד „אַן אַלטע געשיכטע", אָבער אונז אינטערעסירען ניט דערווייל די שטימונגען. אונז אינטערעסירט די שפּראַך.

לאָמיר אויך מיט „שבועות“ דורכמאַכען דעם פריהערדיגען עקספּערימענט. וואָס וועט זיך בעקומען?

„די נאַכט, די שטילע בלאָהע נאַכט, איז אַ כשוף־מאַכער.
„מיט צאַרטע פינגער האָט זי מיר צוגעמאַכט די אויגען: שטיל מיר
„פערשלעפערט די אויגען, מיר אויפגעוועקט דאָס הארץ! מיט
„ווייסע פליעגלען, ווייך ווי זייד, מיך ליעבליך צוגעדעקט. דער
„ליעבער גרינער יום־טוב געהט. די לופט איז ריין און בלאָה.
אַ העלער איידעל־שטיין שטראַהלט אויף אויף יעדען גרעזעלע“.

קיין גראַמען איז דאָ ניטאָ. קיין ריטם אויך ניט. אָבער אפילו אזוי, אין „פּראָזאַ“־אָרדנונג, איז די שפּראַך פון „שבועות“ דאָך געבליבען פול מיט חן. פאַר וואָס איז דאָס אזוי?

**דערפאַר וואָס דאָס איז די שפּראַך פון בילדער.**

שוין אין אָנהויב בעגריסט אייך די פּראָזע: „אַ כשוף־מאַכער איז די נאַכט“. די שטילע זומער־נאַכט פערוואַנדעלט זיך אין אַ לעבעדיגע בעשעפעניש. מיט צאַרטע פינגער מאַכט זי אייך צו די אויגען, דעקט אייך אויף דאָס הארץ, מיט ווייסע זיידענע פליעגלען האָט זי אייך ליעבליך צוגעדעקט. איהר הערט זיך איין, איהר קוקט זיך איין, און איך הויבט זיך אָן צו גלויבען: אין אזא נאַכט קענען באמת וואונדער געשעהן.

דער דיכטער פיהרט אייך אריין אין אַ וואונדער־לאַנד. ער וויל אייך זאָגען עפּעס אזוינס, וואָס מיט אונזערע וואָכעדיגע ווערטער קען מען דאָס גאָרניט אויסדריקען. פינסטער איז, דאַכט זיך, אין דער שמעקעדיגער זומער־נאַכט, און דאָך זעהט מען אזוי פיעל; שאָטענס, דאַכט זיך, ארום און ארום, און דאָך טהוט זיך עפּעס הייליגעס און טיעפעס. די נשמה איז וואַך. דאָס הארץ זאַפּט איין די גרויסע שעהנקייט צוזאַמען מיט די סודות.

ווי דערצעהלט אונז דאָס דער זינגער? עס פּערלען זיך אַראָפּ פון זיין פעדער צוויי שורות:

די אויגען מיר פערשלעפערט שטיל,
דאָס הארץ מיר אויפגעוועקט.

אַט די צוויי שורות, אַט דאָס איינפאַכע בילד, טראָגען אין זיך אַ גאַנצע וועלט פון שטימונגען, וועלכע מען קען גאָר ניט איי־בערגעבען מיט געוועהנליכע ווערטער.

וואָס לערנען מיר פון דעם פערגלייך צווישען די צוויי ליע־דער? דאָס ערשטע ליעד מאַכט אויף אונז אין פּראָזאַ־פאָרם גאָר קיין איינדרוק ניט. דאָס צווייטע איז שעהן אפילו אָהן גראַמען, ווייל דאָס ערשטע בילד האָט אַן אָרימע שפּראַך, גאָר אָהן שום בילדער, און דאָס צווייטע איז אויסגעוועבט פון אַ בילדער־שפּראַך.

בילדער, סימבאָלען זיינען אַ וויכטיגער מאַטע־ריאַל ביים אויפבויען ליעדער.

פּראַקטיש קען מען זעלטען געפינען אַ גוט ליעד, וואו עס זאָ־לען ניט זיין קיין בילדער און סימבאָלען. אפילו געזעלשאַפטליכע ליעדער, אפילו טענדענציעזע ליעדער, אבי ס'איז נאָר דאַ אין זיי אביסעל שעהנקייט, זיינען מעהר ווי געגראַממטע פּראָזאַ, זיינען פול מיט בילדער.

געדענקט איהר פּרץ'ס „ביים חופּה קלייד"? די יונגע נייטהאָ־רין זאָגט:

„בלאַס איז דאָס זיידענציייג, פּונקט ווי מיין פּנים'ל,<br>
„דורכזיכטיג־דין, ווי מיין הויט...<br>
„ריהרט מען עס, קרעכצט עס „אוי",<br>
פּונקט מיינעביינדעלעך..."

דאָס „חופּה קלייד" איז געוויס טענדענציעז, אבער עס איז אַ גוט ליעד, אַ פּאָעטיש ליעד. איז דאָרט דאָס זיידענצייג אזוי בלייך, ווי דעם מיידעל'ס פּנים'ל, קנאַקט עס פּונקט ווי דעם מיי־דעל'ס ביינדעלעך. בעקומט זיך אַ מערקווירדיגע פערבינדונג צווי־שען דער מיידעל און דעם זייד, בעקומט זיך אַ מערקווירדיג לעבען.

פערקעהרט, פּרופט עס זאָגען מיט אַ געוועהנליכער שפּראַך: „איך זיץ און נייה זיידענס, מיין פּנים איז בלאַס, מיין הויט דין. מיינע ביינער טהוען וועה. דאָס זיידענס איז בלאַס און דורכ־זיכטיג" — וועט זיך כמעט קיין איינדרוק ניט בעקומען.

אזוי איז די ווירקונג פון בילדער.

איך, אז איך וויל אנאַליזירען אַ ליעד, קוק איך פריהער פון

אלץ ווי עס רעדט צו מיר: צי מיט א שפראך פון בילדער, צי מיט א שפראך פון פראזא. איך מיין, אז אמת'ער דיכטער קען זיך אי־בערהויפט ניט בעגעהן אהן בילדער.

* *
*

הייסט עס, אז מיר האבען שוין א סימן, ווי צו דערקענען גוטע ליעדער? אויב בילדער איז גוט, אויב אהן בילדער איז שלעכט?

ניין. דאס איז ניט קיין סימן. ניט אלע גוטע ליעדער הא־בען דוקא א גוטע שפראך. ניט אלע גוטע ליעדער האבען אי־בערהויפט א רייכע שפראך.

מיר'ן ווייטער נעהמען א ביישפיעל.

אט איז א ליעד פון א גרויסען אידישען דיכטער; עס הייסט „ביים וואסער“:

אויפ'ן וואסער שווימען שיפען,
אויפ'ן וואסער שווימען שיפען,
די סיגנאלען רופען, רופען
אין דעם ווייטען וועג.

אויף א מאסט־בוים וועהעט א פאהנע
פון א פרעמדען לאנד,
דארטען וואוינען גוטע מענשען,
פאר מיר — אומבעקאנט...

דארטען איז דער הימעל לויטער
און די ערד איז גרין,
און ווי פאלמען אלע מיידלאך,
צערערען — די זיהן.

דארטען וואלט איך יונג געווארען,
אבגעפרישט מיין בליק;
דארט געפונען וואלט איך אפשר
מיין פערלארען גליק...

אויפ'ן וואסער שווימען שיפען,
און איך שטעה ביים ברעג;
די סיגנאלען רופען, רופען
אין דעם ווייטען וועג.

די שפּראך פון דעם בילד איז כמעט אהן בילדער. אויב איהר וועט ניט רעכענען דאָס זעהר געוועהנליכע בילד „די סיגנאלען רופען" און דעם פערגלייך פון „מיידלעך ווי פּאלמען" און „זיהן ווי צעדערען", איז דאָרט איבערהויפּט ניטאָ קיין בילדער. די ווערטער זיינען זעהר געוועהנליך, זעהר איינפאך, אהן שום פערפּוצונג.

אָבער דאָ האָט איהר אַן אנדער מערקווירדיגע זאך. פּרופּט אדרבא אויסשטעלען די ווערטער פון'ם ליעד אין א פּראָזא־ארדנונג. פּרופּט פערניכטען דעם ריטם. איהר וועט זעהן, אַז דאָס איז כמעט אונמעגליך.

„אויפ'ן וואסער שווימען שיפען"... אדרבה, ווי דרעהט מען דאָס איבער, אַז עס זאָל ניט קלינגען? „שיפען שווימען אויפ'ן וואסער"... „שווימען שיפען אויפ'ן וואסער"... עס בלייבט אַלץ מוזיקאליש. ניטאָ קיין ברירה. „די סיגנאלען רופען, רופען אין דעם ווייטען וועג" — דאָ קען מען איבערהויפּט ניט איבערשטעלען קיין וואָרט. „דאָרטען איז דער הימעל לויטער און די ערד איז גרין" — ווידער קענט איהר ניט ענדערען די אָרדנונג פון די ווערטער, איהר קענט ניט פערניכטען דעם קלאנג.

וואָס הייסט עס? די מאכט פון'ם ליעד איז ניט אין זיין שפּראך, נ אָ ר א י ן ז י י ן ר י ט ם. עס איז אַ שטיק מוזיק, עס זינגט זיך פון זיך אַליין. עס פיהלט זיך דערינען די בעוועגונג פון די שיפען, דאָס הויבען פון די כוואליעס. עס פיהלט זיך נאָך מעהר: ווי דעם דיכטער'ס נשמה קלינגט אין איין טאָן מיט די סיגנאלען און דעם רויש פון די כוואליעס.

אויפ'ן וואסער שווימען שיפען,
און איך שטעה ביים ברעג;
די סיגנאלען רופען, רופען
אין דעם ווייטען וועג...

אי, טהוט דאָס אייך אַ ציה מיט זיך! אי, טהוט עפּעס אַ ציטער אויף אין אייער נשמה!

און וואָס איז דאָס? מוזיק. אַזוי וואָלט אפשר געקענט ווירקען אויף אייך אַ ליעד גאָר אָהן ווערטער, אַ ניגון, וואָס איהר וואָלט ערגעץ דערהערט פון דערווייטענס.

און אַט ווי איינער פון אונזערע יונגע טאַלאַנטפולע דיכטער דערצעהלט אַ מעשה מיט גזלנים אין אַ וואַלד:

...ס'זיינען גזלנים בעפאַלען אַ פּריץ אין וואַלד.
צוויי פון די קוסטען און איינער פון הינטער אַ בוים, —
יענע צום פּריץ און איינער צום פערד פאַר'ן צוים.
איז ביי דעם פּריץ געוועזען אַ ברען, ניט קיין פערד;
אַז ער פלעגט לויפען אנטלויפען פון איהם פלעגט די ערד.
איז ווי דער פערד האָט פאַר זיך די גזלנים דערזעהן,
האָט ער דערפיהלט אַז באַלד וועט אַן אומגליק געשעהן.
און אַז ער גיט זיך עס ראַפּטאַם אויף דובאַם אַ שטעל!
אַט און ער רייסט זיך אַרויס פון זיין אייגענער פעל.
און אַז ער גיט דאָס דעם שליטען אין לופטען אַ דרעה!
אַזש די גזלנים דערשראָקענע — באַץ אין דעם שנעע!
אַזש די גזלנים דערשראָקענע לויפען אַוועק,
לאָזען אין שנעע ערגעץ ליגען די בליץ־שאַרפע העק.
און פון דעם פערד איז לאַנג שוין קיין סמן ניטאָ...

ווען איהר דערצעהלט דאָס מיט די זעלביגע ווערטער, נאָר אין אַן אַנדער אָרדנונג, וואָלט געווען זעהר אַ געוועהנליכע מעשה. וואָס גיט דאָ צו חן און לעבען און בעוועגונג? דער ריטם פון די שורות, זייער קלאַנג, זייערע גראַמען. מיט איין וואָרט: די מוזיק פון'ם ליעד.

היינט פערגלייכט דאָס מיט דעם ערשטען ליעד: „אַז אַלטע געשיכטע" — וועט איהר זעהן, אַז דאָרט איז איבערהויפּט קיין ריטם ניטאָ. און אָהן ריטם מאַכט אפילו פּראָזאַ אַ שלעכטען איינ־דרוק, בפרט נאָך לידער.

אהן ריטם איז אַ ליעד קיין ליעד ניט. אויב בילדער זיינען דער גוף פון אַ ליעד, איז דער ריטם — זיין אָטעם.

אָבער דאָס איז נאָך ווייניג. אַ ליעד דאַרף האָבען נאָך אַ סך מעהר, ווי אַ גוף און אַן אָטעם: עס דאַרף האָבען אַ נשמה.

---

## II.

## שפּראַך און אינהאַלט.

די שפּראַך איז דער גוף פון אַ ליעד. דער ריטם — זיין אָטעם. ביידע צוזאַמען בילדען די פאָרם.

די שפּראַך קען זיין רייך אין בילדער און אָרעם אין בילדער; זי קען זיין אַ געצערעטעלטע און אַ פּראָסטע, אַ זאַפטיגע און אַ טרוקענע, אַ הילכיגע און אַ שטילע, אַן אַלטמאָדישע און אַ מאָדערנע. וואָס איז בעסער? דאָס קען מען ניט זאָגען. ס'ווענדעט זיך אַן דעם אינהאַלט. אין אַלגעמיין זיינען בילדער און סימבאָלען אַ נויטיג הילפס־מיטעל פאַר'ן דיכטער, אָבער ניט שטענדיג. איינס מוזען מיר נאָר געדענקען: אַ ז די פ אָ ר ם ז אָ ל פּ אַ ס ע ן צ ו ם א י נ ה אַ ל ט!

וואָס הייסט דאָס?

מיר'ן נעהמען אַ ביישפּיעל. פאַראַן אַ ליעד פון אונזערען אַ בעריהמטען דיכטער: „דאָס ניט געזונגענע ליעד". ווייל ער דאַרט דערצעהלען וועגען די מעכטיגע, אָבער אונבעשטימטע גע־פיהלען, וואָס דער זון־אונטערגאַנג, די נאַכט, דער שטורם דער־וועקען אין זיין נשמה. דאָס ליעד איז שטאַרק און שעהן, אָבער אין דער איינלייטונג געפינט איהר אַזוינע סטראָפען:

> ווי לאַקסטו מיך,
> ווי פלאַנגסטו מיך!
> ווי דריקסטו מיך,
> ווי קוויקסטו מיך!

ווי פּליקסטו און בעגליקסטו מיך,
ווי שטיקסטו און ענטציקסטו מיך,
אַ, ניט געזונג'נעם ליעד!

ווי העל ענטפּלעקסטו זיך,
ווי שנעל פערמעקסטו זיך!
קוים ווייזטו זיך, דערשרעקסטו זיך!
קוים וועקסטו זיך שוין עקסטו זיך,
אַ, ניט געזונג'נעם ליעד!

קוים לויכסטו אויף, פאַרגעהסטו שוין,
קוים הויכסטו, גלייך פערוועהסטו שוין,
קוים שפּיר איך דיך,
פערליער איך דיך,
אַ, ניט געזונג'נעם ליעד!

געפעלט דאַס אייך?

כדי איהר זאָלט בעקומען דעם ריכטיגען איינדרוק, מאַכט אַזא פּראָבע: שטעלט אייך פאָר, אַז אימיצער אַ גרויסער דיכטער, וואָס איהר קענט איהם ניט, האָט אָנגעשריבען אַ ליעד פון אונ־געוועהנליכער שעהנקייט. אין דעם ליעד האָט ער אריינגעלעגט שענע געפיהלען, ערהאַבענעם ערנסט, טיעפע קלוגשאַפט און ריינעם גלויבען. אַ שפּראַך האָט ער געברויכט אַן ערדלע, אַ מיושב־דיגע און אַ לויטערע. איצט שטעלט אייך פאָר, אַז ס'איז געקומען אימיצער אַ לץ, אַ נאָכמאַכער, וואָס וויל איבערקרימען דעם גרויסען דיכטער. ער מיינט, חלילה, קיין בייז ניט, ער וויל זיך נאָר לוסטיג מאַכען. ער שטעהט, לאָמיר זאָגען, אין אַ קאַבאַרעט אויף דער ביהנע, ווינקט צו אייך ממזר'יש מיט אַן אויגעל און דעקלאַמירט מיט אַ כלומרשט'דיגען טאָן, מאַכענדיג טראַגי־קאָמישע זשעסטען:

ווי לאַקסטו מיך,
ווי פּלאַגסטו מיך!
ווי דריקסטו מיך,
ווי קוויקסטו מיך!

ווי פליקסטו און בעגליקסטו מיך,
ווי שטיקסטו און ענטציקסטו מיך!
אַ, ניט געזונגענעם ליעד!

לייענט נאָכאַנאַנד ביז'ן סוף — און איהר וועט מוזען צוגעבען, אַז עס פּאַסט אויסגעצייכענט צום גייסט און צום טאָן פון אַ פּאַראַדיע. אַזוינע פּאַראַדיעס — און זעהר געלונגענע — האָט טאַקע געשריבען פּרוג.

וואָס הייסט דאָס? דאָס הייסט, אַז דער דיכטער פון'ם „ניט געזונגענעם ליעד" האָט ניט בענוצט די פּאַסענדע שפּראַך. די אַדעקוואַטע אויסדרוקס־פאָרם, פאַר דעם וואָס ער האָט געוואָלט האָבען. האָט זיך בעקומען ווער ווייס וואָס.

און אַזאַ אומגליק האָט שוין אַ פאַלשע שפּראַך, אַז שטענדיג קען מען אין איהר ענטדעקען אומגעלומפּערטע לאָגישע גרייזען. אין אונזער ביישפּיעל, אַ שטייגער, קומט אויס אַז דאָס ליעד נימט נאָר עס „דריקט" דעם דיכטער, נאָר עס „פליקט" איהם; דאָס ליעד, וואָס ער קען ניט כאַפּען, „אַנטפּלעקט זיך" פאַר איהם „העל"; דאָס ליעד „עקט זיך" („אוי, איך עק זיך" זאָגט מען אויף אידיש אין דעם זעלבען זין, ווי „איך שטאַרב אוועק", „איך קען דאָס ניט פערטראָגען". „עקען זיך" קען נאָר אַ מענש, ניט קיין ליעד") און אַזוי ווי.

הערט איהר זיך איין אין דעם ריטם פון די אויבען געבראַכטע סטראָפען, פיהלט איהר אַז ער איז אַ פאַלשער. ער פּאַסט ניט צום אינהאַלט. דער אינהאַלט איז: די מעכטיגע, אָבער אונ־קלאָהרע געפיהל־כוואַליעס, וואָס הויבען זיך אין דער נשמה און זוכען זייער אויסדרוק און קענען ניט געפינען. צו אַזאַ אינהאַלט פּאַסט לחלוטין ניט דער שפּיפערישער, לייכטזיניגער, צופּיעל קלינגענדיגער ריטם פון די סטראָפען.

נאָך מעהר: גראַד דער ריטם האָט אַ תל געמאַכט פון דעם דיכטער'ס שפּראַך. ניט דערפאַר האָט ער געברויכט „דריקסטו מיך", ווייל ער האָט אַזוי געפיהלט, נאָר ווייל ער האָט געדאַרפט אַ גראַם צו „קוויקסטו מיך". „פליקסטו מיך" איז אוועק אַ טענצעל מיט „בעגליקסטו מיך", „עקסטו זיך" מיט „וועקסטו זיך",

„הויכסטו" מיט „טויכסטו" — און אַלעס צוזאַמען האָט אַ פּנים פון חוזק.

אַט דאָס הייסט: די פאָרם פּאַסט ניט צום אינהאַלט.

* *
*

מיר נעהמען אַז אַנדער ביישפּיעל פון רעמזועלבען סאָרט: אַ בערימטער אידישער דיכטער האָט אָנגעשריבען אַ ליעבעס־ליעד מיט'ן נאָמען „מאַדאָנאַ". מאַדאָנאַ איז די מוטער גאָטע'ס, דער סימבאָל פון ווייבליכקייט, מוטער־ליעבע און ריינקייט. קרוינען די געליעבטע מיט'ן נאָמען „מאַדאָנאַ" פּלעגען די מיטעלאַלטערליכע זינגער (טרובאַדורען) אַלס אַ סימן פון זייער טיעפער איבער־געבענהייט און פערעהרונג. ווי זשע רעדט אונזער אידישער טרו־באַדור צו זיין מאַדאָנאַ?

מיר ציטירען דאָס ליעד אינגאַנצען פון אָנהויב ביז'ן סוף:

מאַדאָנאַ, איך קניה פאַר דיר,
מאַדאָנאַ, איך גליה פאַר דיר,
מאַדאָנאַ, איך דאַרב פאַר דיר,
מאַדאָנאַ, איך שטאַרב פאַר דיר,
מאַדאָנאַ, איך לייד פאַר דיר,
מאַדאָנאַ, איך שטרייט פאַר דיר,
מאַדאָנאַ, איך קלאָג פאַר דיר,
מאַדאָנאַ, איך זאָג פאַר דיר
מיט אַ האַרץ וואונד און טריעב:
„געבענשטע, איך האָב דיך ליעב".

„קניה" — „גליה; „דאַרב" — „שטאַרב"; „קלאָג" — „זאָג"... פאַר וואָס ניט: „גלאַנץ" — „טאַנץ", „יאָג" — „טראָג", „לויב" — „רויב"? איהר קענט פון דעם ליעד אויסשניידען אַ פּאָר שורות, איהר קענט אָנהויבען פון אינמיטען, איהר קענט לייענען די צווייטע פיער שורות פון אָנפאַנג, די ערשטע — נאָכ־

דעם. עס וועט זיין דאס זעלבע. אויב איהר ווילט, קענט איהר גאר צונעבען אייערע אייגענע שורות; צ. ב.:

מאדאנא, איך לעב פאר דיר,
מאדאנא, איך שטרעב פאר דיר,
מאדאנא, איך שטעה פאר דיר,
מאדאנא, איך געה פאר דיר,
מאדאנא, איך זינג פאר דיר,
מאדאנא, איך קלינג פאר דיר,

א. אז. וו.

דאס ליעד איז א טיפישע פאראדיע, א חוזק, א פאיאצישע קונץ־שטיק. און געמיינט האט דער דיכטער ערנסט. געשריבען האט ער ניט קיין נאכקרימעניש, נאר א ל י ע ב ע ס ־ ג ע ז א נ ג, און דערצו נאך צו זיין הייליגער מאראנא.

אט דאס הייסט אן אונפאסענדע פארם. אין דעם גאנצען ליעד זיינען נאר די לעצטע צוויי שורות איינינגערמאסען צוגעפאסט צו דעם אינהאלט, וואס האט געשוועבט אינ'ם פערפאסער'ס גע־דאנק.

כדי נאך דייטליכער צו מאכען וואס דאס הייסט א דיפערענץ צווישען אינהאלט און פארם, לאמיר נעהמען טאקי א ריכטיגע פאראדיע. דער שפאס פון א פאראדיע בעשטעהט געוועהנליך אין דעם, וואס מען נעהמט די פארם פון א בעקאנטען ווערק און מען לעגט אין איהר אריין א ניט־ענטשפרעכענדען אינהאלט, אדער פערקערט: מען נעהמט א בעקאנטען אינהאלט און מען טהוט איהם אן אין א ניט פאסענדער פארם, רופט מען דאס: נאכמאכען.

מיר'ן ציטירען א טייל פון פרוג'ס א ליעד, וואו ער קרימט איבער די מאדערנע אידישע דיכטער:

שטעה אויף, מיין ליעבע,
שטעה אויף מיין טרייע!
דערפריש מיין אטעם,
זיי מיך מחיה!

פון דיינע לאָקען,
פון דיינע ברעמען
וועל צו די ליעדער
איך גראַמען נעהמען
און מאַכען פרעהליך,
מיט גרוים כונה
אויף דיינע ליפען
שהחינו...
שטעה אויף, מיין געטין,
שטעה אויף, מיין כלה!
איך פיהל א ריח
פון פרישע חלה...
מלאכים פלעכטען
פון לולב קראַנצען...
די זשאַבעס קוואַקען,
די זשאַבעס טאַנצען!...

לייענט זיך איין אין פרוג'ס פּאַראָדיע, און איהר וועט אויס־געפינען, אז אין אָט דער אבזיכטליכער שטיפעריי, אין אָט דעם שפּאס, איז די דיפערענץ צווישען פאָרם און אינהאַלט פיעל־פיעל קלענער, ווי אין די אויבען־ציטירטע ביישפּיעלען, וואו די אויטאָרען זיינען געווען טויט־ערנסט...

מען דאַרף איבערהויפּט געדענקען, אַז די דיפערענץ צווישען פּאָרם און אינהאַלט איז זעלטען אַזוי שרייענדיג, ווי אין „דעם ניט געזונגענעם ליעד" אָדער „מאַדאָנא". געוועהנליך איז זי פיינער, ערלער, אבוואָהל זי בעגעגענט זיך אפטער, ווי מען רע־כענט.

* *
*

וועט דער לעזער פרעגען: וואָס זשע, הייסט עס, אַז ס'איז נויטהיג, דער דיכטער זאָל שטענדיג געברויכען אַזוינע ווערטער, וואָס פּאַסען גוט צום אינהאַלט? הייסט עס: ער דאַרף שטענדיג

זאָגנו פּ ו נ ק ט ד אָ ס, וואָס ער פיהלט און דענקט?

איידער מיר'ן ענטפערען דערויף, לאָמיר נעהמען אַביישפּיעל. אַ אידישער דיכטער רעדט צו זיין געליעבטער אין אַ ליעד „צו שפּעט“:

איך וואָלט דיך געליעבט,
נאָר איך קען ניט,
איך וואָלט דיך געליעבט,
נאָר איך ברען ניט.
מיין פייער — ער איז אבגעקיהלט.
געליעבטע, איך בין אויסגעשפּיעלט.

נאָך דער צייט ביזטו גוט געוואָרען,
איך האָב דעם חשק שוין פערלאָרען.
דו ווינסט אצינד:
„איך האָב דיר האָלד“.
צו שפּעט מיין קינד,
צו שפּעט מיין גאָלד!

פאר וואס האָסטו פריהער געשוויגען?
ווען איך האָב געזוכט דיך צו קריגען?

א. אז. וו.

געפעהלט אייך דאָס ליעד? קעגען אינהאַלט קענט איהר גאר ניט האָבען. אַ מענש האָט געליעבט, נאָכדעם איז ער אבגעקיהלט געוואָרען. אַ מענש האָט געברענט, איצט איז ער אונפעהיג צו ליעבען. דאָס פּאַסירט. פאַרוואָס ניט דערצעהלען? ניטאָ אַזאַ זאַך, וואָס מען זאָל ניט טאָרען דערצעהלען אין ליעדער. דער ריטם איז ניט שלעכט: גראָד דאָס, וואָס ער ענדערט אָפט זיין טעמפּאָ, בעשאַפט דעם איינדרוק פון אונרוהיגקייט, און דאָס פּאַסט זעהר גוט צום אינהאַלט.

פאַר וואָס זשע איז אייך פריקרע? פאַרוואָס האָט איהר דעם איינדרוק, אַז עפּעס איז דאָ ניט שעהן, כמעט ניט אַנשטענדיג? פאַרוואָס פיהלט איהר אַז מ ע ן ט אָ ר אַ ז ו י נ י ט ר י י ד ע ן וועגען אַזוינע זאַכען?

דאס איז דערפאר, וואס דעם דיכטער'ס ווערטער זיינען שוין צו נאהענט צום אינהאלט. דער דיכטער רופט אן יעדע זאך אפען ביי'ם נאמען. ער האט געוואלט בעזיצען די פרוי, דערצעהלט ער. „איך האב געזוכט דיך צו קריגען". איצט וויל ער דאס ניט מעהר, זאגט ער: „איך האב דעם חשק שוין פערלארען". ער האט קיין כח ניט, שרייבט ער: „איך בין אויסגעשפיעלט", און אז. וו. דער שלעכטער איינדרוק בעקומט זיך צוליעב דעם, וואס דער דיכטער געברויכט א שפראך פון בעגריפען, ניט פון בילדער. ער איז צו נאקעט. ער איז צו איינפאך. איינפאכקייט אין ליעדער איז א מעלה. אבער ביז א געוויסען גראד. אפט איז די איינפאכקייט פון אזא סארט, אז זי הרג'עט אוועק דאס גאנצע ליעד.

אפשר וועט אן אנדער ביישפיעל קלאהרער מאכען דעם ענין. איך נעהם צוויי ליעדער פון צוויי דיכטער. ביידע ליעדער דריקען אויס די זעלבע שטימונג. דאס ערשטע ליעד לאמיר אנרופען 1, דאס צווייטע — 2.

ליעד 1 איז אזוי:

כ'ווייס ניט וואס איך וויל;
כ'ווייס ניט וואס איך וויל ניט;
כ'ווייס ניט וואס איך ציעל·
כ'ווייס ניט וואס איך ציעל ניט.
אליץ איז רעכט און אליץ איז שלעכט,
און איך רוה ניט דורך די נעכט.

שעהן? געווים. עס ריהרט אייך כמעט. איהר פיהלט: ס'איז דא א הארץ. לאמיר אבער לייענען ליעד 2, וועלכעס רעדט פון דיזעלבע שטימונגען:

עס דאכט מיר, איך האב וואס פערלארען אין וועג,
איך ווייס דאך ניט וואס...
זאל איך צוריקגעהן? עס איז אזוי וויט —
עס איז א פערדראס!

איך האב וואס פערלארען און וויים דאך ניט וואס...
צי האט עס א ווערט?
לאז איך עס איבער — דער טאג איז שוין קורץ,
און גרוים נאך די ערד...

---

עס פאלען שוין שאטענס פון בוימער און בערג,—
מיין שאטען איז לאנג...
דאס הארץ איז ניט רוהיג, עס שרייט: קעהר זיך אום,
דער שאטען טהוט באנג!

---

דא בלייב איך גאר שטעהן אין מיטען דעם וועג,
אין חשך געהילט...
איך האב וואס פערלארען, איך וויים דאך ניט וואס—
איך האב וואס פערשפיעלט...

וועלכעס ליעד איז בעסער? דאס צווייטע. פארוואס? ווייל דא האט די שטימונג אנגענומען אן ערדלערע פארם. דאס וואס דער דיכטער פיהלט, ווערט ניט גערופען מיט זיין געוועהנליכען וואכעדיגען נאמען. ליעד 1 זאגט: כ'וויים ניט וואס איך וויל, כ'וויים ניט וואס איך וויל ניט". ליעד 2 שטעלט פאר א מענש אין מיטען וועג.: ער האט עפעס פערלארען און וויים ניט וואס. עס ציהט צוריק, נאר ער האט מורא זיך אומקעהרען; עס ציהט פארווערטס, נאר דאס הארץ איז ניט רוהיג.

— איך האב וואס פערלארען, איך וויים דאך ניט וואס —
איך האב וואס פערשפיעלט...

עס קלינגט עפעס מיט א בעזונדערער הארציגקייט, עס פיהרט אייך אריין אין א קרייז פון אינטימער נאהענטקייט צום דיכטער.

אינטערעסאנט איז, אז דער דיכטער פון ליעד 1 האט אויף דערזעלבער טעמא געשריבען צוריק מיט יאהרען, איז ביי איהם אויסגעקומען אזוי:

אײנזאם זיץ איך, ווי געפאנגען
פון א זעלטזאמען געפיהל:

עפּעס האָב איך איין פערלאַנגען,
דאָך איך ווייס ניט, וואָס איך וויל.
זיינען פריידען, זיינען ליידען
ערגעץ וואו פאר מיר בעשטעלט?
קראַנק איז איינער פון אונז ביידען! —
זאָגט: בין איך עס צו די וועלט?

שטונדען קומען און פעררינען, —
נייע, נייע קומען צו;
דאָך קיין איינע ברענגט מיין זינען
און מיין קראַנקען הארצען רוה. —
וויינען מוז איך, קען ניט ריידען,
קען ניט וויסען, וואָס מיר פעהלט.
קראנק איז איינער פון אונז ביידען! —
זאָגט: בין איך עס, צו די וועלט?

פערגלייכט דאָס לעצטע ליעד מיט ליעד 1 און איהר וועט פערשטעהן, אַז ליעד 1 איז ערגער נאָר דערפאַר, וואָס ס'איז צו נאַקעט, צו סימפּעל, צו אָרעם.

איינפאַכקייט איז אַ מעלה, אָבער נאָר דאָרט, וואו זי פער־וואַנדעלט זיך ניט אין נאַקעטקייט. נאַקעטקייט אין ליעדער איז העסליך, ווייל זי פערניכטעט די פאָרם. פאָרם אָהן אינהאַלט איז פּוסט; אינהאַלט אָהן פאָרם איז טויט. אינהאַלט און פאָרם דאַרפען בילדען איין לעבעדיגעס, אָרגאַנישעס גאַנצעס.

* *
*

מיר האָבען נאָך אַלץ צו טהאָן געהאַט מיט'ן גוף פון דער ליעד. דער גוף אַליין איז אָבער פאַרט ניט דער עקר. דער שעהנ־סטער גוף איז ניט מעהר ווי אַ שטיק לייהם, ווען ס'איז ניטאָ אין איהם קיין נשמה. אַזוי איז אויך מיט ליעדער.

III.

## 3. די נשמה פון א ליעד.

מען נעהמט ווערטער; מען שטעלט זיי צונויף אין א זאץ; מען קאמבינירט זיי דערביי אזוי, אז זיי זאָלען האָבען א ריטם, א קלאנג. איהר לייענט איבער — און ס'ריהרט אייער הארץ, ס'וועקט אייער פאנטאזיע, ס'הויבט אין אייך אויף א גאנצען אקארד פון שטימונגען און געפיהלען.

ווי אזוי איז דאָס געשעהן? דאָס איז דער גרויסער, אייביגער סוד פון שאפען. איהר קענט קיינמאָל ניט ערקלעהרען פארוואָס דאָס שעהנע איז שעהן, איהר קענט קיינמאָל ניט ערקלעהרען, פאר־וואָס איין קאָמבינאציע פון ווערטער איז פּאָעזיע, פארוואָס אנ'־אנדער קאָמבינאציע פון ווערטער איז פּוסטע דעקלאמאציע.

איהר פיהלט אָבער: איין ווערק איז לעבעדיג, דאָס אנדערע— טויט; איין ווערק איז אמת, דאָס אנדערע — פאלש.

געוועזן א רוסישער דיכטער לערמאָנטאָוו. געשטאָרבען צוריק מיט א יאָהר אכציג. האָט דער דיכטער אנגעשריבען א ליעד פון צוועלף שורות: „דער זעגעל“. צוועלף קליינע, קורצע שורות. אָבער הונדערטער טויזענדער מענשען האָבען די שורות געלייענט, און ביי הונדערטער טויזענדער מענשען האָבען אָט די געצעהלטע ווערטער ערוועקט אונקלאהרע, אָבער שטארקע שטימונגען.

מ'האָט דאָס ליעד איבערזעצט אויף אידיש; עס האָט פער־לוירען א טייל פון זיין אראָמאט, ווי שמעקעדיגער וויין, ווען מען גיסט איהם איבער פון איין גלאָז אין א צווייטער. אָבער פּרופּט לייענען דאָס ליעד אפילו אין אידיש (סעגאלאָוויטש'עס איבער־זעצונג):

א ווייסער זעגעל טראָגט זיך איינזאם
אין בלאהען נעבעל־טהוי פון מעער;
וואָס זוכט ער אין דעם ווייטען געגענד?
וואָס קומט ער אין זיין לאנד ניט מעהר?

עס פייפט דער ווינד, די וועלען שפּיעלען,
דער מאסטבוים קרעכצט און רייסט די שטריק:
אַ ניט פון גליק איז ער אנטלאָפען,
און ניט ער לויפט אצינד צום גליק...

אַ קלאָהרער שטראָם בעגלייט איהם אונטען,
און איבער איהם — די גאָלד'נע שיין...
נאר ער זוכט אומרוהיג דעם שטורעם,
ווי ס'וואָלט די רוה אין שטורם זיין...

וואָס איז דער מעהר מיט אַט די ווערטער? פאר וואָס וועקען זיי אין אייך אַזאַ אָבקלאַנג? פארוואָס קלינגט אין זיי די אייביגע איינזאַמקייט און די אייביגע אומרוהיגקייט פונ'ם גרויסען ים — און פארוואָס דערפיהלט איהר פּלוצלונג אַזאַ נאָהענטקייט, אַזאַ מערקווירדיגע קרובה'שאַפט צווישען אייער אייגענע נשמה און דעם ווייסען זעגעל, וואָס טראָגט זיך איינזאַם „אין בלויען נעבעלטהוי פון מעער"?

פאַרוואָס?

פרעגט די רויז, פאַרוואָס איז זי שעהן. פרעגט דעם שלאַנקען טורעם, פּארוואָס איהר קענט פון איהם ניט אבדייסען דאָס אויג. דער באָטאַניקער און כעמיקער וועלען אונטערזוכען די רויז, וועלען איבערצעהלען און בעשרייבען יעדעס בלעטעלע, יעדען בעזונדערען שטאָף, פון וואָס די בלעטעלעך בעשטעהען — און וועלען דאָך ניט ענטדעקען דעם שטאָף פון שעהנקייט. דער מויערער וועט איבער־צעהלען אַלע איינצעלנע ציגעל פון דעם טורעם און אַלע זיינען ליניען און ווינקלען — און וועט דאָך ניט ענטדעקען דעם סוד, פאַרוואָס דער טורעם איז פול מיט אַ בעזונדערען לעבען.

די רויז איז מ ע ה ר ווי אַ קאָמבינאַציע פון בלעטלעך. דער טורעם איז מ ע ה ר ווי אַ קאָמבינאַציע פון ציגעל. עס איז צו זיי צוגעקומען ע ט ו ו אַ ס. אין דער רויז האָט דאָס „עטוואָס" בעשאַפען די נאַטור אליין. אין טורעם שטאַמט עס פון אַ מענשען'ס פאַנטאַזיע, פון אַ מענשען'ס נשמה.

א ליעד איז אויך מעהר ווי א קאָמבינאַציע פון ווערטער. א ליעד זאָגט מעהר ווי דער דירעקטער זין פון די זאצען, וואָס בילדען דאָס ליעד. אַ ליעד האָט אַ מאָל גאָר ניט קיין לאָגישען זין, וואָס מען זאָל קענען איהם איבערדערצעהלען מיט געוועהנליכע ווערטער. און דאָך איז דאָס פול מיט אייגענאַרטיגען אינהאַלט, וואָס ווירקט אויף אונזער פסיחיק.

אַט דאָס „עטוואָס", וואָס ס'איז ענטהאַלטען אין ליעד, גיט דעם ערשט לעבען. אַט דאָס „עטוואָס" איז די נשמה פון א ליעד.

די נשמה פון אַ ליעד קענט איהר פונקט אזוי ווייניג בעשרייבען ווי די נשמה פון אַ מענשען. וואָס איז נשמה? א מענש פיהלט, דענקט, ווינשט — פעראייניגען מיר דאָס אַלעס אונטער איין בע־גריף: נשמה. א ליעד וועקט אבקלאַנגען, רופט ארויס געפיהלס־אַקאָרדען, ריהרט אונזער פאַנטאַזיע, ענטפלעקט סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען, — זאָגען מיר: דאָס ליעד האָט אַ נשמה.

א אידישער דיכטער האָט אַ מאָל געשריבען:

ס'וויל מיין הארץ דיר עפּעס זאָגען,
וואָס איהם הייליג איז און טייער,
נאָר עס קען אַ האַרץ ניט ריידען —
ס'קען נאָר פלאַקערען אין פייער.

פלאַמט עס העל ווי אַ מזרח,
און פערגעהט אין פלאַמען פייער,
און אין פייער איז עס מקריב
וואָס איהם הייליג איז און טייער.

האָבען די ווערטער עפּעס א זין, א לאָגיק? פּרופט דער־צעהלט זיי מיט פּראָסטע ווערטער. וואָס וועט אויסקומען? אימע־צענס האַרץ וויל איבערגעבען עפּעס אַ וויכטיגע זאַך; א האַרץ קען אָבער ניט ריידען, ברענט עס ווי אַ מזבח און פערברענט אין פייער דאָס וואָס ס'וויל דערצעהלען.

וואָס בעקומט זיך? אונזין. א מענש פון לאָגיק וועט קניי־טשען מיט די פּלייצעס: וואָס דרעהט ער מיר א מח?

אין אמת'ן איז דאָס ניט פאַר'ן מח, נאָר פאַר אונזער האַרץ און נשמה. איהר לייענט — און איהר פיהלט (אויב איהר האָט נאָר די פעהיגקייט צו פיהלען), אז אין די שורות ווערט אויפגע־דעקט אַ גאַנצע געשיכטע פון אַ מענשען'ס נשמה, אַ גאַנצער קנויל פון איבערלעבונגען, וואָס מען קען זיי גאָר ניט ארויסגעבען אין לאָגישע ווערטער.

אַט דאָס „עטוואָס", וואָס איז אויסער דער לאָגיק פון אַ ליעד, אַט דאָס „איראַציאָנאַלע", וואָס פערפאָלגט דעם דירעקטען אינהאַלט פון אַ ליעד, ווי אַ שאָטען פערפאָלגט אַ קער־פער — דאָס איז דער עצם, דער תוך, די נשמה פון אַ ליעד. דאָס מאַכט ערשט פון אַ ליעד אַ קונסט־ווערק.

ווי דערקענט מען, צו אַ ליעד האָט אַ נשמה, צו ניט?

קיין כללים קען מען ניט געבען. מיט אויסווייניגסטע כללים ווערט מען ווייניג געהאָלפען. מיר האָבען געזאָגט: אַ שעהנע שפּראַך, אַ בילדער־שפּראַך, אַ פּאַסענדער ריטם, אַ פאָלשטענדיגע האַרמאָניע צווישען פאָרם און אינהאַלט. אָבער דאָס זיינען אַלץ אויסערליכע זאַכען. עס קען זיין אַ ליעד מיט אַ שעהנער שפּראַך — און ס'זאָל זיין טוידט. און פערקעהרט: איהר בעגעגענט אַ מאָל אַ ליעד מיט אַן אונפאָלקאָממענער פאָרם — און דאָך לעבט עס. פאָרם און אינהאַלט מוזען נאַטירליך שטימען — אָהן דעם איז אַ ליעד לא יוצלח. אָבער דאָס אליין איז נאָך ניט גענוג צו געבען איהם לעבען.

* *
*

מען קען ניט געבען קיין כללים, ווי צו דערקענען אַ גוט ליעד. אָבער ב י י ש פּ י ע ל ע ן קען מען יאָ געבען. מען קען אוועק־שטעלען איינס אַנטקעגען צווייטען אַ שוואַך ליעד און אַ שטאַרק ליעד, אַ גוט ליעד און אַ שלעכט ליעד. זאָל דער לעזער אליין לייענען. אפשר וועט ער דערפיהלען דעם אונטערשיעד.

אַ פּאָר אַזוינע פּראָבען וועלען מיר איצט געבען.

אַט זיינען צוויי לידער, וואָס מאַלען דעם הערבסט מיט זיין אומעט. געשריבען זיינען זיי פון צוויי פערשיעדענע דיכטער. פערגלייכט זיי:

א.

דער ווינד איז שרעק און גרויל,
אין פעלד איז קיין גרינס ניטאָ.
דער בוים איז דאַר און הויל.
דער הימעל גריז און גראה.

דער שמעטערלינג איז טויט
צוזאַמען מיט דער בלום.
אין וואלד איז ליעדער־נויט,
די נעסטען פּוסט און שטום.

די זון פערגעהט אליין
אין ווייטען מערב־ראנד.
עס ציטערט ווי געוויין
און שרעקט דאָס דונקלע לאַנד.

א יתום־וואָלקען קריכט
און זוכט אין סמוטנער הויך
און ענדערט זיין געזיכט
און לעזט זיך אויף ווי רויך.

אַ קראָהע קרעכצט און שטומט,
אַ נאָסער אומעט פאלט.
די וועלט ליעגט ווי פערמומט
און אבגעלעבט און אַלט.

אַ פּחד רוקט זיך צו
און גנב'עט זיך אין הארץ.
אליין, אליין בלייבסטו
און אלץ ארום איז שווארץ.

איך האָב מיט אַ כיון גענומען אַ געלונגען ליעד. אין די זעקס סטראָפען זיינען אויסגערעכענט די וויכטיגסטע סמנים פון הערבסט: דער ווינד, די נאַקעטע ביימער, די לעדיגע נעסטען, די וואָלקענס, די קראָהען, דער אלגעמיינער אומעט. די פאָרם איז גוט. די שטימונג בעשאַפט זיך.

אָבער נעהמט אַן אַנדער ליעד:

ב.

אויפ'ן פעלד
וועהט אַ קעלט,
יאָגט אַ ווינד אַ בייזער,
און ער בויגט
און ער לייגט
צו דער ערד די גרעזער.

שטיל, מיט וועה
פאַלען זיי
צו דער ערד אנידער;
ווי געדערט:
ס'איז שוין שפּעט,
ס'העלפט ניט זיין דערוויעדער.

אויס, פאַרביי
איז דער מאַי
און דער ליעבער זומער,
סומנע, קאַלט,
און עס פאַלט
אויפ'ן האַרץ אנ'אומער.

אין ליעד ב איז דוקא ניט אויסגערעכענט קיין סך סמנים פון הערבסט, נאָר דער ווינד און די גרעזער. פונדעסטוועגען הערט זיך גוט איין צו דעם ליעד און פרעגט זיך, וואו איז דאָ מעהר הערבסט־

שטימונג: דאָ, צי אין ליעד א? וואס ריהרט מעהר אייער האַרץ: דאָס צווייטע צו דאָס ערשטע?

פאַר מיר איז קיין ספק ניטאָ, אז אין צווייטען איז דאָ מעהר נשמה. אפשר איז דאָ שולדיג דער ריטם; אפשר די הכנעה'־דיגע, אזוינע צוגעבויגענע, דערשלאָגענע ווערטער; אפשר דאָס, וואָס מיר זעהען נאָר אָט די נאַקעטע גרעזער, ווי דער ווינד לעגט זיי צו דער ערד, און דאָס איינע בילד איז שטאַרקער, איידער אַ סעריע קירצערע בילדער. און אפשר ווירקט אלעס צוזאַמען, און אפשר נאָך עפּעס אזוינס, וואָס מען קען עס גאָר ניט אַנטאַפּען. ווי די מעשה איז, אין ליעד ב איז דאָ מעהר נשמה, הגם א איז אויך גאָר ניט שלעכט.

נעהמען מיר אַנדערע צוויי ליעדער אויף דער טעמע: רעוואָ־לוציאָן, רויטע פאָהן, ארבייטער־קאַמפּף.

I.

דאָס איז די שעהנסטע צייט פון יאָהר,
דאָס איז די שעהנסטע צייט,
דורך אלע וועלטען קלינגט דער כאָר
פון מחנות ארבייטס־לייט.

איין הייליג גרויסער וואונדער־פלאַם
צינדט יעדע זעעלע אָן,
און שטאָלץ אַנטקעגען רויטען ים
ערהויב זיך, פרייהייטס פאָהן!

מאַרש, מאַרש, מאַרש,
מיט ארבייטס־פלאַג אין האַנד,
מאַרש, מאַרש, מאַרש,
מיט מוטה דורך יעדען לאַנד!

ווערען זאָל דער דריקער בלאָס
פאַר אחדות ער'לע פאָהן,
ווען עס רוישט די אר'מע גאַס
איהר ווארנונג צו מאַמאָן!

איך בין זיכער, אז ס'וועלען זיך געפינען לעזער, וואס וועלען הנאה האבען פון אזא ליעד. ביי זיי וועט אויסקומען, אז עס איז אי שטארק, אי קלינגענדיג, אי פאעטיש. איך וועל ניט געהן מיט זיי איינטענה'ען. ביטע לעזט אז אנדער ליעד אויף דער זעלבער טעמא:

II.

ניט פון גאלד־שטאף, ניט פון זיידענס
איז די פאהז געמאכט;
אין א שרעקליכען געוויטער,
אין א שטורעם נאכט,

האט געווישט דאס אלטע שפין־ראד,
און די בלייכע נויט
אין א פייכטען קעלער־ווינקעל,
ביי א חלב־קנויט,

האט געוועבט די גראהע פאדים
ריין און שטייף און גוט,
און געפארבט זיי מיט די לעצטע
טראפען אייגען בלוט.

אלע וועהטאגען און ליידען,
אלץ, וואס יאהרען לאנג
האט פערגיפטעט איהר נשמה,
ווי א בייזע שלאנג,

אלץ, מיט וואס געדריקט איהר לעבען
האט די טיראניי,
אין געמיט איהר גאל געגאסען
און אין הארצען בליי—

האַט די פאָלקס־נויט אין די רויטע
פעדעם איינגעוועבט...
זעהסט? די פאָהן — זי וועהט, זי פלאַטערט
און צום הימעל שטרעבט.

און די שאָטענס ווערען בלייכער,
און עס קרעהט דער האָהן —
און עס שיינט דער מאָרגען־שטערען
אויף דער רויטער פאָהן!...

וואו איז דאָ מעהר נשמה, אדרבה?
די פראָבע וואָלט מען געקענט פערמעהרען אָהן אַ סוף. אָבער
די ציטירטע לידער זיינען גענוג צו אילוסטרירען דאָס געזאָגטע.

---

## VI.

## לידער אָהן אַ נשמה.

איך זיץ און לייען באָוושאָווער'ס לידער, און מיר ווערט אַלץ שווערער אויפ'ן הארצען. מענשען זאָגען, אַז ער איז געווען אַן אינ־טערעסאַנטע פערזאָן, אַ טרוימער, אַ פאַנטאַסט, אַן אמת־פאָעטישע נאַטור. קען זיין. מענשען, וועלכע האָבען מיט איהם צוזאַמען גע־לעבט און מיט איהם צוזאַמען געליטען, דערצעהלען וועגען איהם פיעל שעהנעס.

פאַר מיר איז באָוושאָווער — ניט מעהר ווי אַ שטיק פערגאַנ־גענהייט, אַ קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון אונזער ליטעראַטור. איך לייען באָוושאָווער'ן, איך פרוף אריינדרינגען אין זיינע ווערק, ווייל איך וויל ארויסרופען אין מיין פאָרשטעלונג אַ דייטליך בילד פון'ם דיכטער. און וואָס מעהר איך לייען, אַלץ קלאָהרער ווערט פאַר מיר, אַז ער איז גאָר ניט געווען קיין פּאָעט. און וואָס קלאָהרער דאָס ווערט מיר, אַלץ שווערער שטעלט זיך מיר פאַר די אויפגאַבע דאָס צו דערווייזען.

אדרבא, ווי מאכט מען יענעם פיהלען — ניט פערשטעהן, נאר פ י ה ל ע ן — אז די שעהנסטע, פראגרעסיווסטע גדאנקען, אויס־געדריקט אין דער קלינגענדיגסטער פאסענדסטער שפראך און מיט א זעהר גלאטען פעהלערלאזען ריטם, זיינען נאך אלץ ניט קיין פאעזיע? אז א געשעהעניש, אז און פאר זיך ריהרענד, איבערדער־צעהלט מיט זעהר פיינע ווערטער און מיט לעבעדיגע איינצעלהיי־טען, קען נאך אלץ פעררעכענט ווערען אין דער אבטהיילונג פון צייטונגס־רעפארטען גיכער ווי אין ליטעראטור?

פרופט, נעהמט צונויף א הונדערט ארבייטער, וואוילע, טהיי־ערע, פראגרעסיווע, קלאסען־בעוואוסטע, אויף אידישער ליטערא־טור ערצויגענע, אין סאציאליסטישען חדר אויסגעהארעוועטע אי־דישע ארבייטער — (ב ע ס ע ר ע ארבייטער! די ס מ ע ט ע נ ע פון דער ארבייטער־מאסע!) — און לייענט פאר זיי, איך בעט אייך, א פאר ליעדער פון באוושאווער'ס זאמלונג. וואס וועט זיין? איהר וועט זעהן, אז פון הונדערט וועלען ניינציג זיין ענטציקט און בעגייסטערט און „ליהודים'דיג", און מ'וועט ערקלעהרען אהן טענות ומענות: א גרויסער דיכטער! א שטארקער דיכטער!

אט א די ניינציג אארען מיך. און איך בין זיך מודה: איך שטעל מיר ניט פאר, ווי לאזט מען זיי פיהלען, אז דאס איז פארט ניט קיין פאעזיע.

אט איז באוושאווער'ס א טיפישע ליעד:

די הייזער ווערען העכער,
די לענדלארדס ווערען שטרענגער;
מיר שלאפען אויף די דעכער,
אין שטוב ווערט אימער ענגער.

די ארבייטס־צייט ווערט גרעסער,
דער ארבייטס־לוין ווערט קלענער;
די באסעס געהט עס בעסער,
זיי ווערען דיקער, שעהנער.

די ריכטער ווערען שלעכטער,
ווי וואַהרע קאַניבאַלען;
און דער וואָס איז גערעכטער,
דער מוז אַלס אָפּפער פאַלען.

די פוהר־לייט פון גן־עדן,
רבנים ווי אויך פּריעסטער —
זיי הייסען אונז ניט ריידען,
ווען ד י וועלט ווערט אונז פינסטער.

ניט מעהר אזוי פיעל יאָהרען
וועט אייך דאָס פאָלק פערשווייגען;
דער ראכע־גייסט, דער צאָרען,
ער האלט אין ווילדען שטייגען.

דריקט מעהרער, איהר האבונעס,
און טאַנצט אין די פּאלאצען,
ציהט שטאַרקער אַז די סטרונעס —
און די געדולד וועט פּלאצען.

אמת? אודאי! ריכטיג ווי גאָלד! מיט אנדערע ווערטער שטעהט דאָס אפילו אין „קאַפּיטאַל" פון מארקס און אין דעם „ערפורטער פּראָגראם". אין עדיטאָריאלס פון סאָציאַליסטישע צייטונגען — אודאי און אודאי.

די שפּראך איז גוט? אודאי. ריינע קלאָהרע אידיש, איינפאך, ליעבליך, און ס'איז כמעט ניטאָ קיין איבעריג וואָרט. פּינקטליך אָבגעמאָסטען און אָבגעוואויגען.

דער ריטם? אויסגעצייכענט! קלינגענדיג, מעלאָדיש, אָהן א שטיקעלע פּגימה. די גראמען זיינען אַלע אזוינע געזונטע, פולגעוויכטיגע, אז אויף אַלע אונזערע דיכטער געזאָגט געוואָרען.

און דאָך — עס פעהלט נאָר איין קלייניגקייט: א נ ש מ ה. עס פעהלט דער אינווענינגסטער ציטער פון לעבען. איהר פיהלט

ניט, אז דאָס איז דעם דיכטער'ס אינטימעס, אייגע־נעס, מיט האַרץ־בלוט פערוועבטעס.

איז ער ניט אויפריכטיג? חלילה! געוויס מיינט ער, וואָס ער שרייבט. נאָר וואָס דען? ער דענקט דאָס. ער טראַכט וועגען דעם אין אלגעמיינע בעגריפען און דריקט דאָס אויס אין אל־געמיינע ווערטער. זיינע געפיהלען, אויב ער האָט זיי, זיינען העכסטענס סימפּאַטיע־געפיהלען צו די אונטערדריקטע. אָבער דאָס וואָס ער דערצעהלט אונז איז ניט קיין ודוי פון א נשמה.

און אויב איהר ווילט, איז אויך דאָס מיר ניט וויכטיג. זאָל ער פיהלען, זאָל ער ניט פיהלען, זאָל ער האָבען א נשמה, זאָל ער זיין גאָר אהן א נשמה. נישט מיין דאגה. אבי ביי מיר, ביים לעזער, זאָל זיך בעקומען א געפיהל פון אן איינציגאַרטיגער איבערלעבונג; אבי מיר זאָל זיך דאכטען, אז דאָ איז אלגע־מיינעס וועה דורכגעגאנגען דורך די טיעפענישען פון א בע־זונדערען אינדיווידואום און בעקומען א כח צו ריהרען אנדערע.

און דאָס פעהלט. און דאָס מאכט פאר מיר אלע באָוושאַ־ווער'ס ליעדער טויט.

זאָל איך נאָך נעהמען ביישפּיעלען?

גוט: איך רעקאָמענדיר דער אויפגעקלעהרטער אויפמערק־זאַמקייט פון אונזערע געעהרטע לעזער אזאַ מין טייל פון א פראָ־קלאַמאַציע, וועלכע איז ערשיענען אין איינעם פון די שטורעם־יאָהרען.

די רעוואָלוציע געהט!

די רעוואָלוציע איז נאָהענט. זי קומט, ווייל טיראַנען האָבען זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן טראָן פון די פעלקער. זי קומט, ווייל דעם פריעדען פּיטערט מען איצט מיט קאַנאָנען און פּולווער און בליי. זי קומט, ווייל די וועלט איז צור־טיילט, און צוריסען איז דער בונד פון דער מענשהייט. זי קומט, ווייל מ'האָט דעם ערדלאָזען וועלט־רוים פערשלאָסען פאַר דעם גייסט פון דער צייט.

היט זיך, טיראנען! אייך, געהייליגטע געלד־זעק, גע־זאלבטע, געקרוינטע באַנדיטען, וועט זי פערניכטען צוזאַ־מען מיט אייערע זיטען און פאלשע געזעצען; זי וועט דער־שטעכען אייערע הערצער, וואָס שמאַכטען נאָך מענשען־בלוט; זי וועט צוברעכען אייערע גאָלדענע קרוינען און סצעפּטער, זי וועט צעפּליקען אויף שטיקלעך, ווי שמאַטעס, אייער פּורפּור...

געפעלט אייך דער אויפרוף? מיר — ניט. עס איז אַ שאַבלאָן. עס איז האָליז. פיעל מליצה און קיין לעבעדיגער טאָן.

נאָר מילא, אַז אויפרוף ווי אַן אויפרוף. אַז מען דאַרף אַגיי־טירען — העלפט ניט. ניט שטענדיג קען מען זיך פערזאָרגען מיט אַ ג ו ט ע ן פּראָקלאַמאַציע־שרייבער

וואָס זשע וועט איהר אָבער זאָגען, ווען איהר וועט לייענען פאָלגענדע סטראָפען?

איך קום, ווייל עס האָבען טיראַנען פערוואַנדעלט די
פעלקער אין טראָנען;
איך קום, ווייל מען פּיטערט דעם פריעדען מיט פּולווער
און בליי פון קאַנאָנען;
איך קום, ווייל מען וויל פאַר דעם צייט־גייסט דעם
ענדלאָזען וועלט־רוים פערשליסען
און אייך, איהר געהייליגטע געלד־זעק, געזאַלבטע,
געקרוינטע באַנדיטען,
איך וועל אייך פערניכטען מיט אייערע פאַלשע געזעצען
און זיטען,
און אייערע הערצער, וואָס שמאַכטען נאָך מענשען־בלוט,
וועל איך דערשטעכען,
און אייערע קרוינען און סצעפּטער, די גאָלדענע,
וועל איך צוברעכען!
איך וועל אייער פאַרביגען פּורפּור ווי שמאַטעס אין
שטיקלעך צופּליקען...

דאָס איז פון באַוושאַווער'ס אַ ליעד מיט'ן נאָמען „רעוואָ־לוציאָן". די אויבענגעבראכטע פּראָקלאַמאַציע ענטהאַלט די זעל־ביגע ווערטער, נאָר איז אַן אַנדער אָרדנונג. קען דען די אָרדנונג אַליין פּערוואַנדלען שלעכטע פּראָזע אין גוטע פּאָעזיע?

וואָס איז דאָ דער מעהר? די רעוואָלוציאָן קען זיין אַ פּערזענליכע איבערלעבונג פון אַ מענשען; עס קען זיך אין איהר פיהלען, ווי עס האָמערט אין שטורעם אַ האַרץ, ווי עס זידט און ווערט רויטער אַ מענשענ'ס בלוט. ווען דאָס איז דאָ, פערשפּאַרט מען אפשר גאָר די קאַזיאָנע ווערטער פון אַ פּראָקלאַ־מאַציע, מאָלט מען אַמאָל אַזאַ בילד. וואָס האָט גאָרניט צו טהאָן מיט באַריקאַדען און סצעפּטערס און קרוינען. און ס'קען זיך מאַכען,אַז גראַד אַזוי זאָל זיך אונז איבערגעבען דער אטהעם פון רעוואָלוציע אַם שטאַרקסטען.

ביי באַוושאַווער'ן איז דאָס ניטאָ. איהר וואַנדערט איבער זיינע ווערק און זעהט: אַ מענש טראַכט, אַ מענש סימפּאַטיזירט, אַ מענש האָט אַ זעהר פיינע סאָציאַליסטישע, רעוואָלוציאָנערע וועלט־אַנשויאונג, און ער דערצעהלט אייך דאָס גלאַט און פיין. נאָר קיין איינציג מאָל פערטשעפּעט עס אייך ניט פערבייגעהענדיג, וואַרפט עס אין אייך ניט אַריין קיין פונק.

נאָך אַ ביישפּיעל? אָט איז אַ נאַטור־שטימונג:

וועז איך שטעה אַמאָל ביים ים ביינאַכט,
אין וועה פערזונקען, שטום, פערטראַכט,
און הער דעם שטילען וועלען־ראַש,
דאַן זיפץ איך, וויין און קרעכצע אויס:
זי שלאָפט די פרייהייט אויף דער וועלט,
דערשטיקט פון רויבער, קנעכט פון געלד,
זאָ זיפצעט, קרעכצט זי, ווי דער ים,
פון טיעפען שמערץ, פון וועה, פון גראַם...

* *
*

איך נייס, איך בין איינזייטיג, נאָר איך טהו דאָס בכיון. איך ווייס: מען וואָלט געדאַרפט באָוושאָווער'ן בעטראַכטען היסטאָריש; מען וואָלט געדאַרפט זעהן, וואָס האָט ער אריינגעטראָגען אין אמעריקאַנער לעבען, אין אמעריקאַנער אידישער ליטעראַטור; מען וואָלט געדאַרפט פערגלייכען, ווי האָט איבערהויפּט אונזער אידישע פּאָעזיע אויסגעזעהן צוריק מיט אַ יאָהר צוואַנציג — פינף און צוואַנציג און וואָס פאַר אַ נייעס באָוושאָווער איז ד ע מ אָ ל ס אין איהר געווען. מען דאַרף אָבשאַצען זיין ווירקונג אויף דער ערציהונג פון די אידישע ארבייטער און ז. וו.

איך שטעל מיר דאָ אָבער גאָר ניט אַזאַ אויפגאַבע. איך האָב בכלל ניט ברעה ארומצורייידען באָוושאָווער'ן פון אַלע זייטען. דאָס איז מיר פשוט ניט אינטערעסאַנט. מעגליך, אַז ס'איז דאָ ביי איהם אויך איינינגע בעסערע לידער. מעגליך, אַז ער האָט שעהנער געפיהלט, איידער ער האָט געקענט דערצעהלען. איך לייקען ניט. נאָר ניט דאָס בין איך אויסען. מיין איינציגע אויפגאַבע איז צו ווייזען, ווי אַ דיכטער קען ווערען בעריהמט, כאָטש ס'איז ניטאָ דער לעבעדיגער פונק אין זיינע לידער.

.(1915)

---

## VII.

## טענדענץ און קונסט.

ס'איז געווען אויף אַ ליטעראַרישען אָבענד. דער זאַל איז געווען פול מיט יונגע ארבייטער. אויף דער עסטראַדע האָט מען פריהער פאַרגעלעזען פּרץ'עס אַ חסיד'ישע מעשה'לע, נאָכדעם אנכי'ס אַ ערצעהלונג, נאָכדעם נאָך עפּעס אַ שטיקל פּאָעטישע זאַך. דער עולם האָט געפּאַטשט „בראַוואָ", אָבער מ'האָט געזעהן, אַז ס'איז

ניטאָ דער אמת'ער ברעז. נאָכדעם איז ארויף אַ נייער פּאָרלעזער און געגומען „בראַקען" יעקב גאָרדין'ס עפּעס אַ אַגיטאַציאָנס־שטיק, וואו דער ארבייטער טענה'ט זיך אוים מיט די בעלי־בתים. די זאַך איז געווען אַ ביליגע, טרוקען ווי האָלץ, מליצה'דיג, ווי אַ „קאמפּיין־ספּיטש". אָבער די זאַך האָט אויסגענומען. די הערער האָבען זיך דערוואַרעמט. אויגען האָבען אָנגעהויבען לייכטען. דער זאַל האָט געשטורעמט מיט בעגייסטערטע אַפּלאָדיסמענטען.

עס איז געווען קלאָהר: מ'האָט דאָ אויסגעביטען די ק ו נ ס ט אויף דער א י ד ע ע; מ'האָט זיך אָבגערופען ניט אויף דעם ווערק אַלס אַזעלכען (דאָס ווערק האָט קיין שום ווערטה ניט), נאָר אויף די ג ע ד אַ נ ק ע ן, וואָס זיינען דאָרט ענטהאַלטען. מ'האָט געטהאָן דאָס זעלביגע, וואָס דער המון אין טהעאַטער, ווען ער אַפּלאָדירט דעם ארטיסט ניט פאַר זיין שפּיעל, נאָר דערפאַר וואָס ער שטעלט פאָר אַ פיינעם מענשען.

פון קאָנצערט בין איך אוועקגעגאַנגען צו אַ פריינד און גע־טראָפען דאָרט צוויי יונגע דיכטער. זיי זיינען געווען פערטיעפט אין אַ שטאַרקען וכוח וועגען קונסט און קינסטלער. ביידע האָבען זיך געקאָכט, ביידע האָבען געשאָטען מיט בליצען, אָבוואָהל ביידע האָבען, דאָכט זיך, געהאָט די זעלביגע געדאַנקען.

צום טייוועל מיט אייער „געזעלשאַפט", מיט אייערע „סאָציאַלע פּראָבלעמען"! — האָט איינער געשטורעמט. — קונסט איז אינדיווידועל. זעצט איהר זיך אויף דעם סאָציאַלען אָדער נאַציאָנאַלען פערדעל, ווערט איהר אָם ירצה השם פערפאַהרען אין די פּלאַכע פעלדער, וואו עס פּאַשען זיך בהמות.

דער אַנדערער האָט אָנגעשטעלט זיינע בלאַהע, קורצזיכטיגע אויגען ערגעץ אין אַ ווייטקייט און געזאָגט:

— דער ערגסטער פיינד פון קונסט איז אַ אידעע. נעהמט איהר זיך נאָר אַריין אַ קלאָרע, קיילעכדיגע, אָבגעוואויגענע אידעע אין אייער קאָפּ אריין, האָט איהר געקוילעט אַ קינד אין זיין שעהנסטער יוגענד. קונסט איז געגוג פאַר זיך אליין, ווי די זון, ווי מיין נשמה.

איך האָב געהערט און זיך געטראַכט, אַז פון די צוויי ביז דעם פּובליקום דאַרט אין זאָל איז גאַר ניט קיין ווייטער מהלך. אי די, אי יענע שטעהען אייגענטליך אויף דעם זעלביגען באָדען. אי די, אי יענע זיינען געפאַנגען פון א י נ ה א ל ט. נישט מעהר. איינע האַלטען פון א י י ן אינהאַלט, די אנדערע פון אַ צ ו ו י י־ ט ע ן. וואָס איינע איז ליעב, איז די אנדערע — אַן עקעל.

ווער זשע איז גערעכט? אונז דאַכט זיך, אַז איבערהויפּט קען מען ניט איינטיילען קיין קינסטלער לויט די טעמען, וואָס זיי בעהאַנדלען. דיקטירען אַ שריפטשטעלער, אַז איינס מעג ער שרייבען, דאָס אנדערע ניט — הייסט ניעדעריג מאַכען אי די קונסט, אי די שרייבער.

עס איז ניטאָ קיין גוטע און קיין שלעכטע טעמען. יעדע טעמע איז גוט, אויב זי איז אַזוי בעאַרבייט פון׳ם קינסטלער, אַז זי בע־קומט לעבען. יעזוס קריסטוס איז אונצעהליגע מאָל פאַרגעשטעלט געוואָרען דורך דורות פון מאַלער. אין די יעזוס־בילדער האָבען די קינסטלער געפּרופט אריינלעגען אַל דאָס הייליגע און ערהאבענע און אייביג־מענשליכע, וואָס זיי האָבען נאָר געקענט דערגרייכען. זאָל אָבער קומען אַ קינסטלער און זאָל מאַהלען מיט דער זעלביגער ליעבע דעם טייוועל, און זאָל דאָס ווערק פול זיין מיט אמת (די חימערען אויפ׳ן „נאָטר דאם דע פּאַרי" זיינען אזא פּראָבע אין שטיין) וועט דאָס זיין ניט ווייניגער קונסט־ווערק. פרומע קריסטען וועלען קוקען אויפ׳ן הייליגען בילד און זיך צלם׳ען, און קוקען אויפ׳ן טייוועל און שפּייען. מיר אָבער וועלען לאַכען פון זייער דומהייט. מיר וועלען זאָגען, אַז אַלס קונסט־ווערק זיינען אונז אַלץ איינס אי דער גאָט, אי דער טייוועל. אַ שטאַרקער גאָט איז בעסער פון אַ שוואַכען טייוועל. אַ שטאַרקער טייוועל איז בעסער פון אַ שוואַכען גאָט. אַלץ ווענדט זיך, ווי דאָס איז בעשאַפען, ווי דאָס רעדט צו אייער גייסט, אייער געפיהל, אייער פאָרשטעלונגס־קראַפט. לויבען דעם קינסטלער, וואָס מאָלט אַ גאָט, און טאַדלען דעם קינסטלער, וואָס מאָלט אַ טייוועל, איז פּונקט אַזאַ אונזין, ווי אַפּלאָדירען אַן אַקטיאָר, וואָס שפּיעלט דעם עהרליכען מאַן, און אויספּייפען דעם אַקטיאָר, וואָס שפּיעלט דעם פערברעכער.

עס איז ניטא קיין פראגרעסיווע און רעאקציאנערע קינסטלער, אלס קינסטלער. יעדער קינסטלער מוז ליעב האבען דאס, וואס ער שאפט, מוז זיך אין דעם אריינלעבען, מוז דאס מאכען א טייל פון זיין איך. וואס ער בעהאנדעלט — דאס איז פון קונסט־שטאנדפונקט ניט אזוי וויכטיג. טאלסטאי האט מיט אן אונפערגלייכליכער ליעבע געמאלען דעם רוסישען אדעל. גארקי האט אין זיין „מוטער“ געמאלען דעם רעוואלוציאנערען פראלעטאריער. פון סאציאלאגישען שטאנדפונקט איז דער אריסטאקראט ווראנסקי א רעאקציאנערער טיפ, דער העלד פון דער „מוטער“ א פראגרעסיווער. דער סאציאלער פארשער קען נעהמען די דאזיגע טיפען און זיי אונטערזוכען, און געפינען אז דער באסיאק גארקי האט מעהר געפיהלט דעם גאנג פון דער מאדערנער געזעלשאפטליכער ענטוויקלונג, איידער דער גראף טאלסטאי. דאס אלעס וועט אפשר זיין ריכטיג און אינטערעסאנט, אבער דאס וועט אבסאלוט ניט האבען צו טהאן מיט דעם ווערטה פון טאלסטאי און גארקי אלס קינסטלער. טאלסטאי וועט ניט ווערען רעאקציאנער צוליעב דעם, וואס ער האט געמאלען ווראנסקי'ן. גארקי וועט ניט ווערען רעוואלוציאנער צוליעב דעם, וואס ער האט געשריבען „די מוטער“. עס קאן גראד זיין, אז אין געזעלשאפטליכער ארבייט זאל איין קינסטלער זיין בורזשואזיש, דער אנדערער פראלעטאריש, דער דריטער רעאקציאנער. אבער דאס וועלען זיי זיין צוליעב אנדערע האנדלונגען, ניט צוליעב זייער קונסט־שאפונג. אין דער קונסט איז נאר א פראגע, צו דאס ווערק איז גוט אדער שלעכט. גוט איז ניט דאס, וואס דריקט אויס א גוטע אידעע. שלעכט איז ניט דאס, וואס שטעלט פאר א שלעכטע ערשיינונג. גוט הייסט דאס ווערק, וואס האט מעהר לעבען, וואס רעדט צו אונז מיט מעהר קראפט, וואס ריהרט אונז טיעפער. שלעכט איז דאס, וואס ס'איז טויט, וואס ס'איז געקינסטעלט, וואס ס'האט ניט קיין אייגענע נשמה.

ביי אונז אין דער אידישער ליטעראטור האט פרץ בעזונגען די חסידים, באוושאווער — דעם קאמפף פון די ארבייטער פאר פרייהייט; שלום עליכם האט געמאלען טוביה דעם מילכיגען, עדעלשטאדט — די געפיהלען פון א מאדערנעם פראלעטאריער. פונ־

דעסטווענגען א ל ס ק י נ ס ט ל ע ר זיינען פּרץ און שלום־עליכם העכער און בעסער, ווי באַוושאָווער און ערעלשטאַדט. איין מעשה פון טוביה דעם מילכיגען איז אלס קונסט־ווערק מעהר ווערטה, ווי אַ גאַנצער באַנד טענדענציעזע רעוואָלוציאָנערע ליעדער.

עס איז איבערהויפּט ניטאָ קיין טענדענציעזע קינסטלער. עס איז נאָר דאָ גוטע קינסטלער און שלעכטע קינסטלער. יעדער קינסטלער איז טענדענציעז — אויב מיר פערשטעהען אונטער טענדענץ די כונה, די שטרעבונג צו בעאיינפלוסען דעם צושויער אָדער דעם לעזער. אַפילו דער ריינער ליריקער „זינגט" דאָך אויך ניט אין דער וועלט אַריין, נאָר ער האָט אַ טענדענץ — אַ כונה צו ווירקען אויף זיין לעזער אין אַ בעשטימטער ריכטונג. דער ראָ־מאַן־שרייבער, דער נאָוועליסט, דער דראַמאַטורג האָבען שוין אודאי זייערע טענדענצען. כמעט אַלע מאָל האָט דער פערפאַסער אַ גע־וויסען געדאַנק, אַן אידעע, אַן אידעאַל, וואָס ער וויל ווייזען אין זיין ווערק. וואס רייכער אַ ווערק איז, אַלץ מעהר איז דאָס דורכ־געדרונגען מיט אידעען. וואָס ברייטער עס איז די גייסטיגע וועלט פון דעם פערפאַסער, אַלץ מעהר געדאַנקען וועלען אין דעם ווערק זיין פערקערפּערט. אָבער דאָס וועט כלל ניט שאַדען דעם כאַראַק־טער פון'ם ווערק אַלס קונסט־ווערק, אויב נאָר ס'איז טאַלאַנטפול. „האַמלעט" איז טענדענציעז; „דאָקטאָר שטאָקמאַן" איז אודאי טענדענציעז; שילער'ס „רויבער" — שוין גאָר ניט צו ריידען; „קריעג און פריעדען" איז דורכגעוועבט מיט אַבסטראַקטע אידעען; סטרינדבערג האָט אין פיעלע ווערק געפּרעדיגט סאָציאַלע אידעען. און דאָך זיינען דאָס אַלעס — אויסגעצייכענטע קונסט־ווערק. דער ווערטה פון אַ קינסטלער בעשטעהט ניט אין דעם, צו ער איז אָרים, צו ער איז רייך אין אידעען. ער קען זיין אַ געטהע און שרייבען אַ „פאַאוסט" און איהם אָנפילען מיט די טיעפסטע פילאָזאָפישע פראַגען — און דאָך זיין אַ געוואַלדיגער קינסטלער. און ער קען זיין אַ פאָטאָגראַף, אַ פּשוט'ער זיטען־מאָלער, געבונדען צום „ווירק־ליכען לעבען" ווי אַ קאַטאָרזשניק צו זיין טאַטשקע — און זיינע ווערק זאָלען פאָרט ניט ווערטה זיין גאָר ניט.

מען קען דעם קינסטלער ניט דיקטירען, וואָס ער מעג שרייבען און וואס ער טאָר ניט. ניטאָ קיין ערגערע זאַך, ווי שטעלען אַ צאַם

דעם פרייען שוואנג פון דעם קינסטלער'ס שאפען. איינער וועט קומען און וועט זאגען, אז ליעבע איז אויס מאָדע. אן אנדערער וועט דעקלארירען, אז דער גורל פון דער נאציאָן איז ניט קיין טעמע פאר א קינסטלער. א דריטער וועט אויסמעקען די סאָציאַלע פראבלעמען פון דעם דיכטער'ס געזיכטס־קרייז. א פערטער וועט דוקא פערלאנגען, אז מען זאָל איהם מאַלען געזעלשאַפטליכע אונ־גלייכהייט און סאָציאַלע קאָנפליקטען. די אלע, וואָס קומען מיט אזוינע טענות און תביעות, פערזעהען דעם ריכטיגען ווערטה פון קונסט, פערגעסען, אז קונסט קען ניט ווערען אריינגעשפּארט אין א פּראָגראם, קען ניט ווערען געצוואונגען צו דיענען זייטיגע אינ־טערעסען. אַלע ארטען ליטעראטור זיינען גוט, א חוץ דער לאנג־וויילינגער, — האָט אמאָל געזאָגט א דענקער. אַלע ארטען ליטערא־טור זיינען גוט, א חוץ דער טאַלאַנטלאָזער — ווע‏לען מיר צוגעבען. יעדער קינסטלער האָט דאָס רעכט צו בעהאנדלען דאָס, וואָס איהם איז צום הארצען. אויב איהם ציהען סאָציאַלע אָדער נאציאָנאַלע טעמען, איז לעבערליך צו ערקלעהרען, אז צוליעב די טעמען אַליין ווערט ער אויס קינסטלער. אויב איהם אינטערעסירט דאָס ריין־אינטימע, וואָלט געווען אן אונרעכט, ווען אן אנדער „שולע" וואָלט איהם ערקלעהרט מחוץ למחנה.

עס איז ניטאָ קיין ניי־מאָדישע און אלט־מאָדישע קונסט. „מאָדע" איז נאָר א פראגע פון פאָרם, ניט פון קונסט־ווערטה. שלום עליכם שרייבט אויפ'ן אלט־מאָדישען שטייגער, פונדעסט־וועגען, הלואי אויף פיעלע נייע אזאַ געבענשטע פעדער. פון דער אנדערער זייט קענט איהר זעהן כלומרשטע יונגע, וואָס טהוען אָן א שפּאָגעל־נייעם בגד פון מאָדערנער פאָרם און בלייבען דאָך אדם נאקעט.

ס'איז דאָ נאָר איין קריטעריום פאר קונסט־ווערק, פאר פּאָ־עטישע און ליטעראַרישע שאפונגען: אז דאָס זאָלען זיין עכטע קונסט־ווערק. אַלעס איבעריגע איז א ביי־זאַך, איז ניט וויכטיג.

* *
*

מ'האָט געהערט װעגן באַװשאַװער'ן. זײנע פֿערעהרער קענען זיך פֿיהלען געקרענקט. היתכן? באַװשאַװער איז געװען אַזאַ גוטער סאָציאַליסט, אַזאַ פֿרײנד פֿון דער רעװאָלוציאָן, אַזאַ איבער־געבענער זינגער פֿון דעם ארבײטער'ס נױט און עלענד, און פּלוצלונג װערט ער ארונטערגעריסען. און פֿון װעמען? פֿון אַ שרײבער, װאָס געהער צו דעם זעלביגען לאַגער.

די דאָזיגע פֿרײנד װילט זיך מיר טרײסטען. קײנער מײנט ניט, חלילה, לײקענען דעם װערטה פֿון באַװשאַװער'ן אַלס אַגיטאַטאָר. קײנער װיל איהם ניט „ארונטעררײסען" אַלס אַ שרײ־בער, װאָס האָט געװעקט און װעקט נאָך איצט אױך אין די אר־בײטער גוטע געפֿיהלען. נאָך מעהר: קײנער לײקענט ניט, אַז אַזױנע שרײבער זײנען נױטיג און װיכטיג. און קײן סאָציאַליסטישע רעדאַקציע װעט זיך ניט אָבזאָגען צו דרוקען אַזאַ לעזע־שטאָף, װי באַװשאַװער'ס ליעדער.

ניט מעהר: מען דאַרף געדענקען, אַז דאָס איז קײן פּאָעזיע ניט.

ס'איז דאָ מיליטערישע מוזיק און ס'איז דאָ סימפאָנישע קאָנ־צערטען. קײנער לײקענט ניט, אַז מיליטערישע מוזיק איז נױטיג. זי הױבט דעם גײסט פֿון די קעמפֿפֿער. זי מאַכט פֿערגעסען די מיעדקײט. זי אָטהעמט מיט פֿרישקײט, ענטשלאָסענהײט, גבורה. עס װאָלט געװען לעכערליך, װען אײנער קומט און ערקלעהרט, אַז מיליטערישע מוזיק איז אַן איבעריגע זאַך. עס װאָלט אָבער פּונקט אַזױ געװען לעכערליך, װען אימיצער װאָלט זיך בעלײדיגט, װאָס דאָס שפּיעלען פֿון אַ מאַרש־אָרקעסטער װערט ניט פֿעררע־כענט פֿאַר דעם העכסטען אױסדרוק פֿון מוזיק.

די „מאַרסעליעזע" אַלס ליעד איז ניט קײן פּאָעזיע. די „מאַרסעליעזע" אַלס מוזיק האָט ניט קײן הױכען װערטה. פֿונ־דעסטװעגען האָבען אי די װערטער, אי דער נגון פֿון דער „מאַר־סעליעזע" געשפּיעלט אַ געװאַלדיגע געזעלשאַפֿטליכע ראָלע. װאָס

זשע? זאָלען מיר צוליעב דעם ניט טאָרען זאָגען, אַז פון ק ו נ ס ט שטאַנדפונקט זיינען דאָס שוואַכע זאַכען?

באָוושאָווער איז אַן אויסגעצייכענטער געזעלשאַפטליכער אַגי־טאַטאָר. זיין חסרון איז ניט דאָס, וואָס ער איז טענדענציעז. זיין חסרון איז דאָס, וואָס אין זיינע ליעדער איז ניטאָ דער פונק פון אמת'ן לעבען. וואָס זשע, זאָלען מיר דאָס ניט טאָרען אויסזאָגען צוליעב דעם, וואָס ער איז אַן אייגענער?

(1915—1916)

# ש. פ ר ו ג.

I.

ווייל מען פערשטעהן אַ דיכטער, איז אמאָל ניט איבעריג צו בעטראַכטען, ווי האָט ער אליין געקוקט אויף זיין ארבייט. געוועהנליך איז דאָס ניט שווער, ווייל דיכטער דערצעהלען גערן וועגען זייערע מוזעס. פרוג איז, פערשטעהט זיך, ניט קיין אויסנאהם. פרוג האָט אפשר מעהר ווי אנדערע ליעב צו דערצעהלען וועגען זיין דיכטערישער טהעטיגקייט. פרוג האָט ליעב זיך צו ק ל אַ ג ע ן. אין איהם איז זעהר שטאַרק ענטוויקעלט דאָס, וואָס די העברעאישע פאָעטען פלעגען אמאָל רופען „השתפכות המשורר“.

ווי זשע קוקט פרוג אויף זיין אויפגאַבע אלס דיכטער?

אין אַ מינוט פון שטילער בענקשאַפט נאָך פערגאַנגענער יוגענד און פערגאַנגענער קראַפט דערצעהלט ער אונז:

„איך האָב געגלויבט: איך וועל מיין פאָלק
פון שלאָף ערוועקען און בעפרייען;
זיין אלטע ברוסט, זיין אלטען גייסט
מיט קראַפט בעפרישען און בענייען.

איך וועל איהם צייגען, וואו עס ליגט
דער רעכטער וועג, וואָס וועט איהם פיהרען
צו קראַפט און לעבען, ליכט און גליק,
זיין קאָפּ בעקרוינען און בעציערען“.

צו דער דאָזיגער טהעמא קעהרט זיך פרוג אום ניט איין מאָל און ניט צוויי. ער האלט אין איין אויס'טענה'ן זיך מיט דעם אידי־

שען פאָלק. ער, דער דיכטער, וויל וועקען און רופען און לער־נען — און דאָס פאָלק איז טויב און בלינד און וויל ניט פערשטעהן. אין אַ ליעד צו מיכל גאָרדאָן קלאָגט ער זיך, אַז דער אידישער מוזע איז דאָך נאָר בעשערט איינס:

„צו כשר'ען הערצער, צו שייערען קעפּ
און כאַפּען ניט זעלטען אי קללות, אי קלעפּ..."

דאָס פאָלק וויל דעם דיכטער ניט הערען. עס קוקט אויף איהם ווי אויף אַ בייז וואונדער.

אידען זיינען געוועהנט צו אַ מגיד, צו אַ בדחן, צו אַ פּאַיאַץ, אָדער צו סליחות און קינות, וואו מען קען געשמאַק אויקען און זיפצען. אידען זיינען געוועהנט צו אַ מעשה־ביכעל, וואָס זיי קויפען עס ביים פּאַקען־טרעגער צו פערברענגען די צייט. אָבער „וואָס ווייסט אַ איד, ווי קען אַ איד פערשטעהן, וואָס ס'טהוט זיך אין דעם דיכטער'ס הארץ?"

אַט אַ די דילעמאַ בעשעפטיגט שטענדיג פרוג'ען: אָ ד ע ר — אָ ד ע ר. אָ ד ע ר „צייגען דעם ריכטיגען וועג", אָ ד ע ר זיין אַ בדחן; אָדער „וועקען פון שלאָף", — אָדער טרייבען לצנות; אָדער „כשר'ען הערצער און שייערען קעפּ", — אָדער אַמוזירען דעם עולם.

ווייטער פון אַט דער דילעמאַ איז פרוג ניט געגאַנגען. אַז די אויפגאַבע פון אַ דיכטער קען זיין נ י ט דאָס, און נ י ט דאָס; אַז אַ דיכטער טאָר זיך איבערהויפּט ניט שטעלען קיין אויפגאַבע: לערנען, אויסאיידלען, אויפקלעהרען, אַגיטירען; אַז אַ פּאָעט דאַרף און מוז זיין פרַיי צו פיהלען ווי עס פיהלט זיך און צו זינ־גען וועגען אַלצדינג, וואָס עס וועקט זיך אין דער נשמה, ניט טראַכ־טענדיג וועגען קיין אַנדערע ציעלען אַ חוץ דעם איינעם ציעל צו וועקען אין'ם לעזער אַן אָבקלאַנג; — דאָס אַלעס איז פרוג'ען פרעמד — לכל הפּחות דעם א י ד י ש ע ן פרוג'ען. דאָרט, ביי די רוסען (גיכער: ביי די רוסיפיצירטע אידען), האָט ער געהאַט אַן אַנדער צורה. דאָרט האָט ער געקענט זיך פריי אָבגעבען צו יעדער בעוועגונג פון זיין נשמה, דאָרט האָט ער גערעדט ווי אַ גליי־כער צו גלייכע. אַהער, אין „תוכחה'ווקע, זלידניווקע, שחינ'עווקע, צפרדע'ווקע", איז ער געקומען מיט אַ בעשטימטער אויפגאַבע.

דאָס אַליין האָט שוין געשטעלט אַ געוויסען גרענעץ פאַר זיין פאַ־
טישען שאַפען.

ביי פרוג'ען איז ניטאָ קיין פּיצעל אַכטונג צו דעם עולם פאַר
וועלכען עס איז איהם בעשערט צו זינגען. אויף הונדערטערליי
אופנים לאַכט ער אָב פון דעם אידישען לעזער. ניט מעהר אבשיי
האָט ער אויף צו דעם גֹ ע צ י י ג, מיט וועלכען ער שאַפט: צו
דער אידישער שפּראַך. „אַ זקנה, אַ דאַרע, אַ קוואַרע, פער'חשכ'ט,
פּעריאַמערט, אַבגעריסען, אַבגעשליסען", אַנגעטהאָן אין „אַן אַל־
טע, צוריסענע, צוביסענע, פערשמאַרעטע וואַטובקע; איין ארבעל
אַ געלער, דער אַנדערער אַ בלויער. איין פּאָלע אַ ווייסע, פער־
קאַפּעט מיט הבדלה־וואַקס, מיט טשאָלענט־יויך און מיט נאָך עפּעס...
די אַנדערע פּאָלע אַ שוואַרצע, פון אויבען ביז אראַפּ בעמאָלט מיט
פּיפּערנאָטערס, וויזעלטירען, קאַפּהעהנער, מזל־אויזלען, מגן־דוד'־
לעך, לכבוד'לעך, לפּק'לעך..." ווייסט איהר ווער דאָס איז —
די „קראַסאַוויצע"? „דאָס איז זי, אונזער ליעבע, טייערע, אי־
דישע זשאַרגאָן־מוזע!"

אזוי האָט פרוג געקוקט אויף זיינע אידישע לעזער און אויף
דער אידישער שפּראַך. דאָס האָט געמוזט ארויפלעגען אַ שטעמ־
פּעל אויף זיין גאַנצער אידישער ליריק.

---

## II.

אויף רוסיש האָט פרוג געזונגען ווי דאָס הארץ האָט איהם
אונטערגעזאָגט. פריי ווי דער ווינד האָט ער זיך געשפּיעלט מיט די
סטרונעס פון זיין לירע. דאָרט איז אלצדינג געווען פאַר איהם
אַ טעמא: אי דער טרויער פון זיין הארצען, אי די ליעבע יונג־
פרוי, וועלכע באַדט איהר מיידעל־קערפּער אין זונען־שיין און דופט;
אי די איינזאַמקייט פון זיין נשמה, אי דער אַלטער פראַמעטעאוס,
וועלכער האָט געזיעגט איבער די שטאָלצע געטער; אי די נויט
און ארימקייט פון עלענדע, אי די רייצענדע מוזיק־אַקאָרדען, וואָס
קלינגען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט ביים שטערען־שיין.
דאָרט איז ער ביי זיך אין דער היים, אין זיין אייגענער סביבה.
דאָרט גיט ער אלצדינג, וויפיעל ער פערמאָגט. פאַר מעהר קענט

איהר צו איהם קיין טענות ניט האבען. מעהר האט גאט אליין איהם ניט געגעבען.

ד א. אין דער אידישער גאס, פערענדערט זיך זיין פאעטישע געשטאלט. אהער איז ער געקומען לכתחילה מיט א פאראורטייל, מיט א געוויסער פארטיגער מיינונג. די מיינונג האט ער אפילו איינינע מאל ארויסגעזאגט אין זיינע פובליציסטישע ארטיקלען, אבער נאך מעהר קלינגט זי ארויס פון אלע זיינע פאעטישע שאַ־פונגען אין אידיש. די מיינונג בעשטעהט אין דעם, אז דער אינ־טעליגענטערער, געבילדעטערער, מאדערנער לעזער דארף ניט אנ־קומען צו אידיש: פאר איהם איז אפען א וועלט מיט פאעזיע אין אנדערע שפראכען. זשארגאן מוז, נעבעך, לייענען דער, וואס פערשטעהט ניט ניט העברעאיש, ניט רוסיש.

א מיינונג ניט קיין נייע. א שטימונג, וואס איהר וועט געפי־נען ביי פיעלע אידישע שריפטשטעלער און פובליציסטען.

צוליעב אט דעם פאראורטייל האט פרוג פערזעהן אין דער אי־דישער גאס זעהר פיעל: ער האט ניט בעמערקט דעם געטרייסטען לעזער פון אידישער ליטעראטור — דעם אידישען אויפגעקלעהרטען ארבייטער, מיט זיין אויסגעאיידעלטער נשמה און פיינערען גע־שמאק; ער האט ניט געזעהן דעם מאדערנעם אידישען אינטעלי־גענט, וועלכער האט גענוג רייכע גייסטיגע בעדערפענישען און קלייבט זיך דאך ניט אוועקצוגעהן פון דער אידישער וועלט; ער האט איבערהויפט פערגעסען, אז אפילו דער מיטעלמעסיגער אי־דישער לעזער האט זיך שוין אויך אויפגעהויבען העכער פון די פרימיטיווע פארשטעלונגען און דעם גראביאנסקען געשמאק פון א פארצייטיגען שטעדטעלדיגען אידען.

וואס זשע דען האט ער געזעהן? פאר זיינע אויגען שטעהט נאכאנאנד איין טיפ: דאס וואס מען רופט אויף רוסיש „אביוואַ־טעל“, אויף אידיש (ניט גענוג ריכטיג) — „דער איד פון א גאנץ יאהר“. דאס איז דער מיטעלמעסיגער, געוועהנליכער פראסטער אידישער „בעל־הבית“ — דער סוחר, דער קרעמער, דער בעל־מלאכה, די אידענע, — הכלל, די מאסע, וואס האט אמאל עפעס אביסעל געלערנט אין חדר, נאר זי האט זיך קיין העברעאיש ניט אויסגעלערנט...

די דאָזיגע מאסע האָט אָבער אויך איהרע גייסטיגע בעדער־פעניםשען. אויך צו איהר דארף מען רעדען מיט אַ פּאַעטישער שפּראַך. אויך איהר נשמה קען מען ריהרען מיט שעהנע בילדער און געשטאַלטען. מען דארף נאָר קענען צו איהר רעדען. מען דארף זיך אין גאנצען אריינלעגען אין איהר אידעען־וועלט.

די דאָזיגע אידעען־וועלט איז גענוג בעקאַנט. דער איד פון אַ גאַנץ יאָהר אין קודם־כל אַ זיפצער, אַ קלאָגער: ער זיפצט אויף צרות־ישראל, ער בעוויינט די אידישע שוואכקייט און דערשלאָ־גענקייט. דערצו איז ער אַ פּעסימיסט: ער גלויבט ניט, אַז ס'זאָ־לען אַמאָל קומען ישועות אויף אידען, ער האָט זיך שוין גענוג אָנ־געהערט הבטחות און גענוג מאָל געהאָפט: אָט־אָט וועט ווערען בעסער, אָבער בעסער איז ניט געוואָרען. דעריבער האָט ער זיך אויסגעלערענט צו קוקען אויף אַלע פּארטייען און פּראָגראמען און געזעלשאפטליכע ארבייט מיט בטול: עט, וואָס טומלען זיי זיך דארטען, סיי־ווי וועט דערפון גאָר ניט ווערען.

עס בענקט זיך אָבער נאָך אַ בעסער לעבען. עס טרוימט זיך ניט ווילענדיג וועגען אַזאַ ארבייט, וואָס זאָל פאָרט ארויספיהרען מאפלה לאורה. דייטליך שטעלט מען זיך די ארבייט ניט פאָר. אָבער טאָקע צוליעב איהר אונקלאָרקייט איז זי אזוי שעהן, זי איז ארומגעוויקעלט מיט אַ שלייער פון פּאָעזיע.

דערפאר האָט דער איד אַן אַנדער בענקשאַפט, מיט אַ מעהר רייטליכען אָביעקט: ציון; די אַלטע היים, די אַלטע מוטער, די בערג פון דעם הייליגען לאנד, דאָס רוהיגע לעבען אויף דער אייגע־נער ערד. דאָס איז אייגענטליך ניט קיין ציוניזם: אונזער איד פון אַ גאַנץ יאָהר איז צו פּראקטיש אַז ער זאָל באמת גלויבען אין דער בעפרייאונגס־קראפט פון'ם ציוניזם. דאָס איז מעהר אַ ראָמאַנטישע טרוימעריי צו דעם לעבען „אונטער זיין וויינשטאָק און זיין פייגענבוים", צו אַ רוהיגער עקזיסטענץ פון אַ פויער, וועל־בער דארף ניט אָנקומען צו קיינעם.

דער איד פון אַ גאַנץ יאָהר האָט אָבער ניט נאָר זיין בענקשאַפט נאָכ'ן עבר, נאָר אויך זיין שטאָלץ אין דער היינטיגער צייט — דאָס איז די הייליגע תורה. דער אידישער גאָט, די אידישע רעליגיאָן, דער „שמע ישראל" זיינען אין זיינע אויגען דאָס שעהנסטע, וואָס

די מענשהייט פערמאגט. ער איז זיכער, אז אין דעם פרט איז דאס אידישע פאלק העכער פאר אלע אנדערע פעלקער.

געוועז א צייט פון „שטורם און דראנג“ אויך אין דעם לעבען פון אט דעם סארט אידען: דאס איז געוועז אין די „רויטע טעג“, ווען ער האט געהאפט, אז ניט היינט מארגען וועלען „זיי“, די „שקצים“, די שווארצע העמדרעלאך, זיך דערשלאגען „פראוועס“ פאר אידען: דעמאלט איז ער גרייט געוועז צו פלעסקען „בראַוואָ“, ווען די „שקצים“ האבען געקעהרט וועלטען. דער סוף איז געוועז, אז זיי האבען זיך קיין זאך ניט דערשלאגען, און אויך אויף זיי קוקט ער איצט מיט דעם זעלבען בטול, ווי אויף אלע אנדערע אידישע „טהוער“.

גיבען מיר נאך צו, אז אין יעדער זאך זוכט אזא איד א „תכלית“, אז גוט איז אין זיינע אויגען נאר אזא ספר, וואס לערענט און מוסר'ט, און אז אידיש איז ביי איהם א שפראך פון יאטקע און קיך, — וועלען מיר האבען די הויפט־פונקטען פון דעם אידען'ס געדאנקען־וועלט.

אט פאר דעם אידען האט דאס פרוג געשריבען, אין זיינע פיער איילען האט ער געלעבט און פון דעם דאזיגען שמאלען ווינקעל האט ער ארויסגעקוקט אויף דער וועלט און די מענשען.

---

## III.

די פאעזיע האט מיט פרוג'ען אייגענטליך געשפיעלט א שלעכט שפיעל. עס איז איהם ניט שטענדיג געלונגען אריינצושפארען זיין שעפפערישע ארבייט אין אט די שמאלע ראהמען. ער האט מלחמה געהאלטען — ניט מיט דעם „זשארגאן“, ווי ער מיינט — נאר מיט זיך אליין, כדי אריינצופאסען זיך אין דער אידישער וועלט, ווי ער האט זי זיך פארגעשטעלט. וואס זשע איז ארויסגעקומען? האט דער דיכטער געזיעגט, האבען מיר ערהאלטען ריינע, עדלע פאעטישע ווערק, וואס לייכטען מיט אן אייביגער שעהנקייט; האט דאס פראגראם געזיעגט, האבען מיר בעקומען

מיטעלמעסיגע, אפּטמאָל דעקלאַמאַטאָרישע, אָפּטמאָל סענטימענ־טאַלע גלאַטע ליעדער. וואָס הונדערט פון זיי זיינען ניט ווערטה איין גוטע לירישע שורה.

בעזונדערס אָפּט האָט דער דיכטער געזיעגט, ווען ער איז גע־קומען צו דער נאַטור. דער חוש צו דער נאַטור, די פעהיגקייט צוזאַמענצושמעלצען זיך מיט גאָט'ס וועלט איז אין איהם אַזוי שטאַרק, אַז דאָ ווערט ער אַן אַנדער מענש, אַדער, ריכטיגער, ער קעהרט זיך אום צו זיך אַליין. דאָ בעקומט זיין ליעד גאָר אַנדערע, ווייכערע, צאַרטערע טענער, דאָ קלינגט אַזאַ אינטימע אויפריכטיגע מוזיק. דאָ פייערט די נשמה איהר אייגענעם חז'עוודיגען יום־טוב.

איהר געדענקט דאָס ליעד „שבועות“:

„אַ כשוף־מאַכער איז די נאַכט,
די שטילע, בלאָהע נאַכט —
מיט צאַרטע פינגער האָט זי מיר
די אויגען צוגעמאַכט;

די אויגען מיר פערשלעפערט שטיל,
דאָס האַרץ מיר אויפגעוועקט:
מיט ווייסע פליגלען, ווייך ווי זייד,
מיך ליעבליך צוגעדעקט.

דער ליעבער, גרינער יום־טוב געהט,
די לופט איז בלאָה און ריין:
אויף יעדען גרעזעלע שטראַהלט אויף
אַ העלער איידעל־שטיין“.

דאָס איז באמת אַ קלאַסיש ליעד דער פּאָעטישער טאַקט, די צניעות, די קלאַרקייט, דאָס גליקליכע פערהעלטעניש צווישען אינהאַלט און פאָרם, די בעזונדערע אכטונג צו יעדען וואָרט מאַכען דאָס פאַר אַ מייסטער־ווערק, פאַר אַ מוסטער־ווערק אין דער אידישער ליטעראַטור.

און דאָס פּאַסירט אָפּט מיט דעם פּאָעט, ווען ער שטעהט פּנים

אַל פּנים מיט דער נאַטור. אָבער אויך דאָ ווערט ער ניט אינגאַנצען בעפרייט פון זיין פּראָגראַם. „תוכחה'ווקע, זלידניוווקע" געהען נאָך איהם נאָך אי אין שטילען טהאַל, אי אין ברייטען פעלד, אי אונטער די גאָלדענע שטערען.

א זלידניוווקער איד פערשטעהט ניט, צו וואָס דאַרף מען נאַ־טור־בילדער, נאַטור־ליריק.

א זומער־נאַכט... א בוים... א בלום...
א זיסער שלאָף אין רוה, אין פריעדען...
דו נאַר, דו נאַר, דו אַלטער נאַר!
וואָס קעהר יך אָן דאָס מיט א אידען?!

**נו, און אַז** דעם זלידניוווקער אידען איז דאָס פרעמד, קען זיך פרוג אויך ניט אָבגעבען דער נאַטור מיט לייב און לעבען. וואָס־זשע לאָזט זיך אויס? שטעלט ער צו צו יעדען נאַטור־בילד א צוטשעפּעניש, א מין דרוש, א מוסר השכל; קומט שוין אויס, אַז די נאַטור־בעשרייבונג איז נאַר אַן אויסרייד, נאַר אַן אנהאַלט פאַר דעם מוסר השכל; דאָס ערשטע, הייסט עס, איז דער משל, דאָס צווייטע — דער נמשל. אזוי איז דאָס פער־שטענדליך. אזוי קען ער דאָס פערדייען.

מיר רעדען דאָ ניט וועגען לירישע לידער, וואו די נאַטור דערוועקט אין'ם פּאָעט אַלערליי געפיהלען — פון איינזאַמקייט, פון שרעק, פון טרויער. אזוינע לידער געפינט איהר אויך אין פרוג'ס רוסישער ליריק — און געגען זיי קען מען גאַר ניט האָבען. מיר מיינען דאָ לידער, וואו צו דער נאַטור־שילדערונג איז צוגע־שטוקעוועט געריימטע פּובליציסטיק, אגיטאַציע, פּשוט'ער מוסר. די דאָזיגע צוטשעפּעניש איז אזוי איבעריג, אַז איהר ווילט זי אָפּט אָבשניידען, ארויסוואַרפען, איבערלאָזען נאַר דאָס עכטע און שעהנע.

עס העלפט אָבער ניט: פרוג און זלידניוווקע פיהרען א מלחמה, און זלידניוווקע ה א ל ט פרוג'ען פעסט, זי וועט איהם שוין ניט ארויסלאָזען פון איהרע הענד.

אַט איז די „סוכה". פון אָנהויב א שטילע, אויף ווייכע וועלען שווימענדע נאַכט־שטימונג אין הערבסט, „מיט שטערענדלאַך,

צושאַטענע ווי פיין־געשליפּטע דימענטען; אויף בלאַהען הימעל־פראכט". די נאכט איז אזוי מילד, איהר ליעד אזוי מוטערליך־זיס: „שלאָף רוהיג, שלאָף, מיין קינד". איהר ווארט שוין: אַט־אַט וועט פערקלינגען דער לעצטער אַקאָרד אין דער בלאַהער וויטקייט. אבער ניין, זלידניוקע פאַדערט איהרס. דער פאַעט דערמאַנט זיך אַן דעם מאַטעריאל, פון וועלכען די סוכה איז אויסגעבויט, און שוין פּויקט ער אייך מיט ווערטער הארטע, ווי אַבגעריבענע צעה־נערס:

„דאס זאַלץ־ברעטעל, די לאַקשען־ברעט,
די לאַפּעטע, די קאַטשעלקע,
די מולטער און, הכלל,
דער גאַנצער סאַמע אידישער,
מאַסיווער, בעלי־בתישער
און פיינער מאַטעריאַל,
פון וועלכען עס איז אויסגעבויט
אין אַלטען גלות־סטיל
דיין גרין בערעקט געצעלט".

און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

א מאַסע יום־טוב ליעדער האָט פרוג אָנגעשריבען. יעדעס פון זיי קען מען איינטיילען אין צוויי טיילען: בעשרייבונג און מוסר השכל, פּאָעזיע און פּראָזע. פון אָנהויב געהט דאָס שעהנע, ליעב־ליכע שטימונגס־בילד, נאָכדעם איז צוגעטשעפּעט א „מאמר" וועגען אידען און זייער לאַגע, וועגען אומגליקען, צרות, שלעק, אָדער דער דיכטער הויבט אַן אויסלאַכען עפּעס א שלעכטע מדה ביי אידען. פון אַלע נאַטור און יום־טוב ליעדער אין אַלע דריי בענד האָב איך געפונען נ אָ ר א י י ן א י י נ צ י ג ס („פּריה־לינגס־ליעד" באַנד 2, 89), וואו עס איז ניט צוגעטשעפּעט קיין זייטיגע זאַך צו דעם שעהנעם שטימונגס־בילד.

און ניט נאָר דאָס. די וועלט, די נאַטור, די ימים־טובים, די ערינערונג וועגען גרויסע היסטאָרישע פּאַסירונגען גיבען דעם אידישען פרוג א געלעגענהייט צו דערמאַנען הויפּטזעכליך דעם

אידישען שמעריץ, דעם אידישען טרויער, די אידישע יתום'שאַפט. געגען דעם וואָלט מען, דאַכט זיך, ניט געקענט האָבען גאָר ניט. איז דען דער פּאָעט שולדיג, וואָס ער האָט אַזאַ שטימונג און ניט קיין אנדערע?

עפּענט איהר אָבער זיינע רוסישע ליעדער, געפינט איהר דאָרט ניט נאָר שמעריץ און וועהטאָג. אַט שטעהט דער זינגער אויף אַ באַרג אין מיטען סטעפּ. ער איז ארויפגעפאָהרען אַהין אויף אַ היציגען, שנעלען פערד. דאָס פערד איז אומרוהיג, שלאָגט מיט'ן פוס, קאָכט מיט פרייהייט און דרייסטען מוטה, וויל זיך לאָזען פאָרווערטס ווי דער ווינד, ווי דער שטורעם, אַהן אַן אָבהאַלט, אַהן אַ ברעג. דער זינגער בעט זיך: וואַרט, כ'וויל זיך זאַט אָנקוקען. „כ'וויל קוקען אַהן אויפהער אויפ'ן גרינעם סטעפּ, אויף דער ברייט־קייט אַהן אַ ברעג, כ'וויל דערצעהלען די מענשען, ווי ליעב, ווי טהייער, ווי זיס זי איז — די דאָזיגע הייליגע פרייהייט, וואו ניטאָ דעם אויג קיין גרעניץ, ניטאָ דעם הארצען קיין פערבאָט, ווי דעם שנעלען פליגעל פון אַן אָדלער אין די בערג“ *).

אין דער אידישער ליריק איז ביי פרוג'ען ניטאָ אַזוינע מאָ־טיוועז. פאַר וואָס? אפשר דערפאַר וואָס זיי זיינען ניטאָ אין דעם דיכטער'ס נשמה? נייז, דערפאַר וואָס אין זלידניוועקע זיי־נען זיי ניט שכיח.

---

IV.

פרוג האָט ניט פערשטאַנען, אַז אויף אידיש קען מען זינגען אַלצדינג, וואָס עס ווילט זיך, אַז אויך דאָ וועלען זיך געפינען דאנקבאַרע הערער. פרוג האָט געוואָלט זיין נאָר אַ פּאָעט ביי זלידניוועקער אידען. האָט ער ניט נאָר געמאַכט זיך אַליין פאַר אַ קבצן. ער האָט זיך נאָך געמוזט אָנטהאָן אַ מאַסקע — און די מאַסקע איז אַזוי צוגעוואַקסען צו איהם, אַז ער קען זי שוין ניט אויסטהאָן.

*) ווערטליכע איבערזעצונג. רוסישע ליעדער, באַנד 2, 135־136.

פרוג האט זיך אליין פערוואנדעלט אין א זלידניוועקער אידען.

פרוג איז א היינטוועלטיגער מענש, אן אינטעליגענט און א פריי־דענקער. יעדענפאלס האט ער ניט אין זיך דעם נאאיוועז גלויבען פון אונזערע זיידעס און עלטער־זיידעס. תשובה, תפלה און צדקה זיינען ביי איהם געווים ניט די גרונד־זיילען פון דעם מענשליכען לעבען. ער רעדט אבער מיט זלידניוועקע. דארט קען מען נאך געפינען מענשען, וואס א דעקלאמאציע וועגען גאט און זיין תורה וועט זיי פערשאפען א נחת־רוח. וואס־זשע טהוט פרוג? פ ע ר ש ט עלט ע ר ז י ך, אז ער אליין האט אויך פון די אלע זאכען א נחת־רוח, הערט ער ניט אויף נאכאנאנד צו באמקען וועגען תורה, וועגען „אלהי צבאות", וועגען „אמונה", וועגען „שמע ישראל".

„די אידישע טראיקע—איהר קענט זי, איהר ווייסט?
מיר האבען אויף איהר א חזקה...
די אלטיטשקע אידישע טראיקע — זי הייסט:
תשובה ותפלה וצדקה".

קומט שבועות, פערגלייסט אונזער פאעט די אויגען צום הי־מעל און רופט מיט א צוקער־זיסער שטימע: „דער ליעבער גאט איז אן איין־איינציגער, זיין תורה'לע איז איינע!" זיצט ער ביים סדר, הויבט ער פייערליך א כוס „לכבוד אונזער אלטער תורה — די ליעבע איינציגע מגורה".

און אזוי ווייטער.

זאל מען אונז נאר ניט פאלש פערשטעהן. דא רעדען מיר ניט וועגען דעם א י נ ה א ל ט פון דער ליריק. עס איז זיך לייכט פארצושטעלען אז עכט־רעליגיעזען פאעט, וואס בעזינגט די תורה און די אמונה אזוי ווי א יונגער טרוימער בעזינגט זיין גע־ליעבטע. אזא ליריק קען זיין שעהן און ערהאבען און ווען אפילו א ניט רעליגיעזער מענש וועט זי לייענען, וועט ער ניט קענען פערלייקענען איהר פאעטישע ווערטה, און זי וועט ערגרייפען זיין נשמה, כאטש ער גלויבט ניט אין דעם, וואס דער פאעט גלויבט.

מיט פרוג׳ען איז דאָך אָבער עפּעס אנדערש. פרוג גלויבט אליין ניט אין דעם, וואָס ער שרייבט. פרוג רעדט זיך נאָר איין, אַז „תורה — די איינציגע מנורה" קען דערוועקען ביי מענשען גוטע געפיהלען. מיר ווילען ניט זאָגען, אַז פרוג טהוט דאָס מיט א כיון. אפשר איז דאָס נאָר אזא צופאַסען זיך צום לעזער, ווי א שטייגער א גוטער רעדנער פּאַסט זיך צו צו זיין אודי־טאָריום, אליין ניט טראַכטענדיג וועגען דעם. דאָס איז מעגליך, הגם דאָס איז ווייניג וואהרשיינליך. יעדענפאַלס קענען אין אזוינע ליעדער ניט ציטערען קיין ריינע, אויפריכטיגע געפיהלען. אין׳ם בעסטען פאַל איז דאָס אַן אָבקלאַנג פון פרעמדע געפיהלען, וואָס דער דיכטער שטעלט זיך זיי פאָר.

דערפון איז שוין קלאָהר, אַז פרוג קען ניט זיין א י נ ד י־ו ו י ד ו ע ל אין אלע אזוינע ליעדער, וואו זלידרניוזקע געווינט די אויבערהאַנד (און דאָס איז כמעט די גאַנצע ליריק זיינע, א חוץ ווינציגע אויסנאהמען, וואָס מען קען זיי איבערצעהלען אויף די פינגער). איך בעט אייך, ווי זאָל ער זיין אינדיווידועל, אַז דאָס איז גאָר ניט זיינע מאָטיווען, אַז דורך איהם רעדט גאָר א פרעמדע סביבה און א פרעמדע קולטור־שטופע. אין׳ם בעסטען פאַל זיי־נען זיינע ליעדער ט י פּ י ש : דאָס הייסט, זיי דריקען אויס אין א מיטעלמעסיגער פאָרם די מיטעלמעסיגע עמפּפינדונגען, וואָס א מיטעלמעסיגער שטעדטעלדיגער איד וואָלט געקענט האָבען.

דאָס אייגענע אין זיינע ציון־ליעדער. די בענקשאַפט צו דעם אַלטען היסטאָרישען לאַנד ק ע ן זיין א גוטער שטאָף פאַר לי־ריק. מען דאַרף אָבער דאָס זאָל זיין א י י ג ע נ ע בענקשאַפט, א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע איבערלעבונגען, אַניט איז דאָס ניט קיין ליריק. אין פרוג׳ס ציון־ליעדער, ווי אין פיעלע אנדערע, איז פרוג ניטאָ, איז איבערהויפּט קיין פּערזאָן ניטאָ. עס רעדט עפּעס אַן אונבעשטימטער דורכשניט־מענש, דורכשניט־איד.

עס איז אינטערעסאַנט צו פערגלייכען פרוג׳ס נאַטור־שטי־מונגען מיט פרוג׳ס ציון־ליעדער. דאָרט — יעדעס וואָרט בע־זעעלט, יעדע שורה דורכגעפיהלט, יעדעס בילד א לעבעדיגע איינ־הייט. דאָ — קאַזיאָנע פראַזען מיט קאַזיאָנע פערגלייכען, פאַ־נאַנדערגעלאָזען אין גאַנצע עמערם ווערטער. דעם דיכטער פעהלען

פּשוט בילדער, און אַז ער כאַפּט זיך שוין אָן אַ מאָל, ווערט ער איהם אַזוי גיך ניט אַפּלאַזען.

אַזוי איז געווען מיט דער אלעגאָריע „ציון־מאַמע" און „ציון־אלמנה". אין באַנד 2, אויף זייטע 7, לייענט איהר: „וואָס הערט זיך, ברודער, אין דער היים, וואָס מאַכט די אַלטע מ אַ מ ע?" אויף זייטע 9, „דער מאַמע"ס קלאָג": „אויב דיר איז שווער, טאַ קום זשע אַהיים, קום, ק י נ ד מ י י נ ס, אַהיים, צו דיין מ אַ מ ע ן".

און אַזוי ווייטער.

די דאָזיגע אָרימקייט אין פּאָעטישע פערגלייכען איז ניט קיין צופאַל: דאָרט וואו ס'איז ניטאָ קיין עכט געפיהל, דאַרף מוז אויך דער אויסדרוק הינקען.

די אַלע ליעדער וועגען ציון, דאָס רופען צוריק־אַהיים, דאָס אַגיטירען: „שטעה אויף, שטעה אויף, הויב אויף דיין גרויסע אַלטע פאָהן, די פאָהן, די פאָהן פון ציון" — דאָס אַלעס בעקומט אַ בעזונדערע בעלייכטונג, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז פרוג איז אייגענטליך קיין ציוניסט אויך ניט: אין אַ רייהע ליעדער האָט ער אָבגעלצ'ט און אָבגע'חוזק'ט פון דער ציוניסטישער אַרבייט, ווי פון יעדער אַנדערער געזעלשאַפטליכער אַרבייט. וואָס זשע הייסט דאָס „קום, קינד מיינס, אַהיים"? וואָס בעדייט דאָס „שטעה אויף צו אַרבייטען פאַר ציון"?

דאָס איז ניט מעהר ווי מ ל י צ ה. דעם זלידניוווקער אידען לעבט זיך שווער. דער זלידניוווקער איד קלאָגט זיך:

„אויסגעדאַרט, אויסגעקוואַרט, וואָהנען אין שכנות,
אין פאַרעמדע געדונגענע דירות,
דאָרט וואו געטאָגט — ניט גענעכטיגט, ביי לייטען
און צאָהלען זיי איבעריגע שכירות".

דער זלידניקער איד פאַסמאַקעוועט: „ווי גוט, ווי זיס, ווי שעהן עס זיינען אין אייגענע הויז, אין אייגענעם לאַנד". דער זלידניוווקער איד פאַרטראַכט זיך אַמאָל: ווי גוט עס איז אונז געווען אין ציון, אויף אייגענע ערד, אַ בעל־הבית פאַר זיך, ארץ זבת חלב ודבש...

נו, און אַז אונזער איד פערטראַכט זיך, קומט פרוג און לעגט איבער אויף גלאַטע גראַמען דאָס, וואָס יענער וואָלט געדאַרפט פיהלען. גיסען זיך שורות און סטראָפען, קלינגענדיג, הילכיג — און לעדיג.

V.

פרוג האָט כסדר אַ וכוח מיט דעם פאָלק ישראל — מיט ז י י ן פאָלק ישראל. די אידען, זאָגט ער, פערלאַנגען פון אַ דיכ־טער נאָר ער זאָל לאַכען.

אי, לאַכען, אי, אַ חיות! שרייבט, הערר פרוג!
גענוג אייך זיפצען, כ'לעבען, עט, גענוג!
אַ חכמה'לע, אַ פשט'עלע, אַ וויצעל,
קאַטאַוועסלעך מיט גראַמען אָהן אַ שיעור,
אַזוי, אַז יעדער אות זאָל טהאָן אַ קיצעל".

פרוג ענטפערט דערויף, אַז ער וויל דאָס ניט און קען דאָס ניט: די האַרפע איז איהם געגעבען געוואָרען, „ער זאָל אויף איהר שפּיעלען דאָס הייליגע ליעד פון האָפנונג און ליעבע, ער זאָל מיט זיין שפּיעלען ערוועקען די גוטע און ריינע געפיהלען פון טריי־הייט און עהרליכקייט, פריינדשאַפט און פרייד". אַן אַנדער מאָל רופט ער אויס מיט כעס:

„איך קען עס ניט, איך קען ניט, — וועה צו מיר!
איך קען קיין ווילדע, קרומע חנ'דלעך מאַכען,
איך קען ניט לאַכען, גוואַלד—איך קען ניט לאַכען!"

פרוג איז אומגערעכט אַנטקעגען דעם פאָלק ישראל: ער־שטענס האָט קיינער ניט ליעב אַזוי צו וויינען און זיפצען און קרעכצען, ווי גראַד דער איד פון אַ גאַנץ יאָהר, (און דאָס האָט פרוג דערמאָנט אין אַ פּאָר ערטער). צווייטענס האָט פרוג אַליין אויך ניט פיינט „אַ חכמה'לע, אַ פשט'לע, אַ וויצעל", און אין זיינע

ליעדער האָט ער דוקא געמאכט „ווילדע קרומע חנ׳דלעך“ — און נאָך ווי געמאכט!

פרוג׳ס ליריק איז אין איהר גרעסטען טהייל פּ ו ב ל י צ י־ס ט י ש ע ליריק. פון איין זייט ווערט געשילדערט די שוואכ־קייט, די נעבעכדיגקייט פון דעם אידישען געזעלשאפטליכען לע־בען, פון דער אנדערער זייט ווערען די אידען גע׳מוסר׳ט פאר זייערע שלעכטע פיהרערכצען. אלעס צוזאמען ווערט געשריבען אין א טאָן פון בדחנות, פון גראמען־מאכעריי, מיט קאַטאָוועסלעך און מיט העויה׳לעך און מיט גרימאסעלעך, אַזוי ווי דאָס האָט ליעב דער זלידניוועקער איד.

ווער זיינען די אידען? „א פאַלק פון אָבגעשלאָגענע הושענות“. וואָס פאר א פּנים האָט דאָס אידישע לעבען? „עס האָט א פּנים פון דריי שווארץ־יאָהר“. וואו וואוינט דער איד? אין בלאָטע, אין שמוץ, אין חושך, צווישען דער יאַטקע און דער קלויז און דער מקוה, וואו עס „טאַנצען אויף די טרעפּ א כשר־טאַנץ א מנין זשאבעס“. מיט וואָס פערנעהמט זיך א איד? ער האנדעלט: ביי איהם „בעקומט איהר מעהל און באָב, א לולב מיט א טשאָלענט־טאָפּ, א פאָהן אויף שמחת תורה... דער האנדעל ברענט — מיט פעך, מיט בלעך, מיט האַלין, מיט פויגעל־מילך, מיט יקנה“ז, מיט צוועקעס, מיט קמיעות“. ווער זיינען אידישע טהוער? „פרומע גאָט׳ס סטראַפּטשעס“, „שפּיציגע יארמולקעס“, „פּופּקעס גראָבע, פעטע, געפּעסטעטע, גענגלעטע“, „קהל׳שע פּאָלאָניקעס (קאכ־לעפעל), שתדלנים און זאקאָניקעס“. וואו לערענט זיך א איד אוים אלע שבע חכמות? נו, נאַטירליך, אין חדר, פון׳ם חומש:

„פון „קטורת“ ווער איך א דראָגיסט,
א דאָקטאָר פון „מצורע“,
פון „פאה“ ווער איך זעמלעמער,
א גאָלד־שמיד פון „ויקהל“,
פון „שקלים“ א סטאַטיסטיקער
צו מאכען דעם סך־הכל,
פון פרשה „אמור“ — סאַניטאַר,
„משפּטים“ — א זאקאָניק...“

ווער זיינען אידישע געבילדעטע? אַט איז די „מאַדאַם" די אַרי־סטאָקראַטקע, וואָס קרימט זיך הערענדיג פון קוגעל, טשאָלענט, לאַטקע. אַט איז די „מאַמזעל", וואָס אַז איהר רעדט אידיש, קוקט זי אויף אייך ווי אויף אַ ווילדען חידוש. אַט איז אַ „אינ־טעליגענט", וואָס ווייסט ניט קיין צלם פאַר קיין אלף און קריכט דאָך ווערען אַ ראַבינער.

נו, און ווייטער? ווייטער גאַר ניט. קיין אַנדערע טהוער, קיין אַנדערע אידישע אינטעליגענטען, קיין אַנדערע ערשיינונגען אין׳ם אידישען לעבען האָט פרוג ניט געזעהן. פאַרוואָס? ווייל דער זלידניוווקער איד האָט פון זיי ניט קיין השגה. ווייל דאָס גע־פינט זיך אויף יענער זייט פון זלידניוווקער וועלטעל.

ווער זשע איז שולדיג אין דער גרויסער אידישער נעבעכ־דיגקייט? קודם כל, פערשטעהט זיך, דער גוי, דער גוי סתם.

„עס שטעכט אין מוח, הארצען...
עס שטעכט... אַי, מאַמע, אַי!
זעהסט, מיט אַ גרויסער טאָרבע
קומט אָן דער גרויסער גוי...

און שטיינער פליהען, פליהען
אין וועהטאָג־בעט צו מיר".

קיין אונטערשיעד צווישען אַ גוטען גוי און אַ שלעכטען, צווישען אַ ראַדיקאַלען גוי און אַ רעאַקציאָנערען ווייסט ניט פרוג׳ס פובליציסטיק. אַלע זיינען פון איין מין און אַלע זיינען שונאי־ישראל. „די קרוין פון דער יונ׳ישער נאַטור" בלייבט שטענדיג דער „דבר אחר". און דער דאָזיגער אַלמעכטיגער דבר־אחר טרעט מיט די פיס פראַנק און פריי די אייניקלעך פון מתתיהו און שטויסט זיי מיט דער טריפה׳נער מאָרדע אין די אויגען, און פריי ווי וואַ־סער טרינקט ער זייער בלוט.

שולדיג זיינען די גוים, אָבער אויך אויף די אידען פאַלט אַ טייל פון דער שולד, ווייל זיי אליין זיינען אויך ניט פיין און ניט ליטיש.

אין פיעלע צעהנדליגער ליעדער רעכענט פרוג אויס די אי־דישע חסרונות און מוסר'ט דעם עולם ער זאל זיין א מענש. די אידען האבען צו שטארק ליעב דאס גאלדענע קאלב:

„א טריט ניט צו טהאן אהן דעם גאלדענעם יחסן;
ער איז אייער האר, אייער פאלקס־בעל־הבית...
מען גלעט איהם דעם רוקען, מען קוקט אין די אויגען,
מען שטופט איהם דעם הדם גלייך אונטער'ן נאז,
מען גיט איהם אב כבוד פון אלע פיער זייטען".

די אידען האבען אויפגעהערט זיך גרויסען מיט יחוס; עס האט שוין ביי אונז קיין ווערטה ניט „דער ווארצעל, דער שטאם, די משפחה". די אידען (סתם אידען, א ל ע אידען!) האלטען אין איין זינגען „מה יפית". די אידען (א ל ע אידען) „קניהען, פויזען פאר די פיס און קושען, לעקען יענע הענד, וואס שלאגען זיי, און קוקען מיט א זיס חניפה־חנ'דעל אין יענעם מויל, וואס שפייט אין פנים זיי". די אידען האבען ליעב צו שרייבען „דא־נאסען" (מסירות) איינער אויפ'ן אנדערען. די אידען זיינען דאס גאנצע לעבען זייערס נאכטאנצער נאך יענעם. און דער עיקר, דער תוך כל התוחות: דער איד פערשטעהט גאר ניט, ער איז בלינד, ער איז עפעס א שטיק ליימענער גולם. און ווידער ניט נאר איינצעלנע מענשען, נאר דאס פאלק, דאס גאנצע פאלק!

„מיין פאלק! שווער זיינען דיינע זינד:
האסט אבגעלעבט אזוי פיעל יאהרען,
פערעלטערט, שוואך און גראה געווארען—
און ביזט נאך אלץ א חדר־קינד!.."

וואס מען ד א ר ף טהאן, ווי מען דארף אנדערש לעבען — דאס זאגט אונז ניט דער פובליציסטישער דיכטער. דאס ק ע ן ער ניט זאגען, ווייל דערצו וואלט מען געדארפט האבען וועניגער בטלנות און מעהר ווירקליכען געזעלשאפטליך־פאליטישען און סאציאלען חוש. און דאס איז דאך גראד דאס, וואס ס'פעהלט אונזער „אידען פון א גאנץ יאהר". קומט דעריבער פרוג'ען אויס

צו בענוגענען זיך מיט אַלגעמיינע שמועסען, מיט אונ־בעשטימטע פערשוואומענע פראזען. זינגט ער נאָכאַנאַנד „שטעה אויף, שטעה אויף, מיין פאָלק“, רעדט ער וועגען דעם, אַז אונז פעהלען „העלדען“, דעקלאַמירט ער וועגען „פּאַראַוים, פאַראַוים“, וועגען אַנהויבען „אַ מענשען־לעבען פון דאָס ניי“. אָבער ווייל הינטער אַט די ווערטער איז ניטאָ קיין בעשטימטער אינהאַלט, ווייל אין'ם דיכטערס פאַנטאַזיע אַליין מאָלט זיך ניט קיין דייט־ליכער ציעל, זיינען די אַלע שמועסען ניט מעהר ווי מליצה — גלאַטע, קלינגענדיגע און פוסטע.

מען וואָלט געקענט מיינען, אַז דער ציוניזם איז פאַר פרוג'ען אַ שטיקעל אַנהאַלט. רעדט ער דאָך אַזוי פיעל מאָל וועגען דער „מאַמע ציון“, רופט ער דאָך זיך אומקעהרען צוריק „אין דער אַל־טער היים“. ווען מען קוקט זיך אָבער צו נעהענטער, זעהט מען, אַז אויך ציון איז אַ נעבעלהאַפטע מליצה אָהן אַ קאָנקרעטען אינ־האַלט. וואָרום דער ציוניזם אַלס געזעלשאַפטליכע אַרבייט דערוועקט פרוג'ס לצנות ניט ווייניגער ווי יעדע אַנ־דערע געזעלשאַפטליכע און סאָציאַלע ארבייט ביי אידען. גענוג צו דערמאָנען כאַטשבי די „צוויי אסיפות“, וואו די ציוניסטען פאַהרען רייטענדיג אויף אַ שקל קיין ארץ־ישראל.

די גאַנצע פובליציסטיק אין פרוג'ס ווערק (און זי פערנעהמט אפשר ניין־צעהנטעל פון זיינע שריפטען) איז ניט בעלויכטען דורך די שטראַהלען פון אַ בעשטימטען אידעאַל, איז ניט דיק־טירט דורך אַ געוויסע געזעלשאַפטליכע ריכטונג. דאָס איז איבערהויפט ניט קיין געזעלשאַפטליכע קריטיק, ניט קיין געזעל־שאַפטליכע סאַטירע. דאָ ציטערט ניט דאָס אויפגערעגטע, עמ־פּערטע סאָציאַלע געפיהל, דאָ ברענט ניט קיין מענשען'ס נשמה. דאָ קלינגט ניט דער אויפריכטיגער צאָרן, דער גאַליגער געלעכטער. די הייסע פעראַכטונג און די ניט ווייניגער הייסע ליעבע.

דאָס איז ניט קיין סאַטירע — דאָס איז חוזק. דאָס איז ניט קיין קריטיק — דאָס איז לצנות. דאָ רעדט ניט קיין געזעלשאַפט'ס־מענש — דאָ רעדט אַ בדחן. און אַ בדחן וועהלט שטענדיג אויס דעם שטאָף, וואָס זאָל זיין בעקאַנט און נאָהענט זיין עולם. פרוג'ס

עולם האט ליעב צו לאכען פון זיך אליין און צו בעגעגענען מיט א בטלן'ישען „עט" אלצדינג וואס מען פרופט אויפצוטהאן אויף דעם פאליטישען און סאציאלען געביט ביי אידען. פרוג בעפריעדיגט אט דעם געשמאק פון זיין עולם.

עס איז ניט אמת, אז „זיין" פאלק ישראל פערשטעהט איהם ניט. גראד אט דער וכוח מיט'ן „קורא נכבד" און דאס קלאגען זיך אויף דעם לעזער — דאס אליין איז א מאדע ביי די זלידניוועקער אידען. עס איז א מין גוטער טאן. זיי לייענען וועגען דעם שריי־בער אז

„ער שרייבט דאך, דאכט זיך, מיט א פען,
ער רעדט מיט אידען פשוט אידיש,
און אידען קוקען פארט אויף איהם
נאך אלץ ווי אויף א ווילדען חידוש".—

זיי לייענען דאס און פאסמאקעווען און קוועלען. ער שרייבט גוט, דער שייגעץ! ער טרעפט גלייך אין פינטעל.

נאך נעהענטער ווערט ער זיי, ווען ער הויבט זיך אן קלאגען, אז ער האט ניט קיין פרנסה. דאס איז דאך אזא וואוילע אידישע טעמע: דאגת פרנסה. קיין זאך מאכט ניט אזוי נאהענט איין אידען צום אנדערען, ווי די שמועסען וועגען שלעכטע צייטען. נו, טהוט דער דיכטער אויס זיין כהן־מאנטעל, נעהמט אראב דעם לארבער־קראנץ פון זיין קאפ, לעגט אוועק די לירע אן א זייט — און עס זיצט שוין פאר אייך א זלידניוועקער איד מיט א צעקנייטשטע בערדעל און דערצעהלט א קאמפאניע זלידניוועקער בעל־הבית'לעך:

„מען לעקט פון מיר די פינגער,
עס קלינגט מיט מיר א וועלט;
חאטש וואס איז, דאכט זיך, גרינגער—
מאך ליעדלעך און נעהם געלד.
יא, איך מאג זיין צופריעדען,
ניט ערגער ביז'ן טויט.
איינס פעהלט נאר, ליעבע אידען,
נאר איינס—דאס שטיקעל ברויט".

ווער עס טהוט זיך אזוי אויס פאר'ן עולם ביז'ן העמד, דער מאר זיך יערענפאלס ניט קלאָגען, אז ער קען קיין חנ'דלעך ניט מאכען און אז דער עולם קען איהם ניט פערשטעהן.

---

VI.

געווען אמאָל אַ ראָמאַן ביי אונזער אידען, אַ ראָמאַן מיט טרוימען און האָפנונג און הארץ־קלאפען, ווי געוועהנליך ביי פערליעבטע. די דאמע פון זיין הארצען איז געווען די רויטע פאָהן. עס האָט זיך איהם געדאכט: אָט קומען זיי, די פרייהייטס־קעמפפער, און וועלען איהם אויסלעזען פון זיין ביטערער קנעכטשאפט און ס'וועט איהם ווערען גרינגער צו לעבען.

האָט ער מיט שטארקען מיטגעפיהל זיך צוגעהערט און צוגעקוקט צו אַלץ, וואָס ס'קומט פאָר אין די רעוואָלוציאָנערע רייהען. אליין איז ער, נאטירליך, געשטאַנען פון דער ווייטען. פערזענליך זיינען די קעמפפער איהם געווען פרעמד און אונפערשטענדליך, אָפט אפילו אונסימפּאַטיש, אָפט האָט ער געפיהלט צו זיי אַ מורא, נאָך אָפטער — אַ האַס. אבער אויף דעם ר ע ז ו ל ט אַ ט פון זייער ארבייט האָט ער ארויסגעקוקט מיט אומגעדולד, און די ר ע װ ו אַ ל ו צ י ע אַלס אַזעלכע האָט געהאַט חן און לייטזעליגקייט אין זיינע אויגען.

עס פערשטעהט זיך, אַז אויך פּרוג האָט זיך אָבגערופען אויף אָט דעם ראָמאַן פון זיין זלידניוּוקער צווילינג.

עס איז אזוי מערקווירדיג צו לייענען די פרייהייטס־ליעדער אינמיטען פרוג'ס אַנדערע זאַכען. עס איז אַזאַ דיסאָנאַנס, עס קלעפּט זיך אזוי ניט צו זיין אַלגעמיינעם נאָגענדיג־קלאָגעדיגען טאָן. נאָר איז דען ניט געווען אַ דיסאָנאַנס אין דער נשמה פון אונזערע קרעמער און הענדלער זייער גאַנצער מיטגעפיהל צו דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג? האָט דאָס דען געפּאַסט צו זייערע איבעריגע סימפּאַטיעס און צום גאַנצען טאָן פון זייער לעבען?

איהר לייענט אזעלכע הילכיג־רוישיגע סטראפען, ווי

„עס קלאפט דער פויק, די שופרות שאלען,
ער גערט נאך ערשט, ער הויבט זיך אן"—
דער קאמפף דער שרעקליכער, דער גרויסער,
ער גערט נאך ערשט, ער הויבט זיך אן".—

איהר לייענט און וואונדערט זיך: פון וואנען?
אבער טאקי אין דעם זעלביגען ליעד געפינט איהר דעם תירוץ:

„קרבנות הייליגע און ריינע
פאר אונזער פרייהייט, גליק און פרייד".

דער איד ווייסט: עס איז ניט זיין קאמפף, עס איז ז י י ע ר קאמפף. ז י י פאלען קרבנות — און ער וועט געניסען גליק און פרייד. טא פאר וואס זשע זאל ער זיי ניט שענקען האטש א הארציג ליעב־ליעד?

און אינטערעסאנט איז צו בעמערקען, אז אין די עטליכע ברוג'ס פרייהייטס־ליעדער איז דא מעהר אויפריכטיגקייט, מעהר ווארימקייט, מעהר געפיהל, ווי אין א סך אנדערע. אפשר דערפאר, ווייל דא האט פארט דאס לעבעדיגע לעבען אריינגעאטהעמט היים און שטארק אין'ם דיכטער'ס נשמה. דא איז שוין ניט געווען קיין מליצה, דא איז געשטאנען פאר די אויגען א לעבעדיגער, קאנקרעטער, היים־געווינשטער און געהאפטער ציעל.

דא בעקומט אויך דעם דיכטער'ס שטימע מעהר קלאנג און זאפט.

איינס פון די שעהנסטע פרייהייטס־ליעדער ביי אידען (און אפשר אויך ביי אנדערע פעלקער) איז פרוג'ס „פאהן".

„ניט פון גאלד־שטאף, ניט פון זיידענם
איז די פאהן געמאכט;
אין א שרעקליכען געוויטער
אין א שטורעם־נאכט

האָט גערוישט דאָס אַלטע שפּינאַרד,
און די בלייכע נויט,
אין אַ פּייכטען קעלער־ווינקעל,
ביי אַ חלב־קנויט,

האָט געוועבט די גראָהע פּאָדים
ריין און שטייף און גוט
און געפּאַרבט זיי מיט די לעצטע
טראָפּען אייגען בלוט".

פרוג דערהויבט זיך דאָ אָפּט צו אַ שטאַרקען פּאַטאָס, צו אַ גליהענדען צאָרן. איהר קענט ניט פערגעסען די סטראָפען, וואו ער רופט צו אַ היילינער, גרויסער נקמה, וואו ער רופט אָראָב־צורייסען די קייטען אפילו מיט דער אייגענער הויט, מיט דעם אייגענעם בלוט...

יאָ, געווען אַ ראָמאַן... אָבער גיך האָט ער זיך אויסגעוועפּט. די רעוואָלוציע האָט ניט געזיעגט. דער איד איז געוואָרען ענטוישט. איהם האָט זיך אָנגעהויבען דאכטען, אַז די רעוואָלוציאָנערען האָבען ניט גוט געהאַנדעלט, אַז זיי אליין זיינען שולדיג אין דער מפּלה. די רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבען ארויסרופען ביי איהם אַ ביטערען, סאַרקאַסטישען שמייכעל.

און אויך פרוג האָט זיך געענדערט. איצט קלאָגט ער זיך שוין, אַז דער איד האָט געמאַכט די רעוואָלוציע פ א ר י ע נ ע ם. „מ י ט ' ן לעט פעררוקען טשאָלענט אין ז י י ן אויוועז; אתרוג בענשען מ י ט ' ן פּאַליאַק אין ז י י ן סוכה; דאָ מיט דעם און דאָרט מיט יענעם כלים כשר'ען אויף פּסח; מיט די הוילע הענד פון פייער קוילען שאַרען; זידען — קאָכען — מיט'ן שכן, מ י ט ' ן שכן; און אַליין?" פאַר זיך אליין ניט האָבען גאָר ניט. פרוג פערגעסט דערביי, אַז ערשט נעכטען זיינען דאָס געווען קעמפּפער „פ א ר א ו נ ז ע ר פרייהייט, גליק און פרייד". ער טיילט דאָ די שטימונג פון אַלע זלידניוועקער אידען.

עס קומט אַ צייט, ווען די „דגל מחנה השטרייקער" בעשטעהט ביי איהם שוין נאָר פון די בערשאַדער טליתים־וועבער און די סלאָנימער סופרים

„אנידערגעשטעלט זיך און סטאַפּ די מאַשינע!
אַ ריהר ניט צו טהאָן זיך, ווי מתים;
און זאָל אקאַרשט פּרופען אַ גאַנצע מדינה
בעגעהן זיך אָהן נייע טליתים".

דער חוזק־מאַכער שטופּט ארויס דעם פּרייהייטס־דיכטער, און לצנות פּערנעהמט ווידער דעם אויבען־אָן. נאָר נאָך צוגעקי־מען נייער שטאָף פאַר נייע ברחנות.

---

## VII.

עס וואָלט ניט כדאי געווען צו ריידען אזוי פיעל וועגען פרוג'ען, ווען הינטער דעם איד פון אַ גאַנץ יאָהר וואָלט ניט גע־שטעקט דער גאָט־געבענשטער דיכטער, ווען אינמיטען גאַנצע בערג פון בדחנ'ישען מיסט וואָלט ניט פון צייט צו צייט אַ שיין געטהאָן אַ שטיק ריינע גאָלד.

מיר האָבען געזעהן, אַז אין איין פּרט האַלט „שחינעווקע, יורה'דעה'ווקע" מלחמה מיט'ן דיכטער. דאַס איז דאָרט, וואו די נאַטור הויבט אָן וועבען איהרע זאנפטע מעלאָדיען אין זיין האַר־צען. דאָרטען געהט דער דיכטער אויף אַ פּשרה: דעם ערשטען טייל פאַר זיך, דעם צווייטען — פאַר זלידניווקע; דער משל — פּאָעזיע, דער נמשל — א האַרטער און טרוקענער ארטיקעל פון אַ צייטונג.ביידע צדדים זיינען צופריעדען מיט דעם אויסגלייך; ניט צופריעדען איז נאָר דער אינטעליגענטער מאָדערנער לעזער, וועלכער האָט אָן אויער פאַר יעדען מינדסטען דיסאָנאַנס און וועל־כער מוז דורכגעהן אין פרוג'ס ליעדער אַ גאַנצען כף־הקלע: פון צאַרטער פערבענקטער מוזיק ביז צו דער בויך־רעדנעריי פון אַ קונצען־מאַכער אין באַלאַגאַן, פון דעם שטילסטען און עהרליכסטען ודוי פון אַ מענשליכער נשמה ביז צום ביליגען וויץ פון אַ פלאַסקע־דרייגע. דער מאָדערנער לעזער מוז שטאַרק צונויפדריקען די צייהן, ווען ער נעהמט זיך וואנדערען איבער פרוג'ס ליריק.

פאַראַן אזוינע מאָטיוועז, וואָס זלידניוווקע האָט זיי פון אַנ־הויב אָן ניט געלאָזט אויפקומען אין זיין אידישער פּאָעזיע. ווען איהר ווילט קענען דעם ריכטיגען פרוג'ען, מוזט איהר זיך דאָן ווענ־דען צו זיינע רוסישע ליעדער. אויב איהר האָט לכתחילה נאָר גע־קענט פרוג דעם אידען, וועט איהר ווערען ערשטוינט: איז דאָס דער אייגענער דיכטער?

„דו פערצוויבער מיך, דו פער'כשוף מיך
ברויז מיט שטורעם־קראַפט אין דער זעעל ביי מיר!
כ'וויל אַ ריעזיגען קאַמפף, כ'וויל אַ פייער־פלאַם,
לעבען... לעבען לאָז!... מיט דעם גאַנץ האַרץ
זיך פערזינקען טיעף אין דעם זיסען שמערץ...

..................................

מאַך זשע שטאַרקער מיך און בעוואָפען מיך
און מיט לעבען גיס מיר דאָס האַרץ אָן פול...*)

האָט איהר ווען געהערט אַזוינע טענער אין פרוג'ס אַ י־ד י ש ע ר ליריק? _

פרוג דער איד זאָגט זיך אָב פון אַ גאַנצער רייהע פּאָעטישע איינפאַלען, פון אַ גאַנצער וועלט מיט שעפּפערישע מאָטיוועז. פרוג דער רוס איז אָפט פערליעבט אין ז אַ כ ע ן; ביי איהם אין דער רוסישער אויסגאַבע איז דאַ אַ גאַנצע אָבטיילונג: „סטאַטועז און בילדער"; ער האָט ליעב צו דערצעהלען וועגען די געפיהלען, וואָס ס'רופט ביי איהם ארויס אַ גוטער בוך, אַ אינטערעסאַנטע בעגעגעניש; ער שפּיעלט זיך אַמאָל, צו זיין אייגענעם פערגעני־גען, מיט פאַרבען און טענער. פרוג דער איד ווייסט נאָר איינס: ריידען ונעגען אידען, און ניט וועגען דעם פּרט, נאָר וועגען כלל, און ניט גלאַט ריידען, נאָר אַריינלעגען אַ געוויסען „נוצליכען" אינ־האַלט. אַזוי פערלאַנגט דאָס דער געשמאַק און די השגה פון זליד־ניווקע. עס איז דאָך אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז אין אַלע פרוג'ס אידישע ליעדער איז ניטאָ קיין איין איינציגער ליעבעס־מאָטיוו!

---

*) רוסישע ליעדער באַנד 2, ז. 179.

פאראן אבער אויך געביטעז, וואו עס איז גאר ניטא קיין גע־גענזאץ צווישען פרוג'ען און זיין שטרענגען „באס". דאס איז דארט, וואו זייערע אויגען ווענדען זיך צום אידישען עבר, וואו עס ווערט אויפגעלעבט אין א ראמאנטישען שיין די פארצייטיגע אידישע וועלט. דא ווערט דאך דער געוועהנליכער איד אליין אויך יום־טוב'דיג; דא קומט אין איהם אריין די נשמה יתרה; דא איז זיין קודש קדשים, וואס די פאנטאזיע בעפעלקערט זי מיט די רייכסטע און פרעכטיגסטע געשטאלטען.

דא האבען מיר ווידער פאר זיך פרוג'ען דעם דיכטער, ווי ער אליין פיהלט און טרוימט. דא לייכטען פערעל, דא ווערען גע־פלאכטען קרענץ פון גאלדענע שטערען, דא ווערט דעם זינגער'ס שטימע אפט אנגעזאפט מיט מעטאל און בריהט אייער נשמה.

אפשר די שעהנסטע באלאדע אין דער אידישער ליטעראטור אין „חתן־תורה". ווי מיט פייערדיגע צייכענס קריצט זיך איין אין אייער גייסט דאס בילד פון דעם אלטען שמש, וועלכער שטעהט אויף פון'ם קבר, נעהמט ארויס די שטיקער צוריסענע פארמעט, צעוויקעלט זיי

„און ער לייענט... ווי רובינען
צווישען שנורען שווארצע פערעל
גלאנצען טראפענס בלוט און גליהען,
ברענען דורך די שווארצע שורות..."

איינע פון די שעהנסטע לעגענדען איז דעם „שמש'ס טאכטער". אבער נאך ווארימער, נאך ליעבליכער איז געשילדערט א פאר־צייטיגער איד אין „חמשה־עשר" — דער הארציגער, טייערער אלטער, וואס רופט ארויס א טיעפען זיפץ פון'ם דיכטער'ס ברוסט:

„מיר האבען אלע אייך געקענט
און ניט פערשטאנען אייך ניט איינער..."

און וואס וועקט א בענקשאפט נאך דער לאנג פערשוואונדרענער שעהנקייט:

„וואו נעהמט מען — ניט די קראפט, אך, ניין —
די ט י ע פ ע פ ר י י ד פון אייער גלויבען".

דאַ איז דער דיכטער ניט צושפּאַלטען, ניט פערשטעלט הינטער אַ מאַסקע. דאַ איז ער — ער אַליין ביז'ן טיעפּסטען קנייטש פון זיין נשמה.

און זייענדיג מיט זיך אַליין, הויבט ער אָפּט אָן ריידען מיט צ שטאַרקער שפּראַך, מיט אַן אומגעריכטען ערנסט, ווי אַ זוהן פון נביאים. אין שטאַהלענע פערזען איז איינגעשמיעדט די לע־גענדע פון נבוזראדן, וועלכער האַט געוואַלט מיט בלוט פערלעשען דאָס זידענדיגע בלוט פון נביאים. מיט אַ טיעפען האס איז דורכ־געגליהט די „שריפה“, וואו איהר הערט די איינפאַכע און שטאַרקע ווערטער:

„איך בין אַהן ברויט געוואָרען זאַט,
איך בין אַהן וויין געוואָרען שכור...“

איהר לייענט דאָס — און אייך טהוט באַנג, וואָס אַזאַ דיכטער־קוואַל איז פערצאַמט דורך אַ מויער פון פאַלשע פאַרשטעלונגען און בעגריפען. און איהר קענט ניט פערשטעהן, ווי אַזוי די איי־גענע פעדער, וועלכע איז אקאָרשט געווען איינגעטונקט אין גאָלד און גיפט און פייער, וועט תיכף טאַקי נעהמען שרייבען די מבוזה'־דיגסטע גראַמען.

---

## VIII.

פרוג'ס שפּראַך איז גלאַט. זי פליסט אָהן שטערונגען. דער פערז איז לייכט, שורות קייקלען זיך איינע נאָך דער אַנדערער. עס פערטשעפּעט זיך ניט אין ערגעץ.

אָבער אַז איהר לייענט אַ שטיק צייט, הויבט איהר אייך אָן פיהלען אונבעקוועם — און איהר הויבט אָן נאָך עפּעס בענקען. ו'אָס איז דאָס? איהר דערמאָנט זיך דעם אונטערשיער צווישען כאַשינאָווע מוזיק און דער מוזיק, וואָס איהר הערט פון אַ לעבעדיגען שפּיעלער. אין די אויטאָמאַטישע רעסטאָראַנען קענט איהר אַמאָל זעהן אַ פאָרטעפּיאַן, וואָס זיינע קלאַווישען ווערען בעוועגט דורך עלעקטרישע קראַפט. דאַכט זיך: גאָר ניט שלעכט, דער מאָטיוו

איז ריכטיג, ריטמיש, גלאַט, עס געהט ווי אַ פּוטער. וואָס פעהלט אָבער? אַ קליינינקייט: לעבען. אין צוויי מינוט ארום וועט איהר זיך שוין פערשטעלען די אויערען און וועט בעטען: כאָטש ערגערע מוזיק, נאָר לעבעדיגע, אייגענע.

ניין־צעהנטעל פון פרוג'ס ליעדער זיינען אַזאַ מין אויטאָמאַ־טישע מוזיק. עס קאָסט איהם ניט קיין מיה, עס געהט ווי פון זיך. ווערטער שטעלען זיך צו ווערטער, שורות קייטלען זיך אָן שורות. גראַמען ענטפערען צו גראַמען — און אַ ליעד איז פאַרטיג. דער מאַסען־געשמאַק איז בעפריעדיגט. דער מאַסען־מענש וועט אפילו זיין ענטציקט.

וואָס פעהלט אָבער? ד י נ ש מ ה פ ו ן ד ע ר ש פ ר א ך. ווארום ניט נאָר אַ ווערק אַ גאַנצעס דאַרף זיין בעזעעלט, אויך די שפּראַך האָט זיך איהר אייגען לעבען, איהר מיסטישע עקזיסטענץ ווי אַזוי צו מאַכען, אַז די שפּראַך זאָל לעבען — דאָס קען קיינער ניט זאָגען, דאָס איז דער בעזונדערער סוד פון דער דיכטערישער שעפּפונג. אָבער פיהלען קען מען שטענדיג, וואו ס'איז דאָ אין דער שפּראַך נשמה, און וואו זי איז נאָר אויטאָמאַטיש.

איינס קען מען נאָר בעמערקען (אי דאָס נ ע ג א ט י ו ו): אָהן ליעבע איז ניט מעגליך קיין לעבעדיגע שפּראַך. די שפּראַך איז פונקט אַזוי דעם דיכטער'ס מאַטעריאַל, ווי די טענער — דער מאַ־טעריאַל פון דעם קאָמפּאָזיטאָר, ווי די פאַרבען דער מאַטעריאַל פון דעם מאַלער. אַ שלעכטער מוזיקער איז דער, וואָס איז ניט פערליעבט אין טענער, אַ שלעכטער מאַלער — דער וואָס איז גלייכ־גילטיג צו פאַרבען.

נו, און פרוג? ע ר ה א ס ט ד א ך די אידישע שפּראַך; פאַר איהם שמעקט זי דאָך מיט „ווילנער מארק און דינאַבורגער יאַטקעס". פאַר איהם איז דאָך „זשאַרגאָן" אַ זידעל־וואָרט. ביי איהם אַליין קומט דאָך אויס, אַז ער האָט ניט געשריבען, נאָר „געביסען און געריסען דעם זשאַרגאָן". און ביי דער מיינונג איז ער געבליבען ביז'ן היינטיגען טאָג.

איך בעט אייך: ווי זשע זאָל זיין שפּראַך ויין א י נ ט י ם? ווי זאָל איז איהר ציטערען דער אייגענאַרטיגער נשמה־טאָן? ווי

זאָל זיך אין איהר וועבען דאָס אייגענסטע, דאָס חדרי־חדרים'דיגסטע פון דעם דיכטער'ס „איך"?

איך שטעל מיר פאָר אַ מוזיקער, וואָס זיצט אַמאָל און נעהמט איין איינציגען טאָן אויף זיין פיערעל און הערט זיך אין איהם איין מיט אַ בעזונדערער צערטליכקייט: ז י י ן טאָן. און איך שטעל מיר פאָר אַ דיכטער, וואָס איז גליקליך, ווען ער האָט געפונען אַ בעזונדערען אַקאָרד פון ווערטער, אַ בעזונדערס געלונגענעם אויסדרוק.

פרוג ווייסט ניט פון אַזוינע זאַכען. ווערטער איז ווערטער, סטראָפען איז סטראָפען. געהט ניט איין וואָרט — שטעלט מען אריין אַ צווייטעס, וואולגאַריזירט דאָס אַמאָל דאָס גאַנצע ליעד — אַ ווינציגע דאגה. אַבי גלאַט. אַבגעקנאַקט און פאַרטיג.

אַט איז די בעשרייבונג פון גן־עדן — טיפּיש פאַר פרוג'ען (און גראָד ניט פון די ערגסטע):

„ווארים, פריש, עס פליהען פויגלען;<br>
פליהען, שוועבען, זינגען שירה;<br>
וואונדער־שעהנע בוימער וואַקסען,<br>
וואונדער־שעהנע בלומען בליהען;<br>
פון קריסטאַל, פון גאָלד און זילבער<br>
שטעהען פּאַלאַצען און שלעסער —<br>
אַבגעשפּיעגעלט אין די ריינע,<br>
זילבער־קלאָרע קוואַלען, שטראָמען".

גלאַט? אַ, געוויס. פּאַסיגע ווערטער? אוראַי. וואונדער־שעהנע בוימער, וואונדער־שעהנע בלומען; פּאַלאַצען פון קריסטאַל; זילבער־קלאָרע קוואַלען. אַלצדינג ווי עס דאַרף צו זיין. ווען מען בעשרייבט אַ גן־עדן. אַבער ווי לעדיג די ווערטער זיינען! ווי קאַלט די שפּראַך! און ניט ווילענדיג טראַכט איהר זיך: זאָל זי שוין. בעסער הינקען, אַבער לאָז זיך אין איהר שלאָגען אַ לעבעדיגער אָדער.

פרוג האָט אַזוי לאַנג „געריסען און געביסען" דעם זשאַרגאָן, ביז ער האָט זיך אויסגעאַרבייט אויף אַ שפּראַך־ווירטואָז,

אַ שפּראַך־קינסטלער. אויף יעדער זאַך, אויף יעדע צרה שלא תבוא וועט ער אייך אויסשיטען אַ גאַנצען שטראָם גלאַטע, קיילעכדיגע גראַמען. ווילט איהר, וועט ער אייך אָבמעסטען צעהן סטראָפען, ווילט איהר — צוואַנציג אָדער נאָך מעהר. איהם איז גרינג. דאָס וואָס דער רוסישער דיכטער האָט אַמאָל געזאָגט: „ניטאָ קיין פּיין קיין שווערערע ווי די פּיין פון וואָרט", דער שמערץ פון שאַפען אַן אָרעקוואַטען אויסדרוק פאַר דער עמפּפינדונג, — דאָס איז איהם אינגאַנצען פרעמד.

דעריבער קען ער זיין אַזאַ גוטער נאָכמאַכער, אימיטאַטאָר. ער וועט זיך אייך אַוועקזעצען און אָב'חוזק'ען פון אידישע גראַ־מען: „טאַטע, שמאַטע; ציגען, פליגען; איצע, פּיצע, פּיצע־ריצע; קעפּעל, קנעפּעל, טעפּעל, יויך; אַפּיקומן, קוימען, רויך". ער וועט אייך איבערקרימען די אידישע מאָדערניסטען, שרייבענדיג אַ ליעבעס־אידיליע מיט אַן אַקאָמפּאַנימענט: „די זשאַבעס טאַנ־צען, די זשאַבעס קוואַקען" — און איבערקרימען גאָר ניט שלעכט. ער וועט זיך אייך אַראָבלאָזען ביז דער נידעריגסטער וואָולגאַרי־טעט, ביז „פּרעס, זויף און הוליע, חזיר" — און טאַקע באַלד וועלען געהן סטראָפען פון גאָר אַ הויכען סטיל. איהם איז אַלץ איינס. איהם איז לייכט. קיין שפּראַך־צניעות, קיין שפּראַך־אַדעל זוכט ניט ביי איהם. צניעות פערלאַנגט מען פון אַ געליעבטער כלה, ניט פון אַ קעבס־ווייב.

און דאָך... צווישען אַ ים פון גלאַטע פערזען, אין אַ שטראָם פון לעדיגע „טראַ־טאַ־טאַ, טראַ־טאַ־טאַ, טראַ־טאַ־טאַ" — דערהערט איהר פּלוצים אַן אייגענעם טאָן, טהוט אַ בליץ־אויף אַן אינטימע מעלאָדיע. דערפרעהט דאָס דעם אויער.

אָט איז אַ בעשרייבונג פון דעם מדבר:

„דאָרטען, וואו די בלומען,
ווי פון שטאָהל און קופּער
אויסגעגאָסען, דרעמלען
אין דער מדבר־היץ".

פיער שורות — און עס אָטהעמט אויף אייך שוין מיט דער צו־גליהטער מדבר־לופט.

אַט איז דער ווינטער שליט־וועג:

„אי, פערדעלעך־חיות! נו, זעץ זיך און פאָהר!—
מיט צאַצקעס געטאַקט איז דער שליטען,
צוויי פערד פון די זייטען—ווי הירשען אַ פּאָר,
אַ לעמפּערט, אַ לייב אין דער מיטען!"

אָבער אויך דאָ איז ניטאָ די ל ע צ ט ע אויפריכטיגקייט, די ט י ע פ ס ט ע אינטימקייט, וואָס מיר בעגעגענען ביי אַנדערע דיכטער.

פרוג'ען האַלט מען פאַר „פאָלקסטימליך". דאָס איז ניט ריכטיג. פרוג'ען פעהלט גראַד די תמימות, די נאַאיוויטעט, די חנ'עוודיגקייט פון דעם פאָלקס־שאַפען. פרוג האָט אפילו ניט גע־פּרובט שרייבען לידער אין'ם פאָלקס־טאָן. דאָס איז ניט פאַר איהם. אַזאַ ליעד ווי ביאַליק'ס „אונטער די גרינינקע בוימעלעך", אַזאַ עכט־אידישען הארציגען אויסגעשריי, ווי „מיר זאָל זיין, אי־דישע קינדערלעך, פאַר אייערע כשר'ע אויגעלעך" — וועט איהר ביי איהם ניט געפינען. זיין פאָלקסטימליכקייט בעשטעהט אין אַן אַנדער זאַך. ער איז אַ פאָלקס־דיכטער, ווייל איהם פערשטעהט די ברייטע מאַסע, ווייל ער לייענט זיך גלאַט און גרינג און ווייל מען דאַרף ניט פיעל נאַכדענקען, כדי צו פערשטעהן די בעוועגונגען פון זיין נשמה.

ס'וואָלט שוין אַמאָל צייט געווען, מען זאָל אָנהויבען צו פער־שטעהן, אַז אַזאַ „פאָלקסטימליכקייט" איז ניט די בעסטע רעקאָ־מענדאַציע פאַר אַ דיכטער.

(1915).

# מאררים ראָזענפעלד.

I.

איהר לייענט מאָרים ראָזענפעלד'ס ליעדער, איהר וואנדערט פון בוך צו בוך, פון מאָטיוו צו מאָטיוו — און עפּעס אַ אונאנגענעהמע עמפּפינדונג פערשטארקט זיך אַלץ מעהר אין אייער נשמה. וואָס איז דאָס? עס שוועבען פאר אייך בילדער, עס ווערען אויפגעפיהרט געשטאַלטען, עס ווערען אַוועקגעשטעלט פּראָבלעמען, עס ווערט דערצעהלט אַ געשיכטע פון פרייד און פּיין און טרוים און האס און גליק — און אייך ווערט אַלץ אונהיימליכער דאָס צו הערען. וואָס פעהלט? אָדער וואָס איז איבעריג? סוף כל סוף ווערען אייך די ליעדער אונערטרעגליך. איהר מוזט אַבכאַפּען דעם אָטהעם, איהר מוזט זיך בעפרייען פון עפּעס אַ דריקענדער משא.

וואָס איז געשעהן?

עס איז דאָ אַלצדינג, וואָס צו אַ דיכטער געהער: פערשיידענאַרטיגע בילדער; אינטערעסאנטע שטימונגען; אַ געהאָרכזאַמע שפּראַך; אַ קאָנטאַקט מיט דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. אַלצדינג. און פונדעסטוועגען...

עס איז אייך שווער צו אַנאַליזירען דאָס אונאַנגענעהמע געפיהל. עס איז פּונקט אַזוי ווי איהר האָט געזעהן אַ מענשען אַ שעהנעם, אַ קלוגען, אַ מעורב עם הבריות, און דאָך איז געבליבען ביי אייך אין זכרון אַ שלעכטער ביי־געשמאַק, אַן אונאַנגענעהמער נאָכקלאַנג. איהר ווייסט ניט פאַרוואָס, אָבער דער מענש געפעלט אייך ניט.

איהר פּרובט פאַנאַנדערצוקלייבען זיך אין אייער נשמה. וואָס באַטערט אייך? איז דער דיכטער אפשר ניט אויפריכטיג? שווייבט ער דאָס, וואָס ער פיהלט ניט? זיינען זיינע ווערטער נאָר א לעריגע מליצה? ניין, דאָס קענט איהר גראד ניט זאָגען. העכסטענס, וועט איהר בעמערקען, אז ער פיהלט ניט טיעף, ער פיהלט ניט שטאַרק. ער ווערט ניט ערשיטערט; זיינע איבערלעבונגען זיינען נאָר קליינע, פוילע וועלען אויף דער אויבערפלאך פון א רוהיגען וואסער. אבער ניט דאָס אַרט אייך. מען קען זיין א בעגאַבטער דיכטער — און זיך נעהרען נאָר מיט שאָטענס פון געפיהלען. מען קען זיין אַן אויסגעצייכענטער וואָרט־קינסטלער — און ניט פּרופען אריינקוקען אין די טיעפע אָבגרונדען פון דעם מענשען'ס אינוועניגסטען „זיין“. אויף אַזאַ דיכטער וועט איהר זאָגען: ער איז אויבערפלעכליך, ער איז אַ זומער־פויגעלע, וואָס וועט ניט דערלעבען דעם מאָרגענדיגען טאָג. אָבער דאָס פּריקרע, דריקענדע געפיהל וועט ער אין אייך ניט דערוועקען.

פון וואָס זשע נעהמט זיך דאָס פּאַרט?

איהר קענט ניט זאָגען, אז ראָזענפעלד האָט ניט קיין פאַנטאַזיע. פּערקעהרט. ער בעשאַפט אפט אינטערעסאַנטע בילדער, פּאַקענדע סיטואַציעס. ער פּרופט אריינטראָגען לעבען און בעוועגונג אין אַלצדינג, צו וואָס ער ריהרט זיך צו. זיינע ביכער זייַנען בעפעלקערט מיט אַ גאַנצע מחנה פערשיידענאַרטיגע בעשעפענישען, קינדער פון זיין גייסט.

דערצו איז ראָזענפעלד אַ געזעלשאפטס־מענש. ער לעבט מיט אונז אויף דער זינדיגער ערד און רופט זיך אָב אויף אַלצדינג, וואָס ס'ערשיטערט דאָס געזעלשאַפטליכע עמפּפינדען. ער וואָלט אונז דעריבער געדאַרפט זיין בעזונדערס נאָהענט.

אויב ער רופט פּאַרט אַרויס אונזער אונבעוואוסטען פּראָטעסט, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס ס'פעהלען איהם די אָדער יענע עלעמענטען פון פּאָעטישער שאַפונג. דאָס ליגט טיעפער.

***

יעדער דיכטער זוכט מיטגעפיהל. ער וויל דערוועקען אין אייך די זעלביגע עמפּפינדונגען, וואָס וועקען זיך אין זיין נשמה.

ער וויל איך איבערגעבען א טהייל פון זיין „איך". פאראן דיכטער, וואס איהר זייט זיי דאנקבאר. איהר עפענט פאר זיי אייער הארץ, און זייערע ווערטער פאלען ווי טהוי אויף א פלאנצונג. פאראן דיכטער, וואס איהר פערהאלט זיך צו זיי גלייכגילטיג. אבער מיט ראזענפעלד'ען קעמפפט איהר, ראזענפעלד'ען ווילט איהר ניט אריינלאזען צו זיך. און איהר זייט גערעכט. ווארים ראזענפעלד'ס ליעדער ניט נאר זיי מאכען ניט רייכער אייער נשמה, נאר זיי בערויבען זי פון דעם, וואס ס'האט אין איהר אורשפרינגליך געלעבט. איך קען זיי נאר פערגלייכען מיט א דאמפף פון געוויסע כעמישע שטאפען, וואס מאכען פאנאנדערפאלען קאמפליצירטע קערפער.

די עמפפינדונג פון דעם מאדערנעם מענשען איז אן אויסערארדענטליך קאמפליצירטע ערשיינונג. ווי אין מוזיק איז ניטא קיין איינפאכער, סימפלער טאן, נאר יעדער טאן איז בעגלייט פון א מאסע אויבער־טענער, וועלכע קלינגען מיט און גיבען דעם גרונד־טאן א בעזונדערע מוזיקאלישע בעפארבונג, אזוי איז ניטא אין דער היינטיגער אינטעליגענטער פסיחיק קיין איינפאכע, אבגעזונדערטע, סימפלע עמפפינדונגען. מיר קענען נאך גיהן ווייטער און זאגען, אז די אויבער־טענער, די בעגלייט־אקארדען פון דער עמפפינדונג זיינען פאר אונז פיעל וויכטיגער, איידער איהר גרונד־טאן. א נאקעטע, בלויזע עמפפינדונג איז די ארימקייט אליין. אן אבגעזונדערטע עמפפינדונג איז אזוי עלעמענטאר, אז זי איז א בעליידיגונג פאר דעם מענשען. זי שטויסט אונז אב. וואס העכער עס איז ענטוויקעלט די פסיחיק, אלץ מעהר איז די עמפפינדונג איינגעהילט אין די מאנטלען פון מיט־עמפפינדונגען, אלץ מעהר סטרונעס ציטערען אין דער נשמה ביי יעדען ריהר. די עמפפינדונג ווערט דערפון ניט שוואכער. זי ווערט נאר ריינער, עדעלער, מענשליכער, שעהנער. דעריבער דאנקען מיר דאך אזוי א גוטען דיכטער, ווייל ער דערוועקט אין אונז געפיהלס־אקארדען, וואס האבען פריהער אין אונז געדרעמעלט. דאס מאכט אונז רייכער.

אין ראזענפעלד'ס ליעדער זעהען מיר מעהרסטענס סימפלע, עלעמענטארע געפיהלען. זיי האבען ניט קיין אויבער־טענער, זיי האבען ניט קיין שאטירונגען זיי זיינען מורא'דיג נאקעט, און

אין זייער נאַקעטקייט זיינען זיי וואולגאַר. מיט אַט דער נאַקעט־קייט זייערער קענען מיר ניט איינשטימען. געגען זיי פּראָטע־סטירט אונזער „איך״ *).

הונגער אַלס אַן עלעמענטאַרע עמפּפינדונג קען אפשר זיין אינטערעסאַנט פאַר אַ פּסיכיאַטער, אָבער ניט פאַר אַ קינסטלער. הונגער ווען ער איז די קראַפט, וואָס רודערט אויף אַלע פעדימער פון דער נשמה און מאַכט וויברירען יעדען נערוו — קען ער געבען שטאָף פאַר דער שעהנסט וואונדערבאַרסטער פּאָעמע (זעה דעם ביישפּיעל פון האמסון). דער סימפּלער געשלעכטס־טריב, אָבגע־שונדרען פון יעדען פּאָעטישען מיט־עמפּפינדען, דערוועקט ניט אונ־זער סימפּאַטיע, איז אונז ניט אינטערעסאַנט. דער זעלביגער טריעב איינגעהילט אין דעם מאַנטעל פון ליעבעס־בענקשאַפט און ליע־בעס־טרוימען, גיט אונז אַ גאַנצע סימפאָניע, גיט אונז אַ שיר השירים.

דאָס אייגענע מיט פיזישער ארבייט. דאָס וואָס אַ מענשען איז שווער צו זיצען ביי דער מאַשין און ס׳ברעכט איהם יעדער אבר, איז אַ סימפּלע עמפּפינדונג און איז אַן און פאַר זיך פּונקט אַזוי אינטערעסאַנט און פּאָעטיש־וויכטיג, ווי אַ שטייגער צאָהן־וועהטאָג. איהר בעדייטונג און איהר ווערטה בעקומט אָט די פי־זישע מיעדניגקייט ערשט דורך די וועלטען פון געפיהלען, וואָס פּלאַטערען און קלינגען און בליצען־אויף ארום איהר. ווארום ערשט דאָ דערזעהען מיר פאַר זיך דעם מענשען, גאָט׳ס קינד, די קרוין פון דער שעפּפונג.

---

*) ניט צוזאַמענמישען אָט די נאַקעטקייט, אָט דעם סימפּליציזם מיט דער בעוואוסטזיניגער שטרעבונג פון אייניגע מאָדערנע קינסטלער צו זיין פּרימיטיוו. יענער סימפּליציזם איז אַ ראַפינירטער, אַ פּראָ־דוקט פון צו פערעדעלטער, פערצערטעלטער גייסטיגער קולטור, אַ רעאַקציע געגען אַזאַ קולטור. יענער פּרימיטיוויזם איז אַ געמיינ־טער און אַ געוואָלטער, און ער קען קיינמאָל ניט זיין וואולגאַר, ווייל הינ־טער איהם פיהלט זיך שטענדיג אַ מאָדערנע פיעל־טעניגע און פיעל־פאַרביגע נשמה. ראָזענפעלד, פערקעהרט, ווייל זיין פערפיינערט און עדעל, און ער קען ניט. זיין סימפּליציזם איז ניט קיין סימן פון צו גרויסען גייסטיגען רייכטהום, נאָר פערקעהרט — די אָרימקייט זעלבסט.

ראַזענפעלד איז בעקאַנט מעהר פון אַלצדינג מיט זיינע אַר־בייטס־ליעדער. קוקט איהר זיך צו צו זיי נעהענטער, געפינט איהר איז זיי נאָר דעם אויסדרוק פון סימפּלע געפיהלען.

דער בלייכער אַפּערייטאָר, וועלכער זיצט ביי דער מאַשין, איז ניט מעהר ווי אַ מיעדער מענש. דער לויז־שקלאַף, וועלכער קלאָגט זיך, אַז ער האָט ניט קיין רוה, ער זעהט ניט קיין בוימער, ער ווייסט ניט פון באָדען זיך, ער האָט ניט קיין ווייסע העמד, ער קען זיך ניט אָבקיהלען אין שאָטען פון אַ וואַלד („פערצווייפלונג"), איז נאָך אויך ניט ארויסגעגאַנגען פון'ם גדר פון עלעמענטאַרע גע־פיהלען. און אַז דער זעלביגער אַפּערייטאָר נעהמט טראַכטען, וואָס וועלען טהאָן ווייב און קינד ווען ער וועט שטאַרבען („אין שאַפּ און אין דער היים"), און ווען ער געהט שפּאַציערען מיט'ן אינגעלע און ליידט, ווייל ער קען איהם ניט קויפען קיין פרוכט און קיין שפּילכלעך („מיט מיין קינד"), און ווען ער ווערט קראַנק שפּעטער מיט יאָהרען און זיין טעכטערעל ברענגט די ערשטע אַליין־פערדיענטע ווייזשעס, — זיינען דאָס נאָך אַלץ די זעלביגע סימפּלע געפיהלען, וואו עס האָט נאָך ניט אַ שיין געטהאָן די לעבעדיגע, מענשליכע נשמה אין איהר גאַנצער פערשיעדענהייט, אין איהר גאַנצען רייכטהום.

מאָלט מען דאָס עלעמענטאַרע, איז שוין זעלבסטפערשטענדליך, אַז ס'קען ניט זיין קיין גרויסע אויסוואהל אין שטאָף און אַז די זעלביגע זאַך קומט אויס איבערצו'הזר'ען עטליכע מאָל. געפינט איהר טאַקע, אַז דעם ארבייטער'ס נויט, מיעדקייט, אונמענליכקייט צו געניסען דאָס לעבען ווערט ביי ראָזענפעלד'ען בעהאַנדעלט אין צעהנדליגע ליעדער — און דערביי קומען כמעט ניט צו קיין נייע שטריכען. עס ווערט נאָר איבערגעקייט דאָס זעלביגע מיט אַנ־דערע — אָפּטמאָל מיט עהנליכע — ווערטער.

און אזוי איז אויך מיט די קאַמפּפס־מאָטיווען. עס איז אזוי פשוט, אזוי אדם־נאַקעט די עמפּפינדונג פון האַס צום רייכען, וועלכער לעבט פון מיין פּראַצע. און עס איז אזוי עלעמענטאַר דער ענטשלוס צו פעראייניגען זיך מיט די איבעריגע אַרבייטער, כדי אָנצולערנען דעם „באָס". פאַר יעדען ארבייטער בעזונדער איז אפשר געווען שווער צו דערט[illegible]ען זיך צו אָט דעם איינ־

פאַכעז געראַנק. היסטאַריש איז דאָס אפשר געווען איינע פון די ווירטיגסטע ערוועקבונגען אין׳ם מענשען׳ס פסיכיק. אָבער מיר, די היינטיגע אינטעליגענטע לעזער, ווייסען דאָך שוין דאָס אַלעס! און אפילו דער מיטעלמעסיגער ארבייטער וועט דאָ געפינען ווייניגער, ווי ער אַליין האָט איבערגעלעבט.

די גאַנצע רייכע פיעלפאַרביגע וועלט פון אינוועניגסטע און אויסוועניגסטע קאָנפליקטען, די גרויסע שטורעמס, וואָס טראָגען זיך דורך אין דעם מענשען׳ס נשמה, די שטילע געזאַנגען, די שעה־מעוודיגע האָפנונג, די פינסטערע פערצווייפלונג — דאָס אַלעס, וואָס ס׳שפּיעלט זיך אָב אין׳ם ארבייטער מיט טויזענדער שאַטי־רונגען בשעת ער קעמפּפט פאַר אַ בעסער לעבען — דאָס אַלעס פעהלט אין ראָזענפעלד׳ס ליעדער. דעריבער פעהלט אויך דער אינדיווידואום, דער ב ע ז ו נ ד ע ר ע ר מענש, דעריבער זיינען אַלע זיינע שניידער און שוסטער עהנליך איינער צום צווייטען, און דעריבער בעהערשט אונז אַזאַ אונאַנגענעהמער געפיהל. ווען ער קומט צו אונז מיט זיינע געשטאַלטען. מיר דאַרפען דאָס נים. עס איז אונז שוין לאַנג בעקאַנט. מיר ווייסען מ ע ה ר. דערמיט, וואָס ער צווינגט אונז אויף אַ רגע אויסצוהערען, וואָס ער זאָגט, ציהט ער אונז אַראָב ניעדריגער, איידער די מדרגה, וואו מיר זיינען געשטאַנען, ווערען מיר אויף אַ ווײַלע ארימער, איידער מיר זיינען פריהער געווען.

און דאָס אייגענע אויך אויף אַלע אנדערע געביעטען.

ראָזענפעלד איז ניט נאָר אַ דיכטער פון ארבייט, נאָר אויך פון נאַציאָנאַלע געפיהלען. דאָס איז ווידער אַ נייע וועלט, אַ טיעפער אוצר פון עמפּפינדונגען. גאָט אין הימעל! וואָס האָט דען ניט איבערגעלעבט דער מאָדערנער איד, אין וועלכע גיהנם׳ס האָט ער ניט אַריינגעקוקט, צו וועלכע הימלען האָט ער זיך נים דערהויבען. וואָס קען אונז דאָ ניט דערצעהלען אַ מאָדערנער דיכטער מיט אַ נשמה, וואָס רופט זיך אָב אויף אַלצדינג!

און וואָס זעהען מיר ביי ראָזענפעלד׳ען? דער זעלביגער סימפּליציזם, די זעלביגע מגושם׳דיגע ניט־אינדיווידואַליזירטע עלע־מענטאַרע געפיהלען, וואָס אַלע ווייסען דאָס שוין און קיינעם קען עס ניט ריהרען.

צוריק מיט א יאהר עלף (אין דער זאמלונג פון 1904) האט ער „געזונגען" וועגען אידישען גלות:

„און יעדער וואך
פערמעהרט מיין בראך
אין בלוטיגע מדינות,
און יעדער טאג
פערמעהרט מיין קלאג
און ברענגט מיר נייע קינות".

צוריק מיט א יאהר צוויי (אין דער זאמלונג פון 1912) האט ער געשריבען:

„אך! וואס בלייבט אין טיעפען גלות איבער
פאר א לעבען פון אלצדינג בערויבט?
בלאנדזשען דורך דעם שיקזאל'ס טיעפע גריבער,
פון דעם שונא'ס שפאט־געשריי פערטויבט!

אנגעפילט האט זיך מיין גייסט מיט זארגען,
מיין נשמה איז געווארען מיעד.
הייסע גלות־טרעהרען האבען מיך געווארגען,
און איך האב געיאמערט אויפ'ן איד".

און ווי דעמאלט, אזוי איצט, בלייבט איהם די איינציגע טרייסט „ציון", די פשוט'ע ארץ זבת חלב ודבש:

„ווידער וועט דיין אתרוג שמעקען,
גלאנצען וועט דיין אפעלציין;
ווידער וועט זיך גאט ערוועקען
און וועט ברענגען דיך אהין..."

און א מערקווירדיגע זאך: איהר מעגט אייך זיין א געגנער פון'ם ציוניזם, איהר מעגט זיין ווי פיינדליך צו אזוינע שטי־מונגען, — ווען ראזענפעלד זאגט דאס, אארט דאס אייך ניט. עס צופט אייך ניט ביי דער נשמה, איהר האט ניט קיין חשק מיט

איהם צו פּאַלעמיזירען. עס איז איך פּשוט ניט אינטערעסאַנט, עס דערגעהט ניט צו איך, עס איז צו סימפּעל.

די טיעפסטע מדרגה פון סימפּליציזם דערגרייכט אַבער ראַ־זענפעלד אין זיינע ליעבעס־ליעדער. דאַ, וואו דיכטער וויקלען געוועהנליך פאַנאַנדער זייער גאַנצע פאַרבען־פּראַכט, ערשיינט ער פאַר אונז אין אַזאַ נאַקעטקייט, אַז ס'כאַפּט אונז אָן אַ שוידער. יעדעס פון די פערשיעדענאַרטיגע ליעבעס־געפיהלען האָט ער פער־שטאַנען אַזוי אָבצושיילען, בעראַבעווען, ארויסשטעלען אין זיין אורשפּרינגליכער גראָבקייט, אַז איהר שפּירט איניגע פון זיינע ליעדער ווי אַ פּערזענליכע בעליידיגונג.

נו, ווי קען מען לייענען אַזאַ מין געדיכט:

„מיר טהוען, וואָס גאָט און לייט הייסען,
מיר טהוען, וואָס גאָט און לייט ווייסען,
מיר טהוען דאָס, וואָס אַלע לייט טהוען,
עס צווינגט אונז, מיר קענען ניט רוהען...
דאָס טהוט אויך דער רב און דער גלח,
ס'איז קיינער פון אונז ניט קיין מלאך.
ווי וואויל און ווי גוט איז אונז ביידען"...

אָדער ווי געפעלט אייך אַזאַ מין סטראָפע:

„דו נאַר! מיר פעהלט ניט קיין נשמה,
איך קען פערטראַג'ן אָבער מעהרער לייב,
אַזוי ווי דו ביזט איצטער מיינע,
געפין איך דאָס ביי דיר, טהייער ווייב!"

און אַזוי געהט דער דיכטער אויף אַלע וועגען און שטעגען פון ליעבע, און פערסימפּעלט, און שינדט אָב און פערשוועכט אַלצ־דינג, וואָס אַנדערע האָבען געמאַכט הייליג.

און דאָס טראַגישע דערביי איז, וואָס ער מיינט דאָך אַלעס ערנסט און וואָס ער פּ י ה ל ט טאַקע אַזוי. יאַ, ער פיהלט. דאָס שפּירט איהר פון צווישען די הינקענדיגע, אומגעלומפּערטע

שורות. אָבער אזא סאָרט פיהלען איז דאָס, אז עס שאָקירט אייך אז איהר ווילט אנטלויפען, אז מיט יעדען נייעם ליעבעס־ליד וואקסט דער פראָטעסט אין אייך.

דער דיכטער איז ניט שולדיג: אזא נשמה האָט ער. מיר זיינען אָבער אויך ניט שולדיג: מיר פערלאַנגען דעם מענשען אין זיין אייגענאַרט און דעם מענשען אין זיין גרויסען שעהנ־הייטס־רייכטהום.

אפשר זיינען נאָך דאָ מענשען, וואָס ראָזענפעלד'ס פּאָעזיע קען פאר זיי עפענען אַ וועלט. עס זיינען אויך דאָ מענשען, וואָס זיינען גליקליך, ווען זיי ווערען געוואָהר, אז אַלע טייכען פליסען אין ים. יעדען זיינס. מיר ריידען אָבער וועגען דעם, וואָס אַ דיכטער קען געבען אונז — די מאָדערנע לעזער מיט אַ שטיקעל ליטע־ראַרישען חוש.

* * *

און דאָך זיינען די סימפּלע ליעדער נאָך די בעסטע אין ראָ־זענפעלד'ס שאַפען. דאָ איז ער נאָך אין זיין ספערע, אין הסכם מיט זיך אליין. אייך קען ער זיין אונאַנגענעהם, ווי עס איז אייך, אַ שטייגער, אונאַנגענעהם, ווען איהר זעהט אַ וואוינונג אויסגע־פוצט מיט ביליגע גראָשעדיגע בילדער. איהר קענט אָבער ניט לייקענען, אַז דער וואָס האָט אויפגעהאנגען די בילדער האָט זיי געוויס געהאלטען פאר אינטערעסאנט. ווען ראָזענפעלד דערצעהלט אייך, אַ שטייגער, ווי ער האָט זיך פערקויפט צום זשורנאַליזם, און דערביי בעקלאָגט ער זיך:

פעק מיט שורות מוז איך שמירען
און פערשווארצען מיינע יאָהרען,
און איך קען ניט מעהר שטאָלצירען
מיט מיין קונסט,—איך בין פערלאָרען,

מעג דאָס אייך זיין פריקרע. איהר מעגט זיך פרעגען, צו וואָס דאַרפט איהר וויסען די פערזענליכע קליינע זארגען פון אַ ברוך

אָדער אַ זרה, — אָבער יעדענפאַלס וועט איהר מוזען מודה זיין, אַז ווער עס פיהלט אַזוי, האָט אַזוי געמוזט שרייבען.

אַן אַנדער זאַך איז, ווען ראָזענפעלד פּרופט זיך אויפהויבען אַ ביסעל העכער, פּרופט זיך אַ לאָז טהאָן אין אַ וועלט פון קאָמ־פּליצירטע געפיהלען. דאַ בעקומט זיך אַן אונערטרעגליכער דיז־סאָנאַנס, אַ שרעקליכער ריס צווישען אינהאַלט און פאָרם. איהר לייענט און עס מאַכט אויף אייך דעם זעלביגען איינדרוק, ווי אַ־מיצער וואָלט דערצעהלט אַ פרעהליכע זאַך מיט אַן אומעטיגען נגון אָדער ווי אַ בדחן וואָלט מיט אַלע בדחנ׳שע קונצען געמאַכט אַ הספּד איבער אַ טויטען.

וואָס דאַרפט איהר מעהר: ראָזענפעלד שרייבט אַ ליעד „קדיש“ — „ אַ געדענק־ליעד אויף זיין זעליגען בן־יחיד“, ווי ער דריקט זיך אויס. ער דערצעהלט אונז, אַז פון זיין זוהן איז איהם געבליבען אַ גאָלדענער לאָק, אַ בילד און אַ בוך. איהר האָט קיין גרונד ניט צו צווייפלען, אַז דער פאָטער טרויערט ווירקליך נאָך זיין זוהן. אָבער זעהט, ווי ער דערצעהלט דאָס:

„דער לאָק דערמאָנט מיך אַן דעם שעהנעם קאָפּ,
דאָס בילד—אַן דער געבענשטער, זיסער צורה,
דער בוך—אַן גייסט פול יוגענד, היץ און גבורה,
דאָך ער איז, וועה, פון לעבענס־שוים אַראָב“—

טויטע שורות, פּ אַ ל ש ע שורות, אָהן דעם מינדעסטען ציטער פון געפיהל, אָהן אַ שפּור פון האַרץ־וועה.

און אַזוי איז דאָס אומעטום. קומט דער גרויסער סטרייק פון קלאָוקמייקערס. דער דיכטער, אַליין אַ געוועזענער שניידער איז געוויס בעגייסטערט. ער זעצט זיך שרייבען אַן אָדע, אַ זיעגעס־געזאַנג צו די מאַנטעל־מאַכער. איהר לייענט איבער די ערשטע צוויי סטראָפען:

די באַטאַליאָנען מאַנטעל־מאַכער
בעמאַנטלען זיך מיט מוטה און שטרייט,
זיי האָבען גאָר אַ לאַנגע צייט
בעמאַנטעלט זייערע פערלאַכער,

בעמאַנטעלט און געמאַכט זיי שעהנער.
איצט מאַנטלען זיי זיך זעלבסט אין שטאָלץ;
—איהר וועט ניט האַקען אונז ווי האָלץ
און ניט צעוואַרפען אונז ווי שפּענער.

איהר לייענט איבער און עס כאַפּט אייך אָן אַ שרעק פאַר די איבעריגע 10 סטראָפען, וואָס זיינען נאָך געבליבען, און איהר פערמאַכט וואָס גיכער דאָס בוך און נאָך אַ לאַנגער צייט שפּירט איהר זיך אַזוי, אַקוראַט ווי איהר האָט אַ טרונק געגעבען ים־וואַסער.

וואָס איז דאָס? פעהלט עמפּפינדונג? ניין. עס איז די ניט־צוגעפּאַסטקייט צווישען אינהאַלט און פאָרם, צווישען וואָרט און איבערלעבונג.

פערבענקט זיך אַמאָל דעם דיכטער נאָך אַ גרויסען מאַן, אַ פיהרער, אַ נביא. שרייבט ער אַ ליעד: „וואו איז משה“. מיי־נען מיינט ער עס ביטער־ערנסט. אָבער לייענען לייענט זיך עס ווי אַ חוזק, ווי אַ קאָמעדיאַנטען־טריק:

„גיט מיר משה'ן, יענעם משה'ן,
וועלכער האָט אַמאָל בעפרייט
שקלאַפען פון דעם שוואַרצען גושן
און ערצויגען זיי פאַר לייט!

יענעם משה'ן גיט מיר ווידער,
יענעם נביא, יענעם העלד.
אַך, מיר האָבען „משה'ס“, ברידער,
דאָך דער רעכטער משה פעהלט.
וואו איז משה?“

דאַכט זיך ניט דעם לעזער, אַז דאָס איז אַ פּאַראָדיע? ניין. ראָזענפעלד מיינט עס טאַקע אויפ'ן רעכטען אמת. ער איז ניט שול־דיג. וואָס ביי איהם האָט די פאָרם בעקומען אַ פּנים פון חוזק.

אַט זעצט ער זיך אוועק קלאַגען אויף דעם טרייענגעל־פּייער. ער איז ערשיטערט, ער וויל זיין שטאַרק און גליהענד און פּער־כאַפּען אייער נשמה. און וואָס קומט אַרויס ? ווי איבערגעקרימט :

„שוועסטער מיינע ! יונגע שוועסטער !
מיינע יונגע ברידער !...
טרויערט, מיינע ליעדער !
יאָמערט און טרויערט !...
זעהט, ווי עס לויערט
פון טונקעלע נעסטער
דעם ארבייטער'ס טויט ;
ווי ער האַלט זיין ברויט...
ווי ער גלאָצט ביי זיין טהיר,
ביי זיין אָרעם געצעלט —
וועה, וועה איז מיר !"

דער איינדרוק בעקומט זיך אזא, אז מיט די ווערטער ווערט פ ע ר ש ו ו ע כ ט דאָס אנדענקען פון די אומגליקליכע קרבנות. ראָזענפעלד'ס ליעדער זעהען אַמאָל אויס ווי אַ טייוועלשער שפּאַס איבער דעם, וואָס ער האָט געוואָלט מיט זיי אויסדריקען.

עס פערשטעהט זיך, אז וואו די פאָרם איז אזוי אונאבהענ־גיג פון'ם אינהאַלט, קימערט מען זיך שוין וועניג וועגען אויסגע־האַלטענקייט, וועגען שפּראַך־האַרמאָניע. ראָזענפעלד'ס ליעדער זיינען אויף גיך צונויפגעקוועטשט, צונויפגעקלאַפּט פון ווערטער, וואָס פּאַסט אָפּט ניט איינס צום צווייטען. פעהלט אַמאָל אויס אַ זילבע צום „משקל" — מאַכט מען ניט קיין שהיות : אריינגע־האַקט אַן „אוי", אַן „אַ" אָדער אַ „יאַ" — און ס'געהט. (פערגלייך : „דאָס האָט געריסען מיר, יאַ, און געריסען" אויף זייטע 172 פון דעם „בוך פון ליעבע", אָדער : „און איך, יאַ, איך געה אויס נאָך דיר", אָדער : „אַ בוך, יאַ, אַ פערזיגעלטער", דאָרטען זייטע 132 און 133). פעהלט אַ גראַם — שרייבט מען צו צוויי אָדער דריי איבעריגע שורות, וואָס קלעפּען זיך ניט מיט'ן איבעריגען אינ־האַלט — און פאַרטיג. זעלטען וועט איהר געפינען ביי ראָזענ־

פעלד'ען אַ ליעד, וואָס איהר זאָלט פיהלען, אַז ער האָט עס גע־
שריבען מיט ליעבע, בעזונדערס אין די לעצטע יאָהרען.

* * *

געווען אַ צייט ווען מאָריס ראָזענפעלד האָט נאָך עפּעס פער־
שפּראָכען, ווען ענטהוזיאַסטען האָבען אויף איהם געלעגט גרויסע
האָפנונגען. דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָהרען פון זיין
דיכטערישער ארבייט. אויך דעמאָלט האָט ער שוין געטראָגען אין
זיך די אַלע אייגענשאַפטען, וואָס צייכענען אויס זיין פּאָעזיע.
אויך דעמאָלט האָבען ארויסגעסטאַרטשעט פון זיינע ליעדער די
נאַקעטע, סימפּלע געפיהלען, אויך דעמאָלט האָבען זיינע ווערטער
ניט שטענדיג געפּאַסט צו דעם, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען,
און וואולגאַר און גראָב האָט ער אויך דעמאָלט געקענט זיין ביז
ניט צום איבערטראַגען (פערגלייך „מקוה כשרה" אין דער ער־
שטער זאמלונג, פון 1904). אָבער געמערקט האָט זיך, אַז ער
אַרבייט, אַז ער גיט זיך מיה צו זיין לייטען־גלייך, אַז ער
ווארימט אויס זיינע ליעדער אין דער נשמה. אָפט פלעגט זיך דאָן
ביי איהם ארויסכאַפּען אַ גוט ליעד — ניט ווער ווייסט וואָס, ניט
קיין געניאַלע זאַך, אָבער דאָך אַ ליעד, וואָס מ'האָט עס געקענט
לייענען מיט פערגעניגען. אמאָל — זעהר זעלטען — פלעגט איהם
דאָן געלינגען צו דערהויבען זיך צו אמת'ען ליריזם (ניט אָהן
היינע'ס ווירקונג), ווי, למשל, אין דעם פּראַכטפולען ליעד „איך
ליעב דעם ווינד, איך ליעב דעם ים" און איבערהויפּט אין דער
גאַנצער סעריע „הערבסט־בלעטלעך". אמאָל פלעגט ער דאָן האָבען
אַ שטאַרקען פּאַטאָס, ווי אין דעם גוטען סאָנעט: „מיין פּאָלק,
וואָס נאָך קענסטו פון מיר פערלאַנגען". דעמאָלט האָט זיך גע־
פיהלט אין די ליעדער — אין אַ קליינער צאָהל פון זיי — אַ געוויסע
אכטונג צו דער אייגענער פען און אַ שטרעבונג צו ריהרען די נשמה
פון'ם לעזער. אין דער ערשטער זאמלונג פון ראָזענפעלד'ס ליע־
דער קען מען געפינען אפשר אַ צעהנדליג, וואָס האָבען אַ בע־
דייטענדען פּאָעטישען ווערטה, הגם אויך דאָרטען בעגעגענט איהר
איינצעלנע שורות און ווערטער, וואָס שטערען דעם גוטען איינ־
דרוק.

יענע צייטען זיינען שוין אָבער לאַנג אַוועק. וואָס ווייטער בענעגענט איהר ביי איהם אַלץ ווייניגער ליעבע צו דער דיכטונג און אַלץ מעהר שטאָלץ מיט זיך אַלס דיכטער. אָט דאָס שטעלען זיך אליין אויף אַ פּיעדעסטאַל ווירקט פּשוט אונערטרעגליך. (פער־גלייך די בעהויפּטונג, אַז ער האָט פון אַלע זיינע ליעדער „אַ נאָמען אַבגעשפּאָרט", אָדער די ערצעהלונג, ווי אַזוי הערענדיג אַדאָלף זאָנענטהאַל'ען פּאָרלייענען זיינע ליעדער, האָט ער „ערשט פער־שטאַנען וואָס ער האָט געשאַפט").

וואָס ווייטער, אַלץ ווייניגער נשמה, אַלץ ווייניגער אויפריכ־טיגקייט, אַלץ מעהר פּיוט. איהר קענט איצט איבערלייענען אַ גאַנצען באַנד פון זיינע ליעדער — און ס'זאָל קיין איינציגען מאָל ניט אָנריהרען אייער נשמה, ניט אַ הויך טהאָן אויף אייך מיט אַן אמת'ען געפיהל. ווער רעדט שוין פון נ י י ע וועגען, פון אָ ר י ג י נ ע ל ע מעלאָדיען.

איין מעלה האָט אָבער איצט אויך מאָרים ראָזענפעלד: ער נעהמט שטענדיג אַ געוויסע קאָנקרעטע ט ע מ ע צו בעהאַנדלען. ער האָט נישקשה'דיגע א י נ פ א ל ע ן, ער האָט שטענדיג אַ קלאָרען פּ ל א ן. און די טעמע, דער פּלאַן, דער אינהאַלט פון דעם וואָס ער וויל זאָגען, איז פערשטענדליך פאַר דעם מאַסען־מענשען, דערין ליגט דער סוד פון זיין ערפאָלג.

דער מאַסען־מענש קוקט שטענדיג נאָר אויף דעם אינהאַלט. איהם איז ניט וויכטיג, ו ו י דער אַקטיאָר שפּיעלט, ער הערט נאָר, ו ו א ָ ס ער זאָגט, ו ו אָ ס ער שטעלט פאָר: צו אַן עהר־ליכען מענשען, צו אַן אויסוואורף. דעם עהרליכען מענשען וועט ער אַפּלאָדירען, אויף דעם אויסוואורף וועט ער אויסגיסען זיין צאָרן. דעם מאַסען־מענשען איז ניט וויכטיג, ו ו י דער דיכטער זינגט. די מאַסע האָט געוועהנליך אַ קנאַפּען חוש צו דער פאָרם. איז אָבער דאָ אַן אינהאַלט, וואָס מען קען איהם אָנטאַפּען מיט די הענד, דערצו נאָך אַ מאָראַלישער אינהאַלט (אַ סאָציאַלער אָדער נאַציאָנאַלער), וועט זי אַזאַ ליעד לייענען און הערען מיט מעהר פערגעניגען, איידער אַן עכט־פּאָעטישע שעפּפונג. די מאַסע האָט, צום בעדויערען, ניט געהאַט די מעגליכקייט צו ענטוויקלען איהר חוש צו אמת'ע, פּאָעטישע נערטהען. (1915).

# פּרץ דער ליריקער.

אין דער גאַנצער פּרץ'עס ליריק איז ניטאָ קיין איינציגער חסיד'ישער מאָטיוו און קיין איינציגע לעגענדע (אויב ניט רעכע־נען די תלמוד'ישע „רבי חנינא בן דוסא"). זעהר ווייניג פּלאַץ פערנעהמט דאָרט אויך די באַלאַדע: א חוץ „אין קבר" איז דאָ נאָך איין „מאַניש" — מעהר אַ סאַטירישע שטיפעריי, ווי א באַ־לאַדע. פון דעם גאַנצען געוועב פון פאָלק'ס שאַפען, וואָס ציהט זיך דורך די איבעריגע פּרץ'עס ווערק, געפינען מיר אין זיין ליריק אזוי גוט ווי גאָר ניט.

דערפון איז שוין קלאָר, אז אין דער ליריק איז ניטאָ דער גאַנצער פּרץ. וואָלט אימיצער געוואָלט אויסטהיילען די לירישע זאַכען און פון זיי אליין זיך בילדען אַ פאָרשטעלונג וועגען דיכ־טער, וואָלט דאָס בילד ארויסגעקומען פערשוואומען און מטושטש. פּרץ'עס אייגענאַרטיגקייט ליעגט אויף אן אנדער פעלד. גיכער שוין וואָלט מען געקענט אַנטאַפּען דעם דופק פון זיין שאַפען אין א „גאָלדענער קייט" אָדער אין די איבעריגע מיסטישע דראַמען און דראַמאַטישע פראַגמענטען, איידער אין דער ליריק.

און פונדעסטוועגען איז פאָרט נויטיג אויסצוטיילען די לי־ריק און זי בעטראַכטען בעזונדער. דאָס איז דערפאַר, ווייל זי בילדעט געוויסערמאַסען א וועלט פאַר זיך. אין איהר זיינען איינינגע מאָטיוון אויסגעדריקט ענערגישער, פולער, פאָלקאָמע־נער, איידער אין די פּראָזאַאישע ווערק. און ווידער געפינען מיר אין איהר אזוינע מאָטיוון, וואָס אין די איבעריגע ווערק זיינען זיי ניטאָ, און וואָס פּרץ ערשיינט אין זיי אין אַ אומגעריכטער בעלייכטונג.

* * *

עס וואָלט געווען אַ דאַנקבאַרע אויפגאַבע אויסצופאָרשען, אין וועלכע פאַלען און אויס וועלכען אינגוועניגסטען דראַנג פלעגט פּרץ פון צייט צו צייט איבערגעהן צו ליריק. דאָס וואָלט אפשר געגעבען אַ שליסעל צו פיעלע פּראָבלעמען פון זיין מערקווירדיגער קינסטלער־נאַטור. ליידער האָבען מיר נאָך צו ווייניג מאַטעריאַלען וועגען זיין פּערזאָן און זיין אינגוועניגסטען לעבען, אַז אַזאַ ארבייט זאָל זיין מעגליך. איינס קען מען אָבער אָנמערקען שוין איצט: צו דער ליריק האָט פּרץ'ען געצויגען, בעזונדערס אין די לעצטע יאהרען, דער וואונש צו זיין מיט זיך אַ ל י י ן, מיט זיך אין גאַנצען.

מיר ווילען דערמיט ניט זאָגען, אַז אין די איבעריגע צווייגען פון זיין שאַפען איז פּרץ ניט געווען אויפריכטיג. דאָרטען איז איהם אָבער אויסגעקומען מעהרסטענסטהיילס צו ס ט י ל י־ז י ר ע ן, צו שרייבען אין'ם גייסט און אין דער געדאַנקען־ארט פון די פאַרצייטיגע אידען. אמת, אויך דאָרט בלייבט ער ניט איינגאַנצען בעהאַלטען הינטער זיינע „העלדען". יוחנן דער מלמד, למשל, איז ביי איהם צו אַ גרויסער פּקח. ער פערשטעהט צו פיעל, ער איז צו אַ ה י י נ ט ־ו ו ע ל ט י ג ע ר חקרן, אַז איהר זאָלט הינטער איהם ניט פיהלען פּרץ דעם דענקער. אפילו דורך רב שלמה'ן אין דער „גאָלדענער קייט", מיט זיין פילאָזאָפיע פון „שבת'דיגע, יום־טוב'דיגע, נשמה יתרה'דיגע אידען", קוקט ארויס פּרץ דער מאָדערניסט, וועלכער טרוימט וועגען אַ גאַנצען מענשען און אַ גאַנצער מענשהייט. דאָס איז דאָך אייגענטליך געווען דער צוועק, צוליעב וואָס פּרץ האָט געשאַפען די אַלע זאַכען. אָבער דאָך איז איהם אויסגעקומען אין זיינע חסיד'ישע מעשה'לאָך און אין זיינע פאָלקסטהימליכע געשיכטען צו קוקען דורך די אויגען פון אַ פערגאַנגענער צייט, צו ריידען מיט דער שפּראַך פון אַ פער־שוואונדענער עפּאָכע. ער האָט דערביי, פערשטעהט זיך, ניט גע־וואָלט זיין „נאַטור־געטריי" און האָט בשום אופן ניט אין זינען געהאַט צו פערקערפּערען די „היסטאָרישע ווירקליכקייט" ווי זי איז געווען. אָבער סטיליזאַציע בלייבט דאָך פאָרט אַזאַ ארט

שרייבען, וואו דער דיכטער מוז איינשרענקען זיך אליין, מוז זיך האלטען אין געוויסע ראמען.

איז אבער פרץ געווען צו רייך מיט בילדער, געדאנקען, שטי־מונגען, זוכענישען, זיין גייסט האט צו שטארק געפלאקערט אלע ציימען, אז ער זאל קענען בלייבען אין ראמען. פלעגט ער זיך אוועקלאזען זוכען אנדערע אויסדרוקס־פארמען. האט ער געשאפען אזוינע זאכען, וואס די ליטעראַרישע קלאסיפיקאציע וועט זיך לאנג ברעכען דעם קאפ, וואוהין זי זאל זיי צורעכענען: „קלאַנג־געשיכטען", „די רויז", „וואס הייסט נשמה" — האלב פעליעטאנען, האלב געדיכט אין פראזא, אלעס צוזאמען א שנירעל קאלייד[ו]סקאַ־פישע בילדער, א שפיעל פון בעטראכטונגען און וואונקען און גע־דאנקען.

האט אבער, קענטיג, אויך אט דאס שפיעל ניט אינגאנצען בעפריעדיגט פרץ'ען. פלעגט ער מאכען לירישע פראבען.

פון אנפאנג, אין די ערשטע צעהן־פופצעהן יאהר פון זיין שרייבען אידיש, האט פרץ, ווייזט אויס, זיך איבערהויפט געהאל־טען פאר א פראפעסיאנעלען ליריקער, פאר איינעם, וואס זיין אר־בייט ווערט נאטירליך אויסגעדריקט אין ליעדער (איז דאך דאס ערשטע אידישע ווערק זיינס געווען „מאניש", א באלאדע אין גראמען). שפעטער האט דאס אויבערגעוויכט ביי איהם געוואו־נען די פראזא, און צו דער ליריק פלעגט ער זיך אומקעהרען נאר זעלטען. פאר די לעצטע יאהרען קען מען אנרעכענען נאר איינ־צעלנע פרץ'עס לירישע זאכען. און גראד אין זיי דערגרייכט ער צו אזא טיעפען פאטהאס און צו אזא ערגרייפענדער אויסדרוקס־פארם, וואס מאכט זיי פאר די פאלקאמענסטע פון זיינע ווערק.

און דאך מוז בעמערקט ווערען, אז פרץ איז ניט קיין ליעדער־שרייבער אין'ם אייגענטליכען זין פון'ם ווארט. ער איז ניט מסוגל צו זיין געבונדען צו דער פארם. ער האט אפשר גאר קיין צייט ניט געהאט צו טראכטען וועגען א וואויל־קלינגענדיגען אויס־דרוק. ער איז איבערהויפט ניט פעהיג געווען צו געהן אין שפאן פון א געוויסען ריטם. דעריבער איז אין זיינע ליעדער אזא שטענ־דיגער קאמפף צווישען ריטם און אריטמיע; דעריבער איז זיין שפראך אזוי אונגלייך, אזוי שפרינגענדיג, אקוראט ווי אויפ'ן

וועג ביי איהם ליגען כסדר בערגלעך און גריבער. ריכטיגער וואָלט געווען צו זאָגען, אַז זיין שפּראַך ב ר ע כ ט ז י ך, ווערט אי־בערגעריסען דורך אונבעשטימטע פויזעס, כדי ווידער צו ער־שיינען פאַר אונז אין איהר אומרוהיגען פולסירען. איהר ווערט כמעט ניט געפינען ביי פּרץ'ען אַ ליעד, וואו דער טאָן און דער כאַראַקטער זאָל זיין אויסגעהאַלטען פון'ם ערשטען ביז'ן לעצטען וואָרט. און געפינט איהר דאָס שוין יאָ, מוזט איהר זיך זאָגען, אַז דאָס האָט ניט געהערט צו די בעסערע אין פּרץ'עס ליריק.

אזוי זיינען זיינע איינציגע ליעדער אין פּראָזאַ: „עס זיינען קיין וואנדער געשעהן“, „ליעבע“, „געה ניט מיט מיר“. די דאָזיגע ליעדער זיינען דוקא סטיליסטיש פערענדיגט, געשלאָסען אין זיך. זיי זיינען אָבער ניט פּרץ! זיי דערמאָנען הירשביינ'ען, זיי דער־מאָנען די רוסישע מאָדערניסטען. זיי זיינען מעלאָדיש, זייער ריטם פליסט גלאַט, אָבער אין זיי איז דאָ אַ סך מעלאָדעקלאַמאַציע, און צו פּרץ'עס איבעריגע ווערק פּאַסען זיי זעהר ווייניג. מען פיהלט, פּרץ האָט זיך דאָ צוגעפּאַסט צו דעם סטיל, ניט דעם סטיל צו זיך.

דאָרט, וואו פּרץ האָט געוואָלט ניט אַראָבלאָזען זיך און ניט סטיליזירען, איז איהם געווען שווער בייצוקומען די שפּראַך. ער האָט מיט איהר געהאַלטען אין איין קעמפּפען. ער האָט ניט גע־קענט אריינלעגען אין איהר אַלעס, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגען. עס איז איהם געווען ווייניג ווערטער, ווייניג רייכטהום פון פאָרמען. ער האָט אַלע מאָל צוריסען דעם מאַנטעל פון דער שפּראַך.

אפשר קען מען איהם אין דעם פּרט פערגלייכען מיט בעט־האָווענען, ווי עס האָט איהם געמאָלט אַ רוסישער שריפטשטעלער. בעטהאָווענען האָבען ניט צופריעדענגעשטעלט די מוזיקאַלישע אינ־סטרומענטען, וואָס האָבען עקזיסטירט אין זיין צייט. ער האָט אין זיי ניט געפונען גענוג מעגליכקייט אויסצודריקען דעם גאַנצען ברייטען מוזיקאַלישען שוואונג פון זיין פאַנטאַזיע. ער איז גע־ווען פערביטערט אויף דעם „קנעכט“, דעם אינסטרומענטען־מייס־טער, וואָס ס'איז איהם ניט איינגעפאַלען צוצומאַכען נאָך אַן איבעריגע סטרונע. ער האָט געפיהרט אַ שטרייט געגען דער אונ־

גענינגענדער מוזיקאלישער „מאַטעריע“ אין׳ם נאָמען פון׳ם מוזיקאַ־לישען „גייסט“.

דער ראַזיגער קאַמפּף ערקלעהרט אונז אפשר, פאַר וואָס פּרץ האָט דאָך ניט געקענט בלייבען אַ לאַנגע צייט אויפ׳ן פעלד פון ליעדער. איהם איז אויך דאָ געווען ענג. איהם האָט געדריקט די ראַהם פון ווערטער.

און אזוי האָט ער געהאַלטען אין איין זוכען און פּערוואַרפען און ווידער אויפנעהמען און ווידער פערלאָזען. און עס וואונדערט אונז גאָר ניט וואָס אַלע מאָל, ווען פּרץ קומט צוריק צו די לי־ריק, זעהען מיר איהם אין אַ נייער פאָרם, מיט נייע מאָטיווען. „דער גרויסער פּראָבען־מייסטער“ האָט איהם אַנגערופען אַ אידישער קריטיקער.

* * *

די גרעסטע איינהייטליכקייט מערקט זיך נאָך אין זיינע סאַ־טירישע ליעדער, וואָס שטאַמען הויפּטזעכליך פון דער ערשטער צייט פון זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט. דאָ האָבען מיר פאַר אונז פּרץ דעם שטראַפער, פּרץ דעם פּראָטעסטאַנט געגען אונווי־סענהייט, אונטערטהעניגקייט, שוואַכקייט, דעם קעמפּפער געגען אונגערעכטיגקייט אין סאָציאַלען לעבען. ער לאַכט פון די „נאַכט־וועכטער“, די פרומע פאָלקס־פיהרער, וואָס ווילען האַלטען דאָס פאָלק אין דער פינסטער; ער שפּעט פון דער אמונה, וואָס האַלט אין איהרע הענד געבונדען די חכמה און וואָס איז גרייט צו פער־ברענען אויפ׳ן שייטערהויפען דעם אמת, אויב ער וועט פּרופען אויפדעקען אַ פאַלשקייט; ער שיט ביטערע סאַרקאַזמען אויף די נעבעכדיגע קרבנות, וואָס פאָלגען דעם בעפעהל פון די שטאַרקע...

אַלטע מאָטיווען. זיי קען מען געפינען אין אַלע ווערק פון די משכילים. ווענען זיי האָבען „געזונגען“ אויך אנדערע, נייערע, דיכטער. אָבער אין פּרץ׳עס ליעדער בעקומען זיי אַ אונערוואַר־טעטע פרישקייט, אַ אייגענאַרטיג לעבען. דער דיכטער אָפּע־רירט מיט אבסטראַקציעס. ער האָט אָבער די אבסטראַקציעס בע־פייכטעט מיט דעם זאַפט פון זיינע נערווען — איז אין זיי אריינ־געקומען אַ ניי לעבען.

בעטראַכט נאָר „דעם לייב׳ס לויה“. דער לייב איז קראַנק. דער גרויסער טרעגער פֿון דער וואַלד־אידעע האַלט ביי דער גסיסה. דער וואַלד איז פּערציטערט, די חיות זיינען אַלע טרויעריג: זייער הערשער, זייער שטרענגער מושל געהט פֿון זיי אַוועק.

„ביי די חיות שטאַרבט דאָס בלוט,
און דער זאַפּט — ביי בוימער,
אין בערלאָגע גיסט דער בער
טרעהרען גאַנצע איימער“...

דורך עטליכע ווערטער ווערט בעשאַפען אַ גאַנץ בילד. דער קאַמיזם פֿון דער לאַגע טרעט אַרויס דייטליך. און אָט נעהמט דער לייב זאָגען ודוי:

„גראָבע, פֿרומע טרעהרען פֿאַלען
אויף די אַלטע בעק,
אויפ׳ן מעבר־יבוק ווערט
פֿון איטליכען אַ פֿלעק“.

די בוימער שאָקלען מיט די קעפּ און פֿרעגען זיך: ווער וועט האָבען דעם זכות, פֿון זיך אַן אַרון׳דעל פֿאַר׳ן צדיק צו געבען? די פֿעלזען קרעכצען: ווער פֿון זיי וועט צושטעלען די מצבה? טעפּ פֿליהען אין דער לופֿטען, ברעכען זיך אויף שטיקלעך: ווילען דעם צדיק לעגען שערבלעך אויף די אויגען. דער פֿלאַקס אין די פֿעלדער האָט אַ טענה: פֿאַר וואָס איהם נישט נעהמען אויף תכריכים?

„בראָזעס זיפֿצען, דעמבעס קרעכצען,
אַז עס פּלאַצט די קאָרע,
אין די ווינטען, דאַכט זיך, וואַיען
הינט אַ גאַנצע סוואָרע...“

דאָס בילד איז פֿאָלקאָמען. עס איז אַ בורלעסק, אַ שאַרזש. עס איז אָבער דורכגעפֿיהרט מיט אַ גרויסער מייסטערשאַפֿט. דאָס בילד שניידט זיך איין אין זכרון.

אין זיינע סאטירישע ליעדער דערגרייכט פרץ אפט צו אן אויסערגעוועהנליכער קראפט פון עקספרעסיע. די ליניען צייכענען זיך ביי איהם שארף, די קאנטורען אויסגעפיילט בולט.

מאי—נאר ער איז אין טאלעדא געוועזען,
און דארט איז ניט היימליך די נאכט...
עס ציטערט דער הימעל... לבנה און שטערען
שווימען דערשראקען, פערשמאכט...

מאי—נאר ער איז אין טאלעדא געוועזען,
וואו פרעכע מארמארנע ריזען
שטעכען מיט חוצפה דעם הימעל דעם בלאהען
מיט גאלדענע, קרייציגע שפיזען.

מאי—נאר עס סוד'ען זיך דא ניט קיין בלומען
די גלאקען—זיי מאכען זיי טויב!...
עס טראגט דער זעפיר נאר אש פון נשרפים,
פון אויטא־דא־פעען דעם שטויב!

די ווערטער גיבען דא מעהר, ווי עס איז ענטהאלטען אין זייער דירעקטען זין. די ווערטער גיבען דעם ריטם פון דער פריהלינגס־נאכט אין דער אינקוויזיציע־שטאדט טאלעדא. עפעס דורך א וואונדערבארען שאפונגס־סוד ווערט אריינגעטראגען אין די געוועהנליכע ווערטער א הויך פון אט דעם אלטען היסטארישען פלאץ, וואו צלם'ער שטעכען דעם הימעל ווי שפיזען.

די זעלביגע אונגעוועהנליכע אויסדרוקס־קראפט בעגעגענען מיר אויך אין פרץ'עס עטליכע ארבייטער־ליעדער. מ'האט פיעל געשריבען וועגען א נייטארין ביים ווארשטאט. אבער ס'ארא פרישקייט און אויפריכטיגקייט און אייגענארטיגקייט אין דעם געזאנג פון דער מיידעל:

„בלאס איז דאס זיידענציייג, פונקט ווי מיין פנים'על,
דורכזיכטיג־דין, ווי מיין הויט...
ריהרט מען עס, קרעכצט עס „אוי“, פונקט מיינע ביינדעלעך“...

אדער ווּיפיעל בילדליכקייט עס איז דאָ אין די ווערטער וועגען „ליפּען, וואָס שיילען זיך, ברענען פון אייביגע זאָרגען“. אין דעם ליער וועגען די צוויי ברידער, פון וועלכע איינער האָט ועצאַפּט ביים צווייטען בלוט, האָט פּרץ ניט מורא געהאַט צו דער־צעהלען, ווי דאָס ווערט געטהאָן:

„אַ שטאָך מיט אַ נאָדעל—דו האָסט שוין אַ קרעל“.

די גאַנצע סעריע ליעדער „ביי אַ פּרעמדען חופּה־קלייד“ — די גראַציעזע, קאַפּריזנע, דופּטיגע מישונג פון ריטמען, קלאַנגען, מעלאָדיען, מאָטיווען געהערט צו די שעהנסטע פון ארבייטער־ליריק. פּרץ'ען איז דאָ אויף'ן בעסטען אופן געלונגען צו פּעראיי־ניגען דאָס אבסטראקטע מיט דעם קאָנקרעטען, דאָס אַלגעמיינע מיט דעם אינדיווידועלען.

דאָס איז דאָך אייגענטליך געווען די גאַנצע אויפגאבע פון פּרץ'עס שאַפען.

* * *

שוואכער זיינען זיינע ליעבעס־מאָטיווען און נאָך שוואכער זיינע איבערזעצונגען פון די נביאים און פון נאדסאָן. שוין אָט די קאמבינאציע: איבערזעצונגען פון ישעיה און יחזקאל און איבער־זעצונגען פון דעם סענטימענטאַל־ווייכען, באַנאַל־פּער'חלום'טען רוסישען דיכטער נאדסאָן — זיינען אזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר פּרץ'עס אייביגען טאַפּען, זוכען און פּראָבירען. פּרץ איז אָבער ניט געווען קיין איבערזעצער. צו אַן איבערזעצונג דאַרף מען קודם כל האָבען אַ פּאָלקאָמאָנע הערשאַפט איבער דער שפּראַך. די פאָרם דאַרף זיך געבען פון זיך אליין. דאָס איז ביי פּרץ'ען ניט געווען. דערצו האָט פּרץ איבערהויפּט ניט געקענט אריינלעבען זיך אין יענעמ'ס גייסטיגער אַטמאָספּערע. אפשר דערפאַר זיינען איהם אויך ניט געלונגען זיינע ליעבעס־ליעדער, וועלכע ער האָט גע־וויסערמאסען נאכגעדיכטעט נאָך היינע'ן. פּאַראַן דיכטער, וואָס קענען זיך אזוי אָנשטעקען מיט יענעמ'ס אַ שטימונג, אז זי זאָל ווע־רען זייער אייגענע און געפינען נאָך דעם אַן אויסגעצייכענטען אויסדרוק. פּרץ האָט ניט געהערט צו זייער סאָרט. פּרץ האָט זיך געפיהלט גוט אין דער גייסטיגער אַטמאָספּערע פ ו ן א ג א נ־

צ ע ן פ א ל ק, ווייל דא איז פאר איהם געווען א רחבות. אבער אריינלעבען זיך אין'ם גייסט פון א יחיד, מעג דער יחיד זיין אפילו א ישעיה אדער א יחזקאל, דאס האט ער ניט געקענט.

זיינען טאקע זיינע איבערזעצונגען פון די נביאים אין אל־געמיין ניט אויסגעהאלטען. עס פעהלט זיי די וואונדערבארע איינפאבקייט און קארגקייט אין ווערטער. יחזקאל'ס „הוי, רועי ישראל" קומט ביי איהם אויס:

„איי די מערדער, איי די הירטען,
עס וועט זיין צו זיי א קלאג.
איי די מערדער, איי די הירטען,
עס וועט קומען אייער שטראף!
ווייל זיי האבען ז י ך געפאשעט
ז י ך געפאשעט, ניט די שאף!"

דערפאר ווען ער האט געפרופט ניט נאכדיכטען, ניט איבער־זעצען, נאר פריי שאפען אויף א טהעמע פון תנ"ך, האבען זיך בע־קומען ווערק, וואס קענען אפשר קאנקורירען מיט די נביאים אין זייער שטארקייט. אהער געהערט קודם כל דאס ליעד „פון יחזקאל":

„עס שלייכט צו א שטאדט ביינאכט
די שווערד!
נאר אויפ'ן טהורעם דער וועכטער וואכט —
ער הערט!
און בלאזט טראמפייט
און שמעטערט מיט מאכט,
עס ציטערט די נאכט,
דאס פאלק ערוואכט — — —
דער שונא געהט, דער שונא געהט!
און ס'פלאקערט אויף די שלאכט..."

שוואכער, אבער פול מיט אן איינגעפרעסטען אינוועניגסטען פייער, איז דאס ליעד אויף דער טהעמע: „מי זה בא מבצרה, חמוץ בגדים מאדום" (ישעיה ס"ג). דא איז פאראן א גרויסער,

בעשיידענער, ניט שרייענדיגער, נאָר טיעף אין די ביינער איינ־געגעסענער פּאַטאָס.

צו די שוואַכערע זאַכען וועט מען אויך מוזען צורעכענען די לעגענדע „רבי חנינא בן דוסא“ און דעם לאַנגען, צוציוגענעם מאָנאָלאָג „דער בעל עגלה“. אין דיביידע זאַכען האָט פּרץ געוואָלט זיין פאָלקסטהימליך. פאָלקסטהימליכקייט אין לירִיק איז אָבער פאַר איהם געוועזן פּונקט אַזוי אונעררייכבאַר, ווי אַ גוטע פּאָעטישע איבערזעצונג. אפילו אין די „פאָלקסטהימליכע געשיכ־טען“ האָט דאָך פּרץ ניט געקענט אינגאַנצען פערשטעלען זיין „איך“. אין לִיריק, אין לִיעדער איז דאָס איהם אודאי ניט געווען מעגליך. דער רוהיגער, קינדיש־נאַאיווער, פּליסענדער טאָן פון דער פאָלקס־דיכטונג, וועלכע שטעלט זיך אָב אויף קליינינגקייטען און חזר'ט איבער דאָס זעלבע עטליכע מאָל, — ווי האָט דאָס גע־פּאַסט צו פּרץ'ס האַסטיגער, אייביג איילענדיגער, נערוועזער נאַ־טור?

„מאָניש“ — דאָס איז אַן אַנדער זאַך. דאַ האָט פּרץ אפילו ניט געוואָלט זיין פאָלקסטהימליך. דאַ דערצעהלט אַ מאָדערנער אינטעליגענט אַ געשיכטע פון אַ „ער“ און אַ „זי“ אין אַ בעשטימ־טער סאָציאַלער סביבה. דאַ איז דאָס לעגענדאַרע מעהר אַ שפּאַס, ווי אַן ערנסט. דער דיכטער וויל צוגעבען זיין ערצעהלונג אַ „לאָ־קאַלע בעפאַרבונג“, קומט ביי איהם אוים אַ לילית מיט אַ בארג אררט, מיט אַ עסקאַדראָן שדים מיט די אַלע זיעבען זאַכען. דער־ביי לאַכט ער אליין גוטמוטהיג און די הערער זיינען מיט זיין שפּאַס צופריעדען. סוף כל סוף איז דאָך אין „מאָניש“ בעארבייט די אייביגע טעמע פון אדם מיט חוה'ן, די זעלביגע, וואָס איז מיט אַזוי פיעל קונסט בעהאַנדעלט געוואָרען אין אַן אַנדערער פּרץ'עס פּאָעמע „ער און זי“. און די טעמע בעגעגענט זיך אין דער אי־דישער לעגענדע זעהר זעלטען.

* * *

וויל מען בעטראַכטען פּרץ'ען דעם ליריקער אין אַלגעמיין, מוז מען זיך זאָגען, אַז ער האָט אין די ערשטע יאָהרען אַלץ געזוכט זיין אייגען ליריש פעלד און ניט געקענט געפינען. אַט איז דאָס

סאציאלע עמפערונג, אט איז דאס שטילע רחמנות. אט ווידער א הומאריסטישע טרוימעריי אויף היינע'ס מאניר, דאן ווידער א מאטיוו פון בענקשאפט, פון פערצווייפלונג, ווייטער אן אלע־גאריע ווענען דעם מענש און דער וועלט („א טהעאטער איז די וועלט. גאט איז רעזשיסער — ס'שטיק איז פיין, — ליידער איז דער טייוועל דער סופלער, די בודע איז דאס שוואכע הארץ") — און שפעטער א פערזוך אין'ם גייסט פון פאלקס־דיכטונג. אויף יערען פון די געביטען בעשאפט פרץ איינינע בעדייטענדע ליע־דער, א צוויי—דריי אמת געניאלע, דא און דארט גיט א שפריץ מיט פייער, א לייכט ווי א בליץ אין דער פינסטער, א שמעק מיט וואונדערבארער פאעטישער אימפרעסיאן. אבער ניט אלעס גע־לינגט איהם. אפט בעקומען זיך גאר שוואכע זאכען. איהר זעהט: דער דיכטער איז ניט צופריעדען. ער וועט דא ניט בלייבען. ער וועט דאס פעלד ניט קולטיווירען. און דער לעזער אליין איז אויך ניט צופריעדען: ער פיהלט, אז דאס איז ניט די אייגענטליכע פרץ'עס ארבייט.

און אזוי דערווייטערט זיך פרץ אלץ מעהר פון דער ליריק. מיר בעגעגענען ביי איהם איינינע לירישע פראבען אין זיינע דרא־מען, בעזונדערס אין „ביינאכט אויפ'ן אלטען מארק", אבער דארט האבען זיי ניט קיין זעלבסטשטענדיגע בעדייטונג. פרץ ווערט אלץ מעהר ערצעהלער, סטיליזאטאר, ענטדעקער פון הויכע מארא־לישע ווערטהען אין דעם אוצר פון דעם פאלק'ס גלויבען און פאלק'ס פאעזיע.

אבער גראד אין דער צייט, ווען עס דאכט זיך: ער איז גאר ווייט אוועק, רייסען זיך ביי איהם ארויס איינצעלנע לירישע ווערק, וואס טראגען שוין גאר א נייעם כאראקטער. דאס איז א ודוי פון א נשמה, וואס האט געלעבט און געזוכט און האט דערפיהלט דעם נאהענטען סוף און האט מ ו ר א פאר דעם סוף און פרעגט זיך: צו וואס איז געווען דאס גאנצע?

דא האבען מיר פאר אונז שוין ניט דעם ש פ י ע ל ע נ ד ע ן, נאר דעם ל י י ד ע נ ד ע ן פרץ'ן; ניט דעם יונגען מאן, נאר דעם רייפען מענשען; ניט די פראבע, נאר דעם אויסגוס פון א ערשיטערטער נשמה, —

„ווען דער טויט פערשפרייט
זיינע ווייסע פליגעל איבער בארג און טהאַל...
די אויסגעבלייכטע נשמה, אָהן קלאנג און פארב,
פריהרט ביז'ן טיעפסטען און ציטערט...
אָהן האָפנונג און פרייד,
און פערשנייטע הערצער קלאפּען שטיל, שטיל,
שטערבליך מיעד און ווי פער'סם'ט...

און דאָס בלוט אין ד'אָדערן קיהלט;
און שווער ווי בליי פאלען די ברעמען
איבער מיעדע, ווייס־אָנגעזאפּטע אויגען,
און בלאסע, ווייסע ליפּען ציטערן, פרעגען:
האָבען ווירקליך ב ל ו מ ע ן אַמאָל געבליהט?
האָבען ווירקליך ר ו י ז ע ן אַמאָל געשמעקט?“

פון דעם דיכטער'ס מיעדע אויגען קוקט ארויס דער וועלט־שמערץ. עס דאכט זיך: ער א נ ט ל ו י פ ט פון זיינע אי־בעריגע שאפונגס־געביטען אָהער, כדי דאָ אונגעשטערט צו דער־צעהלען די געשיכטע פון זיין זעעלען־פּיין, פון דעם וועלט־פּיין. דאָ איז ער מיט זיך, פאר זיך. ער קוקט זיך ארום: מאין יבוא עזרי? ער האָפט נאָך אויף אימיצען: איז דאָס ליעבע? איז דאָס פריינדשאפט?

„...קום צו מיר,
זאָל דיין אָטהעם אָן רויזען דערמאָנען...
און איך וועל פיהלען און גלויבען
און געה ארויס צו דער וועלט מיט א בשורה:
פארהאן! פארהאן!

אָבער אָן אָבזאָג, א שטילער יאוש קלינגט ארויס פון צוויי־שען די שורות.

און ווידער טהוט עס א ברויז־אויף אין'ם דיכטער'ס הארץ:
לעבען! געניסען! שלינגען די וועלט!

ציטער, זיסער פלאנצען־שוים!
פלאם און פלאטער, ווילדע רויז !
נאר אייל דיך, אייל !
עס שטעקט זיך שוין א האנד ארויס
דיך אבצופליקען !

און באלד טאקי ווערט ווידער פערשפרייט דער טונקעלער וואלקען. „נאכט. א הוילער בוים אין פעלד. איינזאם, שטום און בלינד". און שטום און בלינד ליגט דעם דיכטער'ס הארץ, ביז עס ווערט ניט בעלויכטען מיט א בלאס־מיערען טאן פון עראי־נערונג, — א פאלש ליכט, וואס קען נאר גלאנצען, אבער ניט וואַ־רימען. כאפט דער דיכטער זיך אן אן דעם שטראהל — רופט צו־ריק ארויס פון דער פערגאנגענהייט די אלטע צייט, די אלטע היים:

„אומשולדיג־שטיל־היימישע נאכט,
כ'וויל מיך וואשען ריין
אין דיינע שטיל־ציטעריגע ווע‏לען;
אין דיין שטיל־ציטעריגער זילבער־נעץ
היל מיך איין...
כ'וויל צוריק זיין דיין אמאליג קינד,
דיין אמאליג ריין גלויביג קינד —
דערצעהל עפעס, דערצעהל..."

אבער קען די אלטע צייט אבווישען די קנייטשען פון'ם פנים, ארייננגיסען יונג בלוט אין די אדערן? קען זי פערענטפערען די גרויסע פראגע: צו וואס?

אין נידעריגע, שטיל־וויברירענדע, אבער זעהר ברייטע אקאר־דען קלינט פרי'ן'עס ליעד פון די לעצטע יאהרען. עס קלינגט זעל־טען, ווי יעדע הייליגקייט, וואס ענטפלעקט ניט איהר מיסטעריע־יעדען טאג. עס קלינגט ווי אן ארגעל־שפיעל אין א לעדיגער אלטער קירכע. די זון שיינט אריין דורך פארביגע שויבען, א מאטע דע־מערונג אין אויסגעשפרייט צווישען די זיילען, קלוגע אלטע ביל־דער מיט בערוהיגטע אויגען קוקען פון די טונקעלע ווענד, און א פייערליכע שטילקייט שפרייט זיך אין דעם הויכען רוים.

„זייט געזונט!
טרוימען רופט מען נישט צוריק...
און פערהילכט אַ טאָן,
קען ער נישט איבערקלינגען...
צוויי מאָל פליהט דערזעלבער שאָטען נישט אדורך!..."

האָט שוין דעמאָלט פּרץ געפיהלט די פליגעל פון'ם טויט?
און מיר האָבען איהם אלע געהאלטען פאר אזוי יונג...

(1915).

# א. ליעסין.

I.

מיר, אידען, זיינען אן ערנסטע אומה. מיר האבען ניט גע־וואוסט פון העלענישען לייכטזין, פון וואקכישער לוסט, פון געט־ליכער שטיפעריי, פון מיטעלאלטערליכע ליעבעס־זינגער. עפעס ווערט דערצעהלט אין הייליגע ספרים, אז אמאל אין ארץ־ישראל פלעגען אידישע טעכטער טאנצען יום־כפור אין די וויין־גערט־נער און זיך בעגעגענען מיט יונגע לייט און רופען: „בחור, שא נא עיניך", אבער דאס איז דאך געווען צוריק מיט טויזענדער יאה־רען, און דאס איז אזוי ווייט, אז עס גלויבט זיך קוים.

מיר, אידען, האבען ליעב דעם תוך, דעם רעיון. דער חומר, די פארם, די שאלעכץ איז אונז ניט וויכטיג. מיר זיינען ניט קיין געצענדיענער. מיר האבען זיך ניט געמאכט קיין בילדער. מיר האבען זיך נאך, דאכט זיך, עד היום ניט אויסגעלערענט קוקען אויף א זאך און בעוואונדערען זי נאר דערפאר, וואס זי איז דא. דער „מאי קא משמע לן" האט זיך אונז איינגעגעסען אין בלוט און אין די ביינער. ניט אומזיסט האבען אידישע דיכטער אין א משך פון א טויזענד יאהר געדיכטעט אלץ אזוינע טיעף־ערנסטע זאכען, וואס מען קען זיי אריינשטעלען — און מען האט זיי טאקע אריינגעשטעלט — אין די תפלות.

און מיר אידען זיינען א מרה־שחורה'דיגע אומה. אין אונ־זערע נגונים איז דא אזוי פיעל אומעט. אפילו אין אונזער פרייד

איז בעהאַלטען אַזאַ לאַנג־יאָהריגער וועהטאַג. אפילו אין דער נבואה פון דער צוקונפט הערט זיך אַ אידישער קרעכץ.

דאָס אַלץ איז ניט ניי. אָבער דאָס דערפיהלט איהר מיט אַ נייער קראַפט, ווען איהר לייענט ליעסין'ס ליעדער. ליעסין איז אין זיין פּאָעזיע אַ מערקווירדיג־טיפּישער איד, אַ זוהן פון דורות למדנים. איהר הערט זיך איין אין זיינע דיכטונגען, און עפּעס דורך אַ מערקווירדיגע אַסאָציאַציע שווימען ארויף פאַר אייערע אויגען אידען מיט ווייסע בערד, מיט שטרענגע אויגען, מיט אראָפּ־געהאַנגענע ברעמען, אידען אין טליתים מיט שווערע עטרות, אַנ־געבויגען איבער גרויסע ספרים, ברומענדיג אַן אַלטען נגון.

דאָס וויל ניט זאָגען, אַז ליעסין גיט אונז בילדער פון פאַר־צייטיגע אידען, אָדער אַז ער פּרואווט שרייבען אין'ם גייסט פון דעם אמאָליגען למדן, ווי, אַ שטייגער, פרץ. דאָס נראַד ניט. פער־קעהרט, ליעסין איז אַ ה י י נ ט י ג ע ר, זיינע ליעדער זיינען ליעדער פון א ו נ ז ע ר צייט. די עהנליכקייט ליגט נאָר אין דעם, ווי ליעסין ב ע צ י ה ט זיך צו זיין פּאָעזיע, וואָס פאַר א ו י פ ג א ב ע ן ער שטעלט זיך אַליין, וואָס ער דערצעהלט און וואָס ער פערשווייגט אין זיינע ליעדער.

ביי ליעסין'ען איז די פּאָעזיע — אַ ג ע ז ע ל ש א פ ט ל י כ ע א ר ב י י ט, אַ געזעלשאפטליכע דיענסט פון אַ מענשען, וואָס האָט דערפיהלט, אַז ער האָט אַ כח צו וועקען אָבקלאַנגען אין מענשליכע הערצער. דער פּאָעט איז ביי איהם ניט קיין זינג־פויגעל, וואָס ווערט פער'שכור'ט דורך דעם כשוף פון זיינע אייגענע טרעלען; ניט קיין זומער־פויגעלע, וואָס באָדט זיך אין ליכט און ווארימקייט און פלאַטערט פון בלימעל צו בלימעל. דער פּאָעט איז אַן אויסדערוועהלטער, אַ מענש מיט אַ פאָהן אין האנד, אַ מאַן וואָס האָט עפּעס ערנסטעס און וויכטיגעס און נויטיגעס צו דערצעהלען זיין פּאָלק. ניט מיט אַ האַרפע קומט דער דיכטער (דאָס וואָרט „האַרפע" ווערט, אגב, קיין איינציג מאָל ניט דער־מאָנט אין ליעסין'ס ליריק, — אַ זאַך, וואָס איהר וועט ניט גע־פינען ביי אידישע דיכטער); ער קומט מיט לוחות. אפשר ניט פון שטיין זיינען די לוחות געמאַכט, אָבער פון פּאַרמעט — שוין נעווייס. ער דאַרף רופען אהין,

„וואו גרויס און הייליג איז דאָס פּיהלען,
און גליקליך איז דער שמערץ,
און ס'ווייסט פון גרענצען ניט דער ווילען,
און ס'ווייסט פון אומעט ניט דאָס הערץ".

אויב ניט רופען, איז כאָטש דערצעהלען אזוינס, וואָס זאָל דער־וועקען אין'ם מענשען אַ בענקשאפט נאָך אַ בעסערער וועלט; אויב ניט דאָס, איז כאָטש איבערגעבען אַ טיעף און בעדייטענד געפיהל, וואָס ס'איז כדאי, אַז אנדערע זאָלען עס מיטפיהלען.

אָט אין דעם בעזונדערען כאראקטער פון ליעסין'ס פּאָעזיע ווייזט זיך אזוי דייטליך ארויס זיין „אידישקייט". ליעסין ווייסט ניט פון „שיחת חולין", פון „דברים בטלים"; ער ווייסט ניט פון שפּיעלען זיך מיט ווערטער, פון צערטלען זיך מיט קלאנגען. ער איז אַ היפּוך פון קינדיש. ער איז אַ איד, אַ אידישער פּאָעט.

דערמיט ווערט ערקלעהרט אַ גאנצע רייהע פון זיינע אייגענ־שאפטען.

ליעסין גיט זיך ניט אָפּ יעדער פארבייאיילענדער שטימונג, יעדען מאָמענטאל־פערשווינדענדען לייכטען איינדרוק. אימפּרע־סיאָניזם איז איהם פרעמד. דאָס הייסט ניט, אַז עס שוועבען ניט דורך אין זיין נשמה טויזענדער שטימונגען־שאָטענס. אַ רמז אויף דעם קענט איהר זאָגאר געפינען אין איינינע פון זיינע ליעדער. ער גיט זיך אָבער ניט אָב דערמיט. ער איז דאָך אַ פּאָעט ניט פאר זיך, נאָר פאר אלע. וואָס ער דערצעהלט, איז קלאָהר, דייטליך, אויסגעקריסטאליזירט, האָט בעשטימטע קאָנטורען, איז אָנגעטהאָן אין אַן אדעקוואטע לויטערע שפּראך. ליעסין מאַטערט זיך ניט צו כאפּען און פערקערפּערען דאָס אירראציאָנאלע. אלצדינג וואָס ער שרייבט איז פּאָלקאָם בעוואוסט און פּאָלקאָם קלאָהר. אין דעם פּרט דערנעהענטערט ער זיך צו די אידישע קלאסיקער פון דעם שפּאנישען פּעריאָד: רבי יהודה הלוי, רבי שלמה אבן גבירול, וועל־כע האבען געוויס אויף איהם געהאט אַ שטארקע ווירקונג.

ליעסין איז ניט סוביעקטיוו. ער מאַכט ניט זיין אייגענע פּסיכיק פאר אַ געזעץ. ער שטעלט ניט ארויס אויפ'ן פאָדער־גרונד זיין „איך" ער האלט ניט, אַז וואָס ער לעבט איבער, מוז

זיין וויכטיג פאר אלעמען. ער דערצעהלט אזוינס, וואָס האָט אַן אַלגעמיין־גילטיגען ווערטה. ער גיט איבער אזוינע שטימונגען, וואס קענען איבערגעזעצט ווערען אין דער שפּראַך פון מאָראַל. אויב ער זאָגט „איך“, מיינט ער ניט: „איך, דער איינציגער, וועלכער חזר'ט זיך ניט איבער“, נאָר „איך — דער זוהן פון מיין פאלק, דאָס גליעד פון דער קעמפּפענדער מענשהייט, די נשמה. וואס איז צונויפגעבונדען מיט אַלע גרויסע און שעהנע אידעאַלען פון מיין צייט; איך — דער ענטפלעקער, וואָס קומט אויפקלעהרען די מיט־מענשען וועגען דעם, וואָס ביי זיי אליין אין הארצען וועבט זיך“.

„און זאָלען זיך טראָגען די ליעדער
אין מעכטיגע, שטורמישע טענער,
און אויפהויבען הויך די נשמה
אַלץ פרייער, אַלץ העכער, אַלץ שעהנער.

און זאָלען זיך פּערלען די טרעהרען
אין הייסע, אין גליהענדע ריימען,
און דורכלויכטען זאָל דאָ די יוגענד
מיט גרויסע, מיט שטראַהלענדע טרוימען“.

„איך“ איז דאָ איינער פון פיעלע, ריכטיגער — איינער פון אַלע. אמת, אַ בעגאַבטערער, אַ רייכערער, אָבער דאָך זייער גליי־כען, זייער בלוט און פלייש. אזוי ווי „איך“, דאַרפען פיהלען און קענען פיהלען אַלע בעסערע, יעדער פון מיין פאַלק, פון מיין צייט; איך בין ניט „מיינער“, איך בין ז י י ע ר ע ר.

און אז אַ מענש איז ניט „פאר זיך“, האָט ער אַ גרעסערע פעראַנטוואָרטונגס־געפיהל, האָט ער מעהר טאַקט, וועט ער מורא האבען אַנצוריהרען אזוינס, וואָס ס'איז ביי יעדען איינעם דאָס אינטימסטע, דאָס חדרי־חדרים'דיגסטע, מיט וואָס ער וועט זיך אָפּט ניט טהיילען אפילו מיט אַ פריינד. בעשאָפט זיך אַ זעלטענע צניעות. אין ליעסין'ס ליריק, בעזונדער'ס אין די ליעבעס־מאָטי־ווען, איז דאָ אזא צוריקגעהאַלטענקייט, אזאַ, וואָלט איך זאָגען, שעהמעוודיגקייט, ווי מיר געפינען זי נאָר אין אלטען אידישען

פאמיליען־לעבען. אויב איהר ווילט, איז קיין אייגענטליכע ליע־בעס־ליריק ביי ליעסין'ען גאר ניטא. ס'איז דא נאר א שטילע בענקשאפט נאך דעם „פריינד", דעם „ווייטען פריינד". מעהר, משמעות, וועט א איד ניט דערצעהלען עפענטליך פון זיין ליעבע צו א פרוי.

און די זעלביגע צנוע'דיגקייט ווייזט זיך ארויס נאך אין אן אנדער פרט. ליעסין איז ניט פאטעטיש. ביי דעם שטארקסטען געפיהל־אויסברוך בלייבט ער איינגעהאלטען. געברויכט ער ניט קיין הילכיגע ווערטער. עס מעג ביי איהם גליהען אינווענינג דער שטארקסטער פייער, אויסערליך וועט ער זיך ניט פאנאנדערשרייען, וועט ער ניט מאכען שטארק מיט די הענד און זיך ניט קלאפען אין דער ברוסט. ער היט זיך מיט א ווארט. ער קנאקט ניט. דעריבער ווארפט ער זיך ניט אין די אויגען. מען דארף זיך גוט איינהערען אין ליעסין'ס ליעדער. מען דארף געהן צו איהם. ער צו אייך וועט געוויס ניט קריכען.

און רעדט ער שוין צו אייך, האט ער אייך צו זאגען עפעס וויכטיגעס. מיט קלייניגקייטען, מיט שטיפערייען, מיט „ליעבע נוצלאזיגקייטען" וויל ער ניט פערנעהמען אייער צייט און אייער אויפמערקזאמקייט. די וועלט איז אזוי גרויס און דאס לעבען האט אזוי פיעל מעכטיגע פראבלעמען! דער מענש איז עגקומען אויף דער ערד מיט א הייליגער מיסיע, און נאר דאס איז ווערטה אונזער אינטערעס, וואס ס'האט א שייכות צו דער דאזיגער מיסיע.

ביי ליעסין'ען איז דאס ניט קיין פראגראם. ער קען ניט אנדערש. ער וואלט אפשר אליין געוואלט זיין פונקעלדיג, און שווימענדיג, און שטיפעריש־לייכטזיניג. עס געהט אבער נישט. ניט אומזיסט איז ער פון וואלאזשינער ישיבה גלייך אריבערגעגאנגען צום סאציאליזם און פון'ם חושן־משפט צום „קאפיטאל" פון מארקס. און ניט אומזיסט איז ער דער איינציגער פון אונזערע ליריקער, וואס האט אלע יאהרען געטהאן געזעלשאפטליכע ארבייט, — געטהאן מיט'ן הארץ־בלוט און מיט אמת אידישער עקשנות.

---

## II.

א גרויסען פּלאַץ פערנעהמט ביי ליעסין'ען די נאַטור. מען וואַלט זיך געקענט וואונדערען, ווי קומט צו אַ א י ד י ש ע ן דיכטער אַ ליעבע צו דער נאַטור. מען וואַלט זיך אָבער מיט דעם זעלביגען רעכט געקענט וואונדערען, ווי קומען, אַ שטייגער, צו יהודה הלוי די מערקווירדיגע ים־ליעדער, וועלכע שיינען מיט אונ־שטערבליכער שעהנקייט. מען וואַלט געקענט געהן ווייטער און פרעגען, ווי קומט צו דוד המלך אַ „ברכי נפשי" אָדער א קאַפּיטעל כ"ט אין תהלים. דער תירוץ איז, אַז אי ביים זינגער פון תהלים, אי ביי יהודה הלוי איז די נאַטור געוועזן א קוואַל פון ערהאבענע שטימונגען, א פערקערפּערונג און אַ בעוועגונגס־קראַפט פון הויכע הייליגע געפיהלען. אין די ים־ליעדער ציטערט די בענקשאַפט נאָך דעם הייליגען לאַנד, אין ברכי נפשי — די עהרפורכט פאַר דער וועלט־האַרמאָניע, אין תהלים קאַפּיטעל כ"ט ערשיינט פאַר אונז דער גאָט פון שטורעם אין זיין וואונדערבאַרער שעהנקייט און מאַכט. די נאַטור איז דאָ צונויפגעוועבט מיט דעם מענשען'ס גייסט, מיט זיינע אידעאַלען.

דאָס איז דער א י ד י ש ע ר שטריך: זוכען אין דער נאַטור א סטימולוס פאַר הויכע געפיהלען, און גראַד דעם דאָזיגען שטריך געפינען מיר אויסגעדריקט בעזונדערס דייטליך ביים איד ליעסין.

די נאַטור איז ביי איהם ניט גלאַט אַ טויטע וועלט, וועלכע איז בעזעעלט מיט איהר אייגענער נשמה. ניין, זי איז אַ טהייל פון'ם דיכטער'ס איך; זי האָט גאָר ניט קיין אָביעקטיווען לע־בען, זי לעבט אין איהם, מיט איהם, דורך איהם. ווען ער זאָגט אייך, אַז אין אַ לבנה־נאַכט

„די שטראַהלען — זיי פאַלען
אויף בערג און אויף טהאַלען,
אויף פעלדער און וועלדער
און הילען זיי איין

אין צארטע פערקלערטקייט,
אין טהוי־לייכטען טרויער,
אין ווייכען, אין בלייכען,
אין בלאהליכען שיין“, —

איז דאס ניט די נאטור פאר זיך, נאר דער אקארד פון געפיהלען, וואס קלינגען מיט איהר מיט אויף א געהיימניספולען אופן. עס גיסט זיך א חלום פון די לופטיגע וועלען, פון טיעפען לאזור־ים אין די פעבצאגטע נשמות: „ער גיסט אין זיי זיסקייט פון זעל־טענע וועלטען, פון הימלישער מילדקייט און פריעדען און פרייד“.

די נאטור איז דא. זי איז רעאל, אבער דאס איז א מער־קווירדיגע רעאליטעט: זי איז נאר א פערברייטערטע און בע־רייכערטע מענשליכע נשמה. זי איז אינגאנצען איינגעשלאסען אין'ם דיכטער'ס הארץ, און ציטערט אין איהר עפעס אויף, זיינען דאס גאר די פערשוידענסטע סטרונעס פון את דעם הארצען.

את איז דאס שעהנע ליעד „ערוואכונג“, מיט דעם וואונדער־בארען מאטטא: „ברן יחד כוכבי בוקר“. ס'איז א נאכט, א שטילע נאכט, א כשוף־נאכט. „טויזענדער שטערען, בעגליקטע, ענטציקטע“, זינגען הימלישע ליעדער. „שלאנק און הארמאניש, אויף טויזענדער שטראהלען, טראגט זיך דער הימלישער כאר“. ווע־מען די שירה ערגרייפט, ריהרט ער זיך און וואכט אויף. „צווי־שען די בוימער כאפט־אויף זיך דאס ווינטעל, ליעבליך, פער־חלום'ט און ווייך; איבער די צווייגען געהט רוישענד א תפלה ציטריג ארויף אין דער הויך“. עס כאפט זיך אויף דער פויגעל און שיט זיינע טרעלען; עס כאפט זיך אויף דאס גרעזעל און גיסט זיין אראמאט; עס כאפט זיך ענדליך אויף דער דיכטער און וואנדעלט אינמיטען דער נאכט.

„זילבערנע שטראהלען בעפאלען די שאטענס,
ציהען זיי איבער מיט שיין;
זילבערנע ריימען בעפאלען דעם דיכטער,
קלינגען און שלינגען איהם איין“.

און אלעס גיסט זיך צוזאמען: ריימען און דופטען און שטראהלען און טרעלען:

לבנה און שטערען, די ערד און די הימלען,
אלץ ביז דעם מינדעסטען שטויב
גיסט זיך צוזאמען אין הארצען ביים דיכטער
געטליך אין שירה און לויב".

נשמה און גאטהייט אומארמען זיך, פעראייניגען זיך, און דאס הארץ טריפט מיט ליעבע אהן א סוף:

„ליעבע צו אלץ, וואס דורכ'ן שטח פון וועלט־אלל
אין דער נאטור איז צושפרייט;
ליעבע צו אלץ, וואס האט אטהעם און לעבען,
ליעבע צו אלץ, וואס איז טויט"...

עס פערשטעהט זיך, אז ביי אזא נאטור־אויפפאסונג איז שווין דעם דיכטער ניט מעגליך צו מאלען איינצעלהייטען, צו זיין פערליעבט אין א בעזונדערע פארב, א בעזונדערע ליניע. ליעסין'ס נאטור איז געוויסערמאסען אן אבסטראקטע, א גענעראליזירטע: ניט איין בוים, נאר דער גאנצער וואלד; ניט א ט ד י בלום, נאר „בלומען" איבערהויפט; אפטמאל אפילו ניט בוימער און בלומען און ווינטען און פארבען, נאר די „נאטור" איז אלגעמיין. בשעת ליעסין רעדט וועגען נאטור, איז זיין אויג געווענדעט ניט אין דרויסען ארויס, נאר אינוועניג, אין זאך אריין. די פארבען נעהמט ער פון די ש ט י מ ו נ ג ע ן, וואס ער לעבט איבער, ניט פון דער אביעקטיווער וועלט.

אט איז אן אונרוהיגע פריהלינגס־נאכט:

„די בייזע, די ברומענדע נאכט,
די לאנגע, די שלאפלאזע נאכט,
די נאכט פון א דונקעלען פריהלינג א קאלטען,
זי קלאפט מיר אין פענסטער מיט קרעכצען און גוואלטען,

מיט שטורמישען רעגען און גרויסען געפּילדער,
אלץ ווילדער און ווילדער,
אזוי ווי אַ העלישע מאַכט
וואָלט טיעף אין איהר חשך געלעגען בעהאַלטען.
די בייזע, די שלאָפלאָזע נאַכט —
זי האָט מיך משוגע געמאַכט!"

דאָ זיינען דאָ עפּיטעטען: „בייזע", „ברומענדע", „לאַנגע", „שלאָפלאָזע", „דונקעל", „קאַלט", „פינסטער", דאָ זיינען דאָ „קרעכצען", „געפּילדער", „אַ העלישע מאַכט", — אלץ סוביעקטיווע סמנים. און נאָר איין מאָל ווערט דערמאָנט דער „שטורמישער רעגען". קיין אנדערע סמנים, ווי אַ שטייגער, די לאָדען, ווי זיי קלאַפּען, אָדער אַ צווייג פון אַ בוים, ווי זי קוקט אריין אין פענ־סטער, אָדער די שויב, ווי זי ציטערט, אָדער אפשר גאָר דער בליץ, דער דונער און אנדערע אזוינע „מאַטעריעלע" זאכען, ווערען ניט געגעבען. ליעסין'ס נאַטור קען ווערען געזעהן און געפיהלט מיט האַלב־געשלאָסענע אויגען. אָדער אפשר איז דאָס דערפאַר, וואָס ער איז אַ קינד פון אַ גרויסער שטאָדט?

און ווייל זי איז אַ טהייל פון דעם דיכטער'ס „איך", און ווייל אָט דער „איך" איז שטענדיג אומרוהיג, שטענדיג זוכענדיג, שטענדיג בעגייסטערט פון אידעען און ערשיטערט פון איבערלע־בונגען, איז אויך די נאַטור פול מיט בעוועגונג, מיט קאַמפּף, מיט טראַגישע קאָנפליקטען. „אור וחושך" האַלטען צווישען זיך מלחמה „און ס'צאַפּעלאַ די זון זיך אין לאַפּע פון וואָלקען". דער אָווענד אויפ'ן ים שפּרייט זיך ניט, ווי געוועהנליך, נאָר ער „פונקעלט און דונקעלט און ש פּ י ע ל ט"; וואסער און זון האָבען צווישען זיך אַ שטאַרקען וכוח, און דאָס וואסער, ווען דאָס שיף פאָהרט דורך, הויבט זיך עס און פאַלט אראָב, „א ו ן ק ר ע כ צ ט א ו ן ק ל אַ ג ט דורך פונקען און דורך רויך". און אז עס קומט דער הערבסט, איז דאָ אזוי פיעל שמערץ און אומ־רוה ארום און ארום:

„און דער אבענד איז ווילד און פערואומערט,
און דאָס הארץ איז מיט אַנגסט איבערפילט,

און די וואָלקענס — זיי יאָגען דערשראָקען,
אין געהיימנים און חשך פערהילט;
און דער הימעל איז פול מיט בעוועגונג,
פול בהלה און פינסטערע מאכט“...

און אנדערש קען דאָס ניט זיין: אָט די הערבסט־נאַטור, פול מיט בהלה און סוד, טראָגט דאָך אין זיך אַ וויכטיגען געדאנק. אַ קוק אויף די פערענדערונגען אין דער מענשליכער געשיכטע:

„אזוי פליהען די טעג און די יאָהרען
דורך די טהאָלען פון יאָמער און פיין;
אזוי טראָגען זיך דורות נאָך דורות
אין דעם אייביגען גאָרנישט אַריין“.

די נאַטור איז א גרויסע מיסטעריע, וואו יעדע סצענע איז פול מיט בעדייטונג. און דער דיכטער איז אַ כהן־גדול, וואָס ווייזט דעם זין און די כונה פון דער גרויסער מיסטעריע אין אַלע איהרע טהיילען.

III.

פון דער נאַטור ביז צו די מענשען איז ביי ליעסין'ען איין שפּאַן, אפילו קיין שפּאַן אויך ניט. ס'איז דאָך איינס און דאָס זעלביגע. דאָרט דער מענש איז דער נאַטור. דאָ — דער אייגענער מענש, נאָר פאר זיך.

מענשען! — דאָס הייסט אָבער אזוינע, וואָס ס'איז כדאי וועגען זיי צו ריידען. פאראן גאנצע מיליאָנען, וואָס זיינען ניט אינטערעסאנט. איבערהויפּט די גאנצע מאַטעריעלע סביבה זייערע איז ניט אזוי וויכטיג. דאָס הייסט, וויכטיג איז זי יא, מען מוז זאָגאר קעמפּפען פאר אַ בעסערען מאַטעריעלען לעבען, אָבער דער דיכטער האָט דאָ ניט אויף וואָס אָבצושטעלען זיך. נו, געהאָרע־

וועט, נו, אדים, הונגעריג, עס טהוען וועה די ביינער — ווער ווייסט דאס ניט?

זעהט איהר, אז אנדער זאך איז שוין נשמה. אבער אויך א נשמה צו א נשמה איז ניט גלייך. פאראן טוצען־נשמות, גלאטע, אבגעהובעלטע; וועגען זיי איז ניטא וואס צו ריידען. פאראן אבער דימענטען, זעלטענע שטיינער; מעג זיין אונגעשליפענע, מעג זיין פערדונקעלטע, אבער דאך אן אבן־טוב!

אט זיצט זיך א איד א קרעמער, אן עני, א דלפון, אין א וויסט אידיש געסעל, אוןווארט אויף א קונה. אין דרויסען איז פינסטער און נאס. דעם קרעמער איז קאלט און אומעטיג. אבער טהוט א קוק, וואס פאר א חלומות ער חלום'ט! וועגען א אידישען קע־ניגרייך, „א מלוכה פון גאונים, א מלוכה פון מלכים אליין"; וועגען גרויסע, ריעזיגע מעשים, וועגען א געוואלדיגען שטרייט פון א אידישען חיל געגען שונא, א שטרייט פון לייבען, פון העלדען, פון גבורים. אהא! אט דער קרעמער איז גאר ניט אזא קבצן, ווי אייך דאכט זיך!

און אז אין „שמחת בית השואבה" לאזען זיך אידען אוועק טאנצען — אט די „כשל ברך'ס", „גאט'ס קאזאקען", מיט די צו־טרייסעלטע פאות, מיט די לאנגע טלית קטן'ס, מיט די פאטשיילעס אין די הינטערשטע קעשענעס, און זיי שטעלען פאלקעס

...און מען קנאקט
מיט די פינגער, מיט די צינגער,
און מען האפקעט אוים צום טאקט:
„יחביאנו בצל ידו
תחת כנפי השכינה", —

איז דאס ניט פשוט טאנץ: אידען זיינען דאך שכור ניט פון וויין!

„יאהרען טויזענט בענקען, גארען
הילכען אב דא אין דעם שאלען;
נשמות רייסען זיך און שפארען,
קייטען ברעכען, תפיסות פאלען.

ווייסטע אידישע נשמות,
אָנגעזעטיגט דורך מיט צרות,
אָנגעליטען אין מלחמות
מיט די אַלע יצר הרע'ס,

רייסען זיך ארויס מיט שטורעם,
פריי פון ערד און פון יסורים,
פריי פון חומר און פון מורא,
באָמבאַרדירען הייס דעם בורא:

„יחביאנו בצל ידו
תחת כנפי השכינה".

דעם דיכטער ציהט צום העלדישען, צו די אמת־גרויסע קעמפּ־פער, וואָס האָבען אין זייערע מעשים פערווירקליכט דאָס ציעל פון'ם לעבען, די כונה פון דער שעפּפונג. עס איז אַלץ איינס, פאַר וואָס מען קעמפּפט, אַבי דאָס זאָל זיין אַ גרויסע אידעע. רב עקיבא, וואָס שטאַרבט פאַר זיין „אחד", איז ניט ווייניגער שעהן און ער־האַבען, ווי דער שמיעד, וואָס טראָגט זיין לעבען אַוועק אין דער רוסישער רעוואָלוציע. איןביידע האָט די מענשהייט דערגרייכט איהרע העכסטע שפּיצען.

דאָס לעבען מוז ווערען דורכגעלעבט, אויסגעלעבט ביז'ן לעצ־טען טראָפּען. ניט דערוויף איז דאָס געגעבען געוואָרען, כדי ס'זאָל זיין רוהיג און גליקליך און רייך. דער דיכטער ליעבט „דעם לע־בען דעם שלעכטען, ווי ביטער עס דריקט איהם זיין לאַסט, אזוי ווי מען ליעבט אַ געליעבטע אויף דאַן, ווען זי פּייניגט אַזן האַסט". דאָס ציעל פון'ם לעבען איז, משמעות, אין עפּעס העכערעס, ווי מאַטעריעלע גליק. דאָס ציעל פון'ם לעבען איז קאַמפּף.

אין דער אידישער פערגאַנגענהייט, אין דער טויזענד־יאָה־ריגער אידישער געשיכטע האָט דער דיכטער געזעהן אַזאַ מין קאַמפּף, אַזאַ מין העלדישקייט. ווידער און ווידער קעהרט ער זיך אום צום אידישען עבר. מיט ווערטער, שטאַרקע און איינ־פאַכע, וואָס דרינגען טיעף אריין אין דער נשמה, דערצעהלט ער אונז וועגען זיין צובונד צום פאָלק.

„און טראכט איך, מיין פאלק, פון דיין פינסטערען עבר,
דאן פאנגט אזוי מעכטיג דאס הערץ
די פראכט פון דיין דארען־קראנץ צווישען די פעלקער,
דיין טויזענד־יאהריגער שמערץ

און טראכט איך, מיין פאלק, פון דער ליכטיגער צוקונפט,
דאן ווערט אזוי שווער, אזוי באנג —
צו ועסטו פערשווינדען אין גליק? טא צו וואס זשע
די ליידען יאהרטויזענטע לאנג?

אין דער אידישער געשיכטע געפינט ער דעם גרויסען פאטאס, דעם ריעזיגען אפטימיזם, וואס איז אין זיינע אויגען די גרעסטע מאראלישע גבורה. אין ערגעץ איז ער ניט אזוי קראפט־פול, אזוי איבערצייגענד, אזוי ער אליין, ווי אין די ליעדער, וואו ער דערצעהלט וועגען מענשען, וואס געהען צום טויט, „מיט א מילד־ענטציקטער, הימליש־העלער מינע, געלייטערט אין דעם טויט־שמערץ, לויכטענד ווי די שכינה". קיין ליעד ווירקט ניט אזוי אנשטעקענד מיט זיין איינפאכקייט און טיעפען גלויבען, ווי די ליכטיגע נבואה פון „צום נייעם יאהר", — א מין מאדערנער, סאציאליסטישער „והיה באחרית הימים", ווען

„דער מענשליכער זוהן וועט ארויסגעהן בעפרייט
פון ערביטערטען מאנגעל און פינסטערען שטרייט,
און דערפיהלען אין ווייסטער, פערפייניגטער ברוסט
גאנצע אוצרות מיט לעבען און ליעבע און לוסט...
און דערווארעמט, ערמונטערט, ענטציקט און בעהארצט
וועט ער צופאלען הייס צו דער מוטער—דער ערד..."

מ'האט א סך מאל גערעדט און געשריבען די ווערטער. אבער אין ערגעץ אטהעמען זיי ניט מיט אזא פרישקייט און יוגענד און איבערצייגונג, ווי אין דעם ליעד, וואס איז געשריבען געווארען צוריק מיט 19 יאהר.

און די זעלביגע אונענדליכע, צערטליכע, שעהמעוודיגע און ענטציקטע ליעבע קלינגט אין דעם פראגמענט „מיין ריטער" —

דעם אַנהויב פון אַ פּאַעמע וועגען אַ שמיעד, וואָס שטעהט אין דער קוזשנע און שמיעדט קינזשאַלען פאַר די רעוואָלוציאָנערען און קומט דערנאָך אַליין אום אין שטרייט. וויפיעל מונטערקייט און יוגענדליכע האָפנונג און שטראַהלענדער יובעל־געזאַנג קלינגט אין אַזוינע שורות, וואו איהר הערט, דאַכט זיך, דאָס קלאַפּען פון האַמערס איבער אַ קאָוואַדלע:

„עס האָבען די אייזענס געגליהט,
געגליהט און געגליהט;
ער האָט די קינזשאַלען געשמיעדט,
געשמיעדט און געשמיעדט.

עס האָט אין די אייזענס געגליהט די נקמה,
די הייליגע, רויט;
געקלאַפּט האָט דער האַמער צום טאַקט דער נשמה:
פערדאַרבען און טויט!
פערדאַרבען און טויט די גזלנים!
פערדאַרבען און טויט די תלינים!

אין דער אידישער ליטעראַטור זיינען דאָ װעניג אַזוינע לע־בענס־פולע לידער. מען קען זיי איבערצעהלען אויף די פינגער.

---

## IV.

ליעסין האָט אָנגעהויבען דרוקען זיך צוריק מיט אַ יאָהר 22 און די גרעסטע צאָהל לידער — אפשר ניין־צעהנטעל פון זיי — געהערען צו די ערשטע פינף יאָהר פון זיין שאַפען. אין די לעצ־טע 8—10 יאָהר האָט ער אָנגעשריבען אפשר 4—5 לידער. ער האָט אָב־געגעבען אַלע זיינע קרעפטען דער פּובליציסטיק. צו דאָס האָט ג ע־ד א ר פ ט זיין אַזוי, פרעגען מיר ניט. יעדענפאַלס האָט ער כמעט אַלע לידער אָנגעשריבען ביז 1897—1898. דאָס פיהלט זיך אין זייער שפּראַך.

ער איז גאָר קיין שום ספק ניט, אַז ער האָט אַ שפּראַך־גע־פיהל און אַ גוט־ענטוויקעלטען אויער. זיין שפּראַך איז צייטענ־ווייז צאַרט, מילד, ווייך, צייטענווייז שטאַרק און קרעפטיג. עס איז דאָ די ריכטיגע בעציהונג צווישען ריטם און אינהאַלט. עס בעגעגענען זיך אָפט שורות, וואָס גיבען איבער די קלאַנגען פון דער אויסען־וועלט (פערגלייך דאָס קלאַפּען פון'ם האַמער אין דער לעצטער ציטאַטע).

אָבער דאָך קען מען ניט זאָגען, אַז די שפּראַך איז אומע־טום גוט. ליעסין קימערט זיך ווייניג וועגען וואָרט, וועגען אויס־דרוק. געפינט ער אויף'ן שטעל אַ געלונגענעם וואָרט, איז גוט. ניט — בענוגענט ער זיך מיט אַ ווייניגער פּאַסענדען. וועגען בע־אַרבייטען די ליעדער איז גאָר קיין רייד ניט.

מיר מיינען דאָ ניט ראַטהען אימיצען, מען זאָל שווייצען איבער ליעדער. מיר ווייסען: ביי אַ גוטען פּאָעט גיסט דאָס ליעד זיך אויס פון זיך. אָבער ו ו ע ן ס'האָט זיך שוין אויסגעגאָסען, דאַרף מען עס ערשט בעאַרבייטען, אָרומפיילען, אָרומרייניגען, אַז ס'זאָל האָבען אַ פּנים. דאָס האָבען געטהאָן די גרעסטע דיכטער.

ליעסין טהוט דאָס ניט.

און דער עיקר: ער האָט ניט דורכגעמאַכט מיט דעם יונגען דור שרייבער די ענטוויקלונג פון אידיש אין די לעצטע יאָהרען. עס איז דאָך צוגעקומען אַזאַ וועלט מיט פאָרמען, אויסדריקע, ריי־מען, ריטמען. ליעסין האָט אָבער די לעצטע צייט אַזוי ווייניג געשריבען... זיין ליעדער־שפּראַך איז כמעט געבליבען די פון צוריק מיט 15 יאָהר. און דאָס איז אַ שאָד.

מיר רעכענען, אַז ס'איז איצט אויך ניט שפּעט. ווען איהר לייענט אייניגע פון זיינע זאַכען אָדער זיינע איבערזעצונגען (פון וואָלט וויטמאַן, פון נעקראַסאָוו, פון טיוטשעוו) האָט איהר די עמפּפינדונג, אַז ער וואָלט ג ע ק ע נ ט זיין אַ שפּראַך־קינסטלער. ער דאַרף נאָר וועלען...

.(1915)

# חיים נחמן ביאַליק.

I.

ביאַליק האָט ווענינ געשריבען אידישע ליעדער. זיין הויפּט־פעלד איז העברעאיש, וואו ער איז געקרוינט אלס דער מעכטיג־סטער דיכטער און גרעסטער שפּראַך־מייסטער פון די לעצטע עט־ליכע יאהר־הונדערטע. אין דער אידישער ליטעראַטור קומט ער זעלטען, און נאָר ווי אַ גאַסט, אויף אַ ווײַלע. סך הכל אַ פּאָר צעהנדליג ליעדער האָט ער אַנגעשריבען לכתחילה אויף אידיש אָדער אליין איבערגעארבייט פון העברעאיש. דאָס זיינען אָבער ווערק פון אַזאַ ריעזיגער פּאָעטישער בעדייטונג און זיי האָבען אַזאַ שטאַר־קען רוק געטהאָן אונזער אידישע ליריק אויפ'ן וועג פון איהר ענט־וויקלונג, אַז וועגען זיי איז נויטיג אַ בעזונדערע אונטערזוכונג.

אַ פאַרשטעלונג וועגען דעם ג א נ צ ע ן ביאַליק'ען קענען די געצעהלטע אידישע ליעדער ניט געבען. אונטערזוכען א ל ע ביאַליק'ס ווערק, כדי צו בעקומען אַ גענויע כאַראַקטעריסטיק פון זיין גאַנצער שעפּפערישער פּערזענליכקייט, קען ניט זיין די אויפ־גאַבע פון דער איצטיגער אַבהאַנדלונג. איינס מוז מען אָבער גע־דענקען: דאָס איז דעם דיכטער'ס פעהיגקייט צו בייטען אַלע מאָל זיינע שטימונגען און אָבצוגעבען זיך יעדער שטימונג אין גאַנצען, ביז'ן סוף, ביז'ן גרונד, אַזוי אַז פון אַלע איבעריגע שטי־מונגען זאָל קיין אָבקלאַנג ניט בלייבען.

קוקט איהר אויף ביאַליק'ען אין אַלגעמיין, קענט איהר זיך ניט בעפרייען פון'ם גערדאַנק, אַז איהר האָט צו טהאָן מיט אַן א ו י ב ע ר ־מ ע נ ש. ניט קיין „בלאַנדע בעסטיע", אויך ניט קיין אינטעלעקטועלער ריעז, נאָר אַ מענש, וואָס איז רייכער אין

געפּיהלען איידער יעדער אנדערער. אין איבער־מענש פון געפיהלען, אין אונגעוועהנליך צארטער און אונגע־ווערנליך שטארקער געפיהלס־אפּאראט. דאָרט וואו מיר, פּשוט'ע מענשען, זיינען צופריעדען, איז ביאליק גליקליך; דאָרט וואו מיר זיינען גליקליך — איז ער אין עקסטאז פון פרייד; דאָרט וואו מיר זיינען בעטריעבט — איז ער אין א תהום פון פערצווייפלונג, און דאָס וואָס ביי אונז ערוועקט עקעל — רופט ביי איהם ארויס א שרעקליכע שטורעמדיגע קללה צו אלעס, וואָס ס'איז איהם ליעב און טהייער.

עס דאַרף ניט זיין גרינג צו לעבען, ווען מען רעאגירט אזוי אויף די ערשיינונגען פון דער וועלט. דער דיכטער דאַרף פיהלען וועט איהר איהם הערען זינגענדיג אזא פערצווייפעלט ליעד, אז זיין דיכטער־מתנה ווי א שווערען יאָך. פון דער אנדערער זייט דאַרף דאָס געבען אזא גליק, וואָס נאָר אויסדערוועהלטע זיינען דערמיט געבענשט.

ביאליק בלייבט ניט שטעהן לאנג אויף איין שטימונג. אָט כאַפּט ער זיך אויף אין אינדערפריה און איז ענטציקט פון ליכט, פער'שכור'ט פון זונען־שיין, איבערפילט, פערפלייצט פון לעבענס־פרייד. ער איז ווי א קינד. ער איז ווי א פויגעל אין דער לופט. ער האָט אפילו פערגעסען, אז ס'איז דאָ ערגעץ טרויער, אומעט, וועהטאָג. ער געהט ניט צום ליכט, כדי צו בעפרייען זיך פון'ם חושך, ווי דאָס טהוען אנדערע. ניין, ער איז אליין אינ־גאנצען ליכט, אינגאנצען שטראהלען־מוזיק. אין א ווייטע ארום ס'וועט אייך אנכאפּען ביים הארצען:

אָבי — גלות מרה, אמי — דלות שחורה, —
לא! לא מקלי אפחד, לא התרמיל נורא!
כי מהם אכזרים, מרים שבעתים
חיים בלי תוחלת ובלי אור עינים. *)

---

*) מיין פאָטער — דער ביטערער גלות, מיין מוטער — דער פינסטערער דלות; — ניין! ניט פאר'ן וואנדערשטעקען האָב איך מורא, ניט די טאָרבע איז שרעקליך! שרעקליכער פון זיי, ביטערער זיעבען מאָל איז לעבען אָהן האָפנונג, אָהן ליכט.

אַט זינגט ער אייך ליעדער פון ווינטער. פול מיט קראַפט. פול מיט שטורעמדיגער גבורה איז דער זינגער. גאַט האָט אַ גאַנצע נאַכט געשמיעדט דעם הימעל מיט זיינע גרויסע האַמערס; קומט אינדערפריה — איז ער בלאַנק, פעסט קלינגענדיג. און דער פראַסט!

אוי, צושפּיעל זיך, פראַסט, מיט וואוט
סמאַליע, שטעך און ברען אין גלוט!
גיס דייז שטאָהל אין האַרץ ביי מיר,
אויף מיין וואַנס דעם הויך פערפריהר!

און בעשמיעד מיין ברוסט מיט אייזען,
טאָמער וועט זי זיך צורייסען
פון פיעל גבורה און פיעל וואוטה.
הוליע, פראַסט, און ברען אין גלוט! *)

שפּעטער אַביסעל דערמאַנט ער זיך וועגען דעם זיידען'ס שטוב, שטעלט ער זיך פאַר דעם דלות, די וויסטקייט, דעם חשך, דעם אייביגען עלענד. איז ער אינגאַנצען אין דער איינזאַמער שטוב; איז ער אַ חבר צו די צובראַכענע מעבעל, צו די איינגע־בויגענע וואַנד, צום מיסט. שרייט ער פּלוצלונג אויס:

לא שניתם מקדמתכם,
ישן נושן, איז חדשה;
קחני, אחי, אל חברתכם!
יחדו נרקב עד נבאשה!**)

ס'וועט ניט לאַנג דויערען, וועט ער אַרומלויפען מיט אַ יונג מיידעל אין גאַרטען, אין דעם פּלאַנטער פון צווייגען, וועט בייסען מיט איהר פון איין עפּעל און ווערען פער'שכור'ט פון איהר ריח. און איהר וועט לייענען און וועט גלויבען, אַז קיין שום וואַלקענדעל

*) פון העברעאישען איבערזעצט דורך שניאור און שווארץ.
**) איהר'ט זיך ניט געענדערט פון אמאָליגע יאָהרען, אַלעס אַלט, ניטאָ קיין נייעס; נעהמט מיך, ברידער, פאַר אַ חבר! ווועלען מיר צו־זאַמען פוילען, ביז מיר'ן ווערען פערדאַרבען.

האָט קיינמאָל ניט בעטריבט דעם שטערען פון אָט דעם לוסטיגען זוהן פון די גריכישע געטער.

און אזוי איז ער אויך מיט דער בעציהונג צום אידישען פאָלק. אָלס אַ איד און אָלס מאָדערנער אינטעליגענט, איז ער אויפ'ן ענגסטען אופן פערבונדען מיט'ן גורל פון זיין פאָלק. ער פיהלט מיט איהם, ער ליידט מיט איהם. אָבער ער פיהלט שטארקער ווי אנדערע, ליידט מעהר ווי אנדערע. קומט אַ צייט: איהם דאכט זיך, דאָס פאָלק האָט געדארפט שטארקער קעמפפען, מעכטיגער ארויסווייזען זיין ווילען, ווערט ער פול מיט יאוש. רופט ער אויס אין זיין ביטערען צער:

אכן חציר העם, יבש היה כעץ,
אכן חלל העם, חלל כבד אין קץ,
הוא לא ייקץ אם לא יעירנו השוט,
הוא לא יקום אם לא יקימנו חשוד...

עלה נובל מעץ, אזוב עולה בגל,
גפן בוקק, ציץ מק—היחינו הטל?
גם בתקוע השופר ובהנשא הנס—
היתעורר המת? היזדעזע המת? *)

נאָך אין דעם זעלביגען טאָג אפשר, וועט ער אייך זינגען אַ ליעד פול מיט מוט און גלויבען און האָפנונג. און ער וועט רופען צו זיינע ברידער:

„תלו שמש על ראשכם, תלו שמש"

(„הענגט די זון איבער אייערע קעפּ, הענגט די זון!")

*) ווירקליך, גראָז איז דאָס פאָלק, טרוקען איז דאָס ווי האָלץ; ווירקליך, טויט איז דאָס פאָלק, אַ מת אַ שווערער אָהן אַן עק... ער וועט ניט ערוואכען, אויב ס'וועט איהם ניט וועקען די רוט, ער וועט ניט אויפשטעהן, אויב ס'וועט איהם ניט אויפשטעלען די רויב... אַ פערוועלקטער בלאט פון אַ בוים, אַ גרעזעל אויף אַ בערגעל מיסט, אַן אויסגעלעדיגטער וויינשטאָק, אַ צעדריקטע שפּראָצונג — צו וועט די טוי איהם לעבעדיג מאַכען? ווען מ'וועט אפילו בלאָזען טרומייט און ס'וועט אויפגעהויבען ווערען די פאָהן — צו וועט ערוואכען דער מת? צו וועט אַ ציטער טהאָן דער מת?

נאָך שפּעטער וועט ער בעטען ביי די הימלען, זיי זאָלען מתפּלל זיין פאַר איהם ביי גאָט (אויב ס'איז דאָ אַ גאָט אויפ'ן הימעל), ווארים ער אליין — זיין הארץ איז שוין טויט, און ניטאָ שוין קיין תפלה אויף די ליפּען, און אראָבגעלאָזט האָבען זיך די הענד און ניטאָ מעהר קיין האָפנונג — און ביז וואַנען נאָך, ביז וואַנען וועט דויערען די לייד פון דער אומה! („על השחיטה").

אזוי איז דער דאָזיגער איינציגארטיגער אידישער דיכטער — דער טיפסטער און פערשיידענארטיגסטער געפיהלס־מענש צווי־שען אלע איבעריגע אידישע ליריקער. און די דאָזיגע פערשיי־דענארטיגקייט, — הגם אין אַ קלענערער מאָס, — צייכענט אויס אויך זיינע אידישע ליעדער.

---

II.

דאָס גרעסטע און בעדייטענדסטע צווישען זיי איז אָהן אַ צווייפעל „אין שחיטה־שטאָדט" (איבערגעארבייט דורך ביאליק פון'ם העברעאישען אָריגינאל „בעיר ההריגה"). די מענשהייט האָט איבערהויפּט בעשאַפען ווייניג ווערק פון דעם סאָרט ווי די „שחיטה־שטאָדט". די אידישע ליטעראַטור האָט ניט נאָך איינעם, וואָס זאָל קענען זאָגען אַזאַ וואָרט.

וואָס איז אזוינס „אין שחיטה־שטאָדט"? עס איז אַ בע־שרייבונג פון קישינעוו נאָך דעם פּאָגראָם פון 1903. עס איז אַ בעשרייבונג פון די געפיהלען, וואָס די פּאָגראָם־בילדער רופען ארויס ביי אַ אידען. איהר קענט, דאַכט זיך, די בילדער; איהר האָט אפשר אליין זיי געזעהן. איהר האָט איבערגעלעבט צוזאַמען מיט אייער פאָלק דעם צער און צאַרן פון יענע און אנדערע שרעקליכע טעג. אבער אלע מאָל, ווען איהר עפענט אויף די בלעטער פון „אין שחיטה־שטאָדט", — ווערט אייער זעעל ארומגעכאַפּט אויף דאָס ניי ווי מיט אַ פייערדיגען רייף, און עס עפענט זיך פאַר אייך אַ גיהנם.

עס וואָלט כמעט אונמעגליך געווען צו לייענען דאָס ווערק — אזוי נאַקעט איז דאָרט די העסליכקייט פון דער הריגה, אזוי דייטליך

איז דארט אַנגערופּען געוואָרען ביים נאָמען יעדע ווילדע, אונ־מענשליכע טהאַט. איהר פּיהלט, אַקוראַט ווי עפּעס אַ שטאַרקע האנד וואָלט איך אַנגענומען ביים קארק און וואָלט אריינגעשטעקט אייער פּנים אין יעדען ווינקעלע, וואו איהר ווילט ניט קוקען. אייער נשמה רייסט זיך און קאָרטשעט זיך אין עקעל. איהר מוזט אָבער קוקען. די אומדערבאַרעמדיגע האנד האַלט אייך ביים קארק און צווינגט אייך צו זעהן איין טייוועלש בילד נאָך דעם צווייטען.

עס וואָלט אונמעגליך געווען צו לייענען „אין שחיטה־שטאָדט", ווען ניט דאָס שטאַרקע, איבער־מענשליכע געפיהל פון צאָרן, וואס האָט אַרומגעכאַפּט דעם דיכטער און וואָס גיט זיך איבער צום לעזער אויף אַ געהיימניספולען אופן. דאָס דאָזיגע געפיהל איז שטאַרקער פון אייער עקעל, שטאַרקער פון אייער ווידערווילען, שטאַרקער אפילו פון אייער שמערץ.

„פון שטאָהל און אייזען, קאַלט און הארט און שטום,
שמיד אויס אַ הארץ פאַר זיך, דו מענש,—און קום,

אזוי זאָגט צו אייך דער דיכטער, און ער נעהמט אייך אָן ביי דער האנד און ער פיהרט אייך ארום א ו י ף י ע נ ע ר ז י י ט פון יעדער עסטעטיק, אויף יענער זייט אפילו פון וועהטאָג, פון רחמנות. עס בלייבט דער גרויסער צאָרן, די אונגעוועהנליכע עמפּערונג, וועלכע איז אזוי גרויס, אַז זי פעראַכט שוין ניט דעם הענקער, נאָר דעם מארטירער, צוזאמען מיט דעם גאָט זיינעם, צוזאמען מיט אַלעס, וואָס ס'איז איהם הייליג.

די פלאַמען פון צאָרן דערגרייכט איהר העכסטע שטופע, ווען גאָט אַליין, דער אידישער גאָט, ערקלעהרט זיך פאר באַנקראָט.

אַ יורד בין איך, גליידך מיט אייך פעראָרימט...
און וועה, און ווינד און וועה אין אלע וועלטען!

ער קען שוין ניט העלפען, דער אַלטער גאָט, ער קען ניט מאַ־כען גאָרניט מיט טויטעביינער. ער קען נאָר טרויערען.

אין וואָלקען איינגעהילט איהר קאָפּ — וועט אייביג
מיין אלטע שכינה ווײנען שטיל פאר בושה,
און נאכט אויף נאכט וועל איך אראָב פון הימעל,
בעוויינען זיך אויף אייער קבר.

אבער דאָס פּערענטפּערט דאָך ניט די מענשען. זייער גאָט איז שוואַך, ווייל זיי אליין זיינען לעבעדיגע מתים. זייער גאָט וואָלט געווען אַן „אלהי צבאות“, ווען אין זיי וואָלט אַ קראַפט געשטורעמט און איבערגעקעהרט וועלטען.

אַ פּויסט וואו איז? וואו איז אַ גרויסער דונער,
וואָס זאָל זיך אָברעכענען פאַר אַלע דורות,
און איינלעגען די וועלט, צורייסען הימלען,
מיין שטוהל, מיין כסא־כבוד, איבערקעהרען!...

זינט די טעג פון די נביאים, זינט יחזקאל האָט גערעדט ווערטער פון צאָרן און עמפּערונג, זינט ירמיה איז געשטאַנען אויף די חורבות פון ירושלים און געזונגען דאָס ליעד פון אונטערגאַנג, זיינען ניט געזאָגט געוואָרען אַזוינע ווערטער, ווי די, מיט וועלכע עס ענדיגט זיך „אין שחיטה־שטאָדט“. דער האַס, די פּיין, דער עקעל, די פערצווייפלונג און — ערגעץ טיעף בעהאַלטען — דער אויבער־מענשליכער רחמנות דערהויבען זיך צו אַזאַ אַקאָרד, וועלכער מאַכט ציטערען די ערד און וועט קלינגען פון דור צו דורות:

און איצט געהנוג, אַנטלויף, דו מענש, אַנטלויף אויף אייביג!
אין וויסטען מדבר לויף — און ווער משוגע!
צוריים אויף טויזענד שטיקער דיין נשמה
און וואַרף ארוים דיין הארץ פאַר ווילדע הינט;
און זאָל דיין טרעהר אַראָבפאַלען אויף הייסע שטיינער,
און דיין געשריי זאָל איינשלינגען דער שטורעם...

„אין שחיטה־שטאָדט“ איז דאָס העכסטע און אייביגסטע, מיט וואָס ס׳האָט אונז בעשענקט די צייט פון בלוטיגען קאַמפּף און ליידען אין רוסלאַנד... „אין שחיטה־שטאָדט“ איז אַ קינד פון דער רעוואָלוציאָן, אָבוואָהל ביאַליק איז קיינמאָל קיין רעוואָלוציאָנער ניט געווען.

שוואַכער ווי „אין שחיטה־שטאָדט“, אָבער אויך אַ קאָלאָסאַלער דענקמאָל פון לירישען שאַפען, איז „דאָס לעצטע וואָרט“.

דאָס איז אַ טהעמע, וואָס האָט שטענדיג צוגעצויגען דעם אינ־טערעס פון דיכטער: דער נביא איז געשיקט געוואָרען פון גאָט, ער וויל געהן היילען וואונדען, בלוטען אין איינעם מיט די ליי־דענדע; ער האָט אַ האַרץ פול ליעבע, ער טראָגט אַ בשורה פון נחמה; ער וויל טרייסטען, בעטען, וויינען, וועקען. ער קומט צום פאָלק — און וואָס געפינט ער?

און אָבגעשטויסען איז גאָט'ס האנד,
מיך האָט בעגעגענט שפּאָט און שאַנד,
איהר האָט פאַר מיר די טהיר פערמאַכט —
און גאָטעס וואָרט איז אויסגעלאַכט.

און דאָס ליעד פון'ם נביא פערוואַנדעלט זיך אין אַ גליהענדען האַס, און דאָס וואָרט פון טרייסט אין אַ ביטערע, פערניכטענדע קללה.

די טעמע איז ניט ניי, אָבער ביי אונז האָט ביאַליק דער ער־שטער זי אריינגעטראָגען אין דער ליריק, און דער ערשטער האָט ער געפונען פאַר איהר אַ פּאַסענדע פאָרם. עס איז דאָך מער־קווירדיג, וואָס מיר, אידען, אַזוי אָנגעזאַפּט מיט די נביאים, ער־צויגען פון קינדווייז אויף ישעיה און ירמיה און יחזקאל און עמוס, האָבען אַזוי וועניג געפּרופט שרייבען אין זייער טאָן און זייער גייסט. זאָל דאָס זיין דערפאַר, וואָס מיר זיינען געווען צו נאָ־הענט און צו שטאַרק געפיהלט די שעהנקייט און די גרויס־קייט פון די אַלטע?

אין אַזוינע ווערק, ווי „אין שחיטה־שטאָדט" און „דאָס לעצ־טע וואָרט" שטעהט ביאַליק אינגאַנצען אָבגעזונדערט פון די אי־בעריגע אידישע דיכטער. ער רעדט גאָר מיט אַן אַנדער שפּראַך, ווי זיי, האָט אַנדערע זעהונגען, פיהלט אַנדערע געפיהלען. אין די איבעריגע ליעדער איז ער שוין נעהענטער צו דעם, וואָס מיר פער־שטעהען געוועהנליך אונטער'ן וואָרט „דיכטער". ער ווערט גע־ריהרט פון די זעלביגע עמפּפינדונגען, אינטערעסירט זיך מיט די זעלביגע זאַכען פון דער אויסען־וועלט. אָבער אויך דאָ פיהלט איהר, ווי פערשיידען ער איז פון זיי אַלע.

פאַראַן ביי איהם אַ „פּרעהליכס“, אַ טאַנץ פון פערצווייפעלטע, אַ טאַנץ צו פערגעסען די אייביגע צרות. עפּעס ווי אַ מין ווירבעל־ווינד נעהמט אַרום דעם עולם. עפּעס פערוואַנדעלט זיך זייער וועהטאָג אין אַ ווילדע וואַקראַואַליע.

וואו אַ טראָפּען גאַל פערבאָרגען,
וואו אַ וועה און וואו אַ וואונד—
אויסגעטאַנצט מוז דאָס היינט ווערען
ביז צום סוף און ביז צום גרונד!

שנעלער, ראַשער דרעהט זיך דאָס רעדעל. האַסטיגער, אומרוהיגער די בעוועגונגען. און עפּעס ווי אַ ביטערער חוזק קלינגט שוין צווישען די טענצער, אַ חוזק איבער זיך, איבער דער וועלט, איבער דעם אייגענעם טאַנץ. און ווידער קעהרט זיך אום די אַלטע פערצווייפלונג. אָבער ניין! מען טאָר זי ניט דערלאָזען. מען דאַרף זיין שטאַרק.

נישט איין טראָפּען צום ערקוויקען,
אויסגעטריקענט ווי אַ קוואַל —
וואָס זשע שמאַכט איהר? נעהמט דעם בעכער,
גיסט איהם אָן מיט גרינער גאַל.

אויסגעזופּט—און נישט פערקרימט זיך,
נישט קיין ציטער אין די הענט!
זאָל אַ קרענק דער שונא וויסען,
וואָס אין הארצען בראָט און ברענט.

און עס איז אַ בעזונדערע פרייד אריבערצוגעהן פון אזא ליעד צו „אונטער די גרינינקע בוימעלעך“, מיט'ן ליעבען, הארציגען אייםגעשריי: „אוי, מיר זאָל זיין, אידישע קינדערלעך, פּאָר אייערע כשר'ע אויגעלעך“. איהר רוהט זיך אָב. איהר דערפיהלט, אז דער דיכטער איז אזאַ מענש ווי איהר. ער קען זיין גליקליך פון די זעלביגע איינפאַכע זאכען, וואָס איהר. און ערשט ווען איהר פערגלייכט אָט די יונגע, מונטערע ליעדער מיט דעם גיהנם, וואָס איהר זייט דורכגעגאנגען „אין דער שחיטה־שטאָדט“ אָדער אין

„לעצטען ווארט", האט איהר א פארשטעלונג וועגען דעם שוואונג פון דעם דיכטער'ס נשמה.

איהר קעהרט איבער א בלעטעל און געפינט „מיין גארטען"— און איהר זעהט פאר זיך א מענש, וואס טראכט שוין קיין זאך ניט, פיהלט קיין זאך ניט, וויל פון גאר ניט וויסען, א חוץ די פרוכט פון זיין גארטען: ווײַנשעל, בארען, עפעל, פלוימען. היינט פער־שקעם!

איינמאל פערשקעס!
פוכלע, העריג, פריש און איידעל,
פונקט ווי קיילעכדיגע בעקלעך
פון א פופצעהן־יעהריג מיידעל...

ער האט ליעב צו ליגען אין גארטען, אונטער'ן ברייטען בא־רענבוים, הערען דאס געזאנג פון די פויגלען, זיך אבגעבען דער ר י י ן - פ י ז י ש ע ר תאוה פון ליכט און ווארימקייט און גע־דאנקענלאזיגקייט.

טהוט זיך נאר דער בוים א טרייסעל —
באלד צולויפט זיך אויף דעם שאטען,
גיך ווי מייזלעך, פלעקען גאלד —
און איך ווער מיט זיי בעשאטען...

און זיי פלאנטען זיך אין בארד,
און זיי קריכען אין די אויגען,
קיצלען, ראנגלען זיך — פרעגט וואס?
נישט געשטויגען, נישט געפלויגען.

אט די פעהיגקייט צו פערוואנדלען זיך יעדעס מאל אין אן אנדער מענשען און צו אויסלעבען אינגאנצען, ביז'ן לעצטען טראפען, יעדע עמפפינדונג — צייכענט אויס ביאליק'ען צווישען אלע אידישע דיכטער.

---

## III.

ביאַליק'ס אידישע לידער זיינען אי שוואַכער, אי שטאַר־קער פון זיינע העברעאישע. שוואַכער זיינען זיי צוליעב דעם, וואָס אין אידיש פעהלט ביאַליק'ען דער בעזונדערער גלאַנץ, די אויסגעאיידעלטקייט, די בע'חנ'טקייט פון דער שפּראַך, וואָס ער האָט אין זיין העברעאיש. די העברעאישע שפּראַך איז אפשר איבערהויפּט מעהר צוגעפּאַסט פאַר פּאָעזיע, איידער אידיש. זי פערמאָגט אַ פּאָעטישע קולטור פון טויזענדער יאָהרען. דעריבער אַז עס קומט אַ גרויסער דיכטער און ריהרט זיך צו צו איהר מיט זיין מייסטער־האַנד, קען זי זינגען פיעל שעהנער, איידער איהר אינגערע שוועסטער. ווידער האָט ביאַליק איבערהויפּט זיך פער־נומען מיט העברעאישער דיכטונג מעהר ווי מיט אידישער. אויף אידיש ווערט איהר ביי איהם ניט בעגעגענען אַזוינע שמעקעדיגע פּאָעטישע שורות, ווי אַ שטייגער זיין „פּעמי אביב“:

> עוד לא פרצו הנגינות, אין עוד צלצלי תרועה,
> מאליה תתפשט שירה זכה וצנועה,
> אורות רבים כמו בוקעים ועולים...

פון דער אנדערער זייט אָבער איז אין העברעאיש גרעסער די געפאַהר פון מליצה, פון נוצען ווערטער ניט צוליעב זייער אינהאַלט, נאָר צוליעב זייער שעהנעם קלאַנג. זעהען מיר טאַקע, אַז אפילו ביאַליק, מיט זיין גרויסען חוש צו דער שפּראַך, האָט זיך אויך ניט פערהיט פאַר מליצה, פאַר בראַקען „פסוקים וחצאי פסוקים“, פאַר „כפל הדבר במלים שונות“, ווי דאָס איז נאָר מעגליך אין העברעאיש (פערגלייך: „הוי, גמולי מחשך עתיקי מאמש“ אין דעם ליעד „עם שמש“, אָדער די אויבענגעבראַכטע ווידערהאָלונג פון איין בעגריף אויף פיער פערשיעדענע אופנים: „עלה נובל מעץ, אזוב עולה בגל, גפן בוקק, ציץ מק“ אין דעם פראַכטפאָלען ליעד „אכן חציר העם“).

אין אידיש בעגעגענט זיך דאָס ביי ביאַליק'ען זעלטענער, אי־בערהויפּט זיינען זיינע אידישע לידער לויט זייער גאַנצען טאָן

נאטירליכער, ווי זיינע העברעאישע. דעריז איז זייער שטארקייט. ווי שעהן עס זאל ניט זיין די העברעאישע פּאָעזיע, פיהלט איהר דאָך, אז ס'איז געקינסטעלט, ניט נאַטירליך, ווייל דאָס פּאָלק רעדט דאָך ניט אויף דער שפּראַך. דאָס אארט וועניג, ווען איהר האָט פאר זיך ליעדער אויף די מאָטיווען פון נביאות, ווייל העברעאיש איז דאָך די אורשפּרינגליכע שפּראַך פון די נביאים. דאָס שטערט אָבער דעם איינדרוק, ווען ביאליק וויל, א שטייגער, שרייבען פּאָלקס־ליעדער אויף העברעאיש. קומט ביי אייך אוים, אז דענקען דענקט ער טאקע אויף אידיש, נאָר ער איבערזעצט דאָס אויף העברעאיש. דענקט איהר זיך: צוליעב וואָס?

אין אידיש זיינען אזוינע אוננאטירליכקייטען ניט מעגליך. אמת, דאָ טרעפט שוין אמאָל דער היפך: איהר מערקט אן איבערזעצונג פון העברעאיש. אזוי איז צ. ב. די סטראָפע צום שלום פון „לעצטען וואָרט“:

> איצט גערה ארוים
> צום טעפּער'ס הויז און קויף א טאָפּ
> און טהו א וואָרף“...

פאר דעם, וואָס קען ירמיהו קאפּיטעל י"ט, איז דאָס א שטארקע בילד, פאר דעם וואָס קען ניט — איז דאָס בילד און די האנדלונג אונפערשטענדליך.

אָבער אזוינע פעהלערען בעגעגענען זיך ביי ביאליק'ען זעלטען. זיין אידישע שפּראַך איז קלאָר, שטארק, נאַטירליך, און דערביי פּאָלקסטימליך דורך און דורך.

דאָס איז איינע פון די מערקווירדיגסטע ערשיינונגען אין ביאליק'ס שאפען. דאכט זיך, ער האָט געטהאָן מיט דער אידישער שפּראַך אזוינס, וואָס קיין אנדער דיכטער האָט נישט געטהאָן. ער האָט זי איינגעשמיעדט אין שטאָהל און אייזען; ער האָט זי געלאָזט קלינגען מיט א מעכטיגער קראַפט, מיט א ליידענשאַפטליכען פּאַטאָס; ער האָט אין איהר געפונען אזוינע ווירדיגע, ערהאבענע אויסדריקען, וואָס מ'האָט זיך גאָר ניט געגלויבט, אז אידיש זאָל דאָס בעזיצען. ער האָט געלאָזט הערען אין אידיש

אַ שטימע פון נביאים. און אין דער זעלביגער צייט פערלירט ניט זיין שפּראַך איהר נאַהענטקייט צום פאָלק, איהר פ אָ ל ק ס־ ט אָ ן.

אין מיטען דער העכסטער פערצווייפלונג, אין דער טראגיש־סטער סצענע פון דער „שחיטה־שטאָדט", שרייט גאָט אויס „און וועה; און ווינד און וועה אין אַלע וועלטען" — און טאקע ווייל די ווערטער זיינען ארויסגענומען פון'ם פאָלק'ס מויל, און ווייל זיי זיינען אזוי איינפאַך און אזוי נאַטירליך, ערשיטערען זיי מיט אַ בעזונדערער קראַפט. און דאָס אייגענע מיט די צוויי פשוט'ע שורות אין „לעצטען וואָרט":

„און איהר וועט חלש'ען דעם טויט
און בענקען וועט איהר נאָכ'ן לעבען", —

וועלכע מאַכען אַ טיעפערען איינדרוק, איידער אַלע איבעריגע קללות (איבערהויפּט איז „דאָס לעצטע וואָרט" צו לאַנג, צופיעל מאָל ווערט דער אייגענער געדאַנק איבערגע'חזר'ט אויף פערשיעדע־נערליי אופנים; ווען דאָס ווערק וואָלט געווען קירצער, וואָלט עס געווען פאָלקאַמענער).

ביאַליק בעזיצט די פעהיגקייט צו ריידען פאָלקסטימליך — אַהן אַ שפּור פון בדחנות; צו ריידען ערנסט — און דערביי אויף אַ ריינעם פאָלקס־אידיש, מיט דער גאַנצער לעבעדיגקייט און זאַפ־טיגקייט פון דער שפּראַך.

אָט איז אַ סטראָפע פון זיינעם אַ ליעד: „גלוסט זיך מיר וויינען"· זאָגט ער דאָרט צו די אידען:

דורכשלאָגען זאָלען זיך אייערע טרעהרען,
גרינגער זאָל ווערען און פרייער זאָל ווערען —
אפשר, ווער ווייסט, וועט נאָך גאָט אמאָל געבען!
איבערגעהן וועלען די פינסטערע צייטען,
אויף אונז וועט אפשר גערעטען, ווי לייטען,
בעסערס און שעהנערס דערלעבען.

ביאַליק האָט זיך ניט געשטעלט קיין ציעל: בעאַרבייטען, קולטיווירען אידיש. ער האָט איבערהויפּט ניט גערן געשריבען אויף אידיש. די שפּראַך איז ביי איהם געווען ניט מעהר ווי אַ

מיטעל צו זאָגען, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען. אָבער ווייל די שפּראַך האָט זיך געמוזט צופּאַסען אונטער זיינע הענד צו זיין גייסט און זיין שוואונג, דעריבער האָט ער ניט ווילענדיג זי אויפגעהויבען אויף אַ העכערער מדרגה, איהר געהאָלפען אויפ'ן וועג פון איהר ענטוויקלונג. וואָרים ווי זאָגט בעל־מחשבות: „ביי דעם פּאָעט איז די שפּראַך, ווי ליימ ביי דעם סקולפּטאָר: ריהרט ער זיך נאָר צו איהר צו, מוז זי שוין ווערען עפּעס אַנדערש, מוז זי שוין בעקומען אַ פאָרם. ביאַליק האָט אויך דער אידישער שפּראַך געגעבען זיין פאָרם, האָט אויך אין איהר אַריינגעלעגט אַ שטיק פון זיין גבורה"...

(1915).

# יהואש.

I.

דארף א דיכטער פיהלען?

עס קען זיך אויסדראכטען, אז די פראגע איז איבעריג. א דיכטער — דאס איז דאך, לויט דער אלגעמיינער פארשטעלונג, א מענש פון געפיהלען. א דיכטער, רעכענט מען, האט אן עדע־לערע, צארטערע, עמפפינדליכערע נשמה, איידער א דורכשניטס־מענש. דערצו איז ער בעגאבט מיט דער פעהיגקייט אויסצודריקען די בעוועגונגען פון זיין נשמה אין הארמאנישע ווערטער, וואס זאלען געפינען אן אבקלאנג ביי אנדערע מענשען. הכלל — א דיכטער: דאס איז א פערקערפערטעס געפיהל, א פערסאניפי־צירטע עמפפינדונג.

צו איז דאס טאקע אזוי?

געוויס איז דאס ריכטיג בנוגע צו ל י ר י ש ע דיכטער. א ליריקער הויבט דאך געוועהנליך אן זיין ליעד מיט „איך" און „מיין" און „מיר". ווען א ליריקער בעשרייבט אפילו אן אביעקטיווע ערשיינונג, זעהט ער זי אויך נאר דורך דער פריזמע פון זיין גע־פיהל. ווען ער דערצעהלט אן אויסוועניגסטע געשעהעניש, איז איהם ניט אזוי וויכטיג דער פאקט אליין, ווי דער געפיהלס־נאכ־קלאנג, וואס ער רופט ארויס. „נשמות דאזלין ערטילאין" — הוילע, ציטערדיגע, קלאנגען־רייכע און קלאנגען דורשטיגע מענשען־זעע־לען וואלט מען געדארפט אנרופען די לירישע דיכטער.

אבער אויך דא דארף מען געדענקען, אז ס'איז דא אן אונ־טערשיעד צווישען דעם ג ע ד י כ ט ע ט ע ן געפיהל און דעם

געפיהלטען געפיהל. ווען א דיכטער דערצעהלט, ווי ער שטעהט ביים בעט פון זיין שטארבענדען קינד, איז דא ניטא דאס אורשפרינגליכע געפיהל ווי עס איז (ווארים דער דיכטער וועט זיך דאך ניט אוועקזעצען דערצעהלען זיינע געפיהלען פונקט אין דעם מאמענט, ווען זיי'ן קינד ליגט ווירקליך אויפ'ן טויטען בעט), נאר מיר האבען דא א פארגעשטעלטעס (אימא־גינירטעס) געפיהל, העכסטענס די ערא־ינערונג פון א געפיהל. ווען לערמאנטאוו דערצעהלט אין „מצירי" די עמפפינ־דונגען פון א פרייהייטס־דורשטיגען מאנאך, וועלכער האט זיך ארויסגעריסען פון זיין קאמער אויף דער פרייער ווילדער וועלט, — איז דאך קלאר, אז ער, לערמאנטאוו, שטעלט זיך נאר פאר די געפיהלען און שטימונגען פון אזא מענשען, און ווען אברהם רייזען — אום צו נעהמען א נעהענטערען ביישפיעל — שרייבט דאס ליעד פון דעם ישיבה־בחור: „מאי קא משמע לן דער רעגען", פערשטעהען מיר, אז ער פאנטאזירט זיך נאר דעם ישיבה־בחור מיט זיין צואוועהטאגטער הארץ, אז ער פרואווט זיך נאר אריינלעבען אין יענעמ'ס געפיהלען.

מען קען זאגאר געהן נאך ווייטער און זאגען, אז אין דעם גרעסטען טהייל לירישע ליעדער האבען מיר נאכגעפיהלטע געפיהלען, נאכעמפפונדענע זעעלען־בעוועגונגען. א געפיהל, אין דעם מאמענט, ווען עס בעהערשט א מענשען מיט פו־לער קראפט, איז דאך שטום. ווען דער דיכטער נעהמט זיך שוין צו דער טעכניק פון ווערטער און רייםען און ריטמען און סטראפען, האט ער שוין נאר א פארשטעלונג אדער אן ערא־ינערונג פון דעם געפיהל. אפילו ביאליק, ווען ער האט גע־שריבען זיין „בעיר ההרגה" („אין דער שחיטה־שטאדט"), האט ער שוין ניט געהאט דעם אורשפרינגליכען צער און צארן, וואס ס'האבען אין איהם דערוועקט קישענעווער גאסען. ס'איז געווען מעהר נאכעמפפינדונג.

אבער די דאזיגע אונטערשיידונג צווישען גערדיכטעטען און געפיהלטען געפיהל איז פאר אונז דא ניט פון גרויסער בעדיי־טונג. צוליעב איינפאכקייט קענען מיר אננעהמען, אז דער לירי־שער דיכטער פערקערפערט אין ווערטער ויינע אייגענע

ג ע פ י ה ל ע ז. אין אמת׳ען האָט דאָך לערמאָנטאָוו געמוזט האָבען אַ גרויסע ק ר ו ב ה׳ש אַ פ ט מיט דעם אַנטלאָפענעם מאָנאָך. און רייזען מיט דעם פערטראַכטען ישיבה־בחור, כדי זיי זאָלען קענען אַנשרייבען אַזוינע ליעדער. אין אמת׳ען האָט ביי ביאַליק׳ען איבערהויפּט געמוזט ברויזען און זידען אַ קוואַל פון צאָרן און וועה, כדי ער זאָל קענען אַנשרייבען „בעיר ההרגה“. אויב אַזוי קענען מיר דורכלאָזען די ווייטערדיגע פאַנאַנדערטהיילונגען און זאָגען איינפאַך, אַז אַ ליריקער אַ ב י ע ק ט י ו ו י ר ט ז י י ן א י י ג ע נ ע נ ש מ ה.

אָבער צו דאַרף יעדער דיכטער זיין אַ ליריקער?

אויב מיר וועלען דערויף ענטפערען „יא“, דאַן מעגען מיר פערמאַכען יהואש׳ס ביכער, דאַן האָבען מיר מיט איהם ניט וואָס צו טהאָן. מיר וועלען איהם פשוט ניט קענען אריינרעכענען אין צעטעל פון די דיכטער. וואָרים ניט קוקענדיג אויף די פיעלע בענד און די פיעלע הונדערטער פערשיידענאַרטיגסטע ליעדער, וואָס יהואש האָט אָנגעשריבען, בלייבט דאָך זיין אייגענע נשמה פאַר אונז אַ פער׳חתמ׳עטער בוך. יהואש די א י נ ד י ו ו י ד ו א ל י־ ט ע ט דריקט זיך כמעט קיינמאָל ניט אויס אין זיינע ליעדער.

זאָל מען מיך ניט פאַלש פערשטעהן. יהואש דערצעהלט דוקא ניט זעלטען וועגען געפיהלען, ס׳איז דאָ אין יהואש׳ס ווערק אַ גאַנצע גאַמע פון רייכע אינטערעסאַנטע איבערלעבונגען, — פון לייכטער בעפליגעלטער פרייד, ווען דער דיכטער זיצט מיט דער געליעבטער אין שליטען און די פערד טראָגען זיך „אין לאַנד פון די טרוימען“, ביז טיעפען שמערץ, וואָס האָט זיך איינגעגעסען אין זיין האַרץ „און איינגעפלאַנצט דאָרט קרייטער ביטערע“; פון ענטציקטער ליעבע צום קראַנקען שלאָפענדען קינד, ווען דער פאָטער האָט „צום ערשטען מאָל אין יאָהרען פיעל געמורמעלט אַ געבעט“, ביז געזעלשאַפטליכער עמפּערונג איבער די ליידען פון אַ גאַנצען פאָלק און ביז די אַלגעמיינע פראַגען פון „וועלט“ און „לעבען“ און „גאָט“. יהואש דערצעהלט פיעל וועגען מענשליכע איבערלעבונגען, און צייטענווייז געברויכט ער אויך דאָס וואָרט „איך“. אָבער אַלע מאָל האָט איהר די עמפּפינדונג, אַז דאָס איז ניט דער ריכטיגער, דער ענדגילטיגער יהואש. עס פעהלט אייך דער ל ע צ ט ע ר

צוטריט צום דיכטער'ס נשמה. עס פעהלט דאָס, וואָס איז ביי איהם ניט געמיינזאַם מיט אַנדערע מענשען. עס פעהלט דעם דיכטער'ס איינציגעס און אייגענאַרטיגעס, וואָס קען זיך ניט ווי־דערהאָלען און וואָס גיט דער ליריק אַ בעזונדערען אַראָמאַט און אַ בעזונדערען קלאַנג.

אין וואָס בעשטעהט אָט דאָס „איינציגע"? עס איז דע־רויף פּונקט אַזוי שווער צו ענטפערען, ווי אויף דער פראַגע: אין וואָס בעשטעהט די אייגענאַרט פון אייער פריינד'ס שטים. פאַר אייך איז די דאָזיגע שטים אַן אונפעהלבאַרע רעאַליטעט, אַן איינ־ציגאַרטיגע ערשיינונג, וואָס איהר וועט אונטערשיידען צווישען טויזענדער, הגם איהר קענט זי ניט דעפינירען מיט ווערטער. פאַר אייך איז דעם ליריקער'ס איינציגער קלאַנג פּונקט אַזאַ מין זיכערע רעאַליטעט, כאָטש צוגליעדערען און אַנאַליזירען זי איז פאַר אייך ניט מעגליך. איהר פיהלט דאָס פשוט, איהר ווייסט דאָס, איהר דערקענט דאָס — אָט דאָס איז לערמאָנטאָוו, אָט דאָס איז ביאַליק, אָט דאָס איז וואַלט וויטמאַן, אָט דאָס איז טאַגאָר. אָט דאָס איז זייער בעזונדערער אָטהעם און זייער בעזונדערער טאָן.

און דאָס פעהלט ביי יהואש'ען.

דאָס וויל ניט זאָגען, אַז איהר וועט איהם ניט אונטערשיידען פון אַנדערע. יהואש'ס שפּראַך און יהואש'ס מאַניר זיינען זיינע אייגענע. אָפטמאָל זיינען אויך די טהעמען אַזוינע, וואָס בעגעג־נענען זיך ניט ביי אַנדערע דיכטער. יהואש'ען וועט איהר דוקא דערקענען, ווי איהר דערקענט אַ פּובליציסט לויט זיין אייגענעם סטיל און ריטם און שפּראַך. אָבער דאָס וועט אייך נאָך אַלין ניט זיין קיין בעווייז, אַז יהואש ערשיינט אין זיינע ליעדער מיט זיין אייגענער, איינציגאַרטיגער נשמה.

אונז דאַכט זיך, אַז ס'איז דאָ צוויי יהואש'ס: איינער אַן אייגענער, זיינער, דער אַנדערער אַן אָפיציעלער. דער ער־שטער איז טיעף בעהאַלטען און איינזאַם. ער היט זיך צו דער־צעהלען דאָס אינטימע, וואָס איהם מאַטערט יעדע מינוט. ער איז אַ שווייגער. דער צווייטער ווייסט זעהר פיעל פון מענשען און לעבענס און איבערלעבונגען און דערצעהלט וועגען דעם דוקא

זעהר גערן, דערצעהלט מיט זיין אייגענער שפּראַך און אויף זיין אייגענעם שטייגער. דער ערשטער ליגט דערביי טיעף הינטען און הערט און שווייגט. ער אליין קלינגט זעלטען דורך דורך דעם צווייטענ׳ס טענער.

---

## II.

וואָס זשע: איז יהואש, הייסט עס, ניט קיין דיכטער? ניין. אַזאַ אויספיהר וואָלט געווען לחלוטין פאַלש. יהואש איז נאָר ניט קיין ליריקער אין׳ם אויבען־דערמאַנטען זין. יהואש ענטפּלעקט ניט זיך אליין. יהואש׳ס דיכטונגען זיינען ניט אַ פּראָצעס פון זעלבסט־ענטוויקלונג פון זיין אייגענער פּערזאָן.

אָבער דאָס איז אויך ניט נויטיג, כדי מיר זאָלען האָבען אַ ריכטיגען דיכטער. שטעלט אייך פאָר אַ מענשען מיט אַ גוט־ענטוויקעלטען אינטעלעקט, מיט אַ לעבעדיגער בעאָבאַכטונגס־קראַפט, מיט אַ פעהיגקייט צו פערשטעהן די בעוועגונגען פון מענש־ליכע נשמות. שטעלט אייך פאָר, אַז דער מענש בעזיצט אַ שעהנע בעגאַבונג צו דערצעהלען; וואָס ער האָט אויסגעפונען אין דער וועלט, און אז ער קלייבט אויס דאָס וויכטיגע, דאָס אינטערעסאַנטע, דאָס ווערטהפולע פון׳ם לעבען און דריקט אויס אין קלאַנגפולע ליעדער.

וואָס זשע? וועט דער מענש ניט זיין קיין דיכטער? וועט ער ניט ווירקען אויף אייער פאַנטאַזיע, אויף אייער איינבילדונגס־קראַפט, אויף אייערע געפיהלען? וועט איהר ניט לייענען מיט אינטערעס און אָפט מיט דאַנקבאַרקייט אלצדינג וואָס ער דער־צעהלט אייך?

אַזוינער איז יהואש. איהם פעהלט נאָר די צויבער־קראַפט צו ריידען פ ו ן ה א ר ץ צ ו ה א ר ץ. איהם פעהלט דער שליסעל, וואָס עפענט ווי דורך אַ געהיימען כח די מענשליכע נשמות. ער מוז פריהער אריינגעהן א י ן א י י ע ר מ ח, אין אייער פאַנטאַזיע, אין אייער פאָרשטעלונג — און ערשט פ ו ן ד אָ ר ט ע ן אין אייער הארצען.

אבער דאס פערקלענערט ניט זיין ווערטה און בעדייטונג אלס דיכטער.

יהואש זאגט ניט „איך פיהל", נאר „מען פיהלט". יהואש מעג אפילו שרייבען: „איך האב איבערגעלעבט", פערשטעהן וועט איהר עס שטענדיג אזוי, אז „עס טרעפען ביי מענשען אזוינע איבערלעבונגען". יהואש וויל אפילו ניט אי־בערצייגען אייך, אז דאס זיינען זיינע אייגענע לעבענס־מאמענטען.

ביי ערצעהלער, ביי נאוועלען־שרייבער זיינען מיר געוואוינט צו אזא ארט שאפען. מיר רופען דאן די שרייבער אביעקטיווע ערצעהלער. מיר אונטערשיידען זיי פון לירישע ערצעהלער. ביי דיכטער־קלאסיקער געפינען מיר אויך אפט אזא אביעקטיוויטעט. דאנטע אין זיין „געטליכער קא־מעדיע" איז א דיכטער־ערצעהלער. ער האט בעשאפען א פאנ־טאסטישע וועלט לויט דעם גלויבען און די פארשטעלונגען פון זיין צייט — און ער וויקעלט זי פאנאנדער פאר אונזערע אויגען. ער בלייבט דערביי ריינער מייסטער, ריינער אביעקטיווער שעפפער.

דאס אייגענע ביז א געוויסען גראד — אין געטהע'ס ליריק.

מיר, מאדערנע מענשען מיט צוריטעלטע נשמות, זוכען אב־קלאנגען, נאכקלאנגען, אקארדען. אונז איז וויכטיג די סטרונע, וואס ציטערט איין סעקונדע אויף איהר בעזונדערען אופן און פער־קלינגט. מיר ווילען כאפען די נשמה פון יעדער פערבייאיילענ־דיגער ערשיינונג; מיר געהען צו צו א דיכטער און ווילען אויס־זויגען איהם אליין, דאס בלוט פון זיינע אינטימסטע געפעסען.

יהואש לאזט אונז ניט צו. יהואש איז אביעקטיוו. יהואש איז קלאסיש־אויסגעהאלטען און קלאסיש־קלאר. יהואש ווייזט אונז א וועלט און צווינגט אונז אויפצונעהמען א וועלט. אבער די וועלט איז אן אביעקטיווע, אונזערע פונקט אזוי ווי זיינע.

יהואש איז דער אינטעליגענטער אינ־טערפרעטאטאר פון דעם מאדערנעם גע־פיהל־פולען מענשען.

ער האט אין זיך אלצדינג, וואס אן אויפגעקלעהרטער אינטע־ליגענט פון היינטיגער צייט פערמאגט. ער האט א פראגרעסיווע וועלט־ און לעבענס־אויפפאסונג און א בעזונדערען אינטערעס צו

די פּראָבלעמען פון׳ם מענשליכען דענקען; ער האָט א חוש צו געזעלשאפטליכע פראגען און א מיטגעפיהל צו די קעמפּפען און שטרעבונגען פון די פאָרטגעשריטענע סאָציאלע קרעפטען. ער אינטערעסירט זיך מיט דראמאטישע קאָנפליקטען און איבערלע־בונגען אין דער נשמה פון׳ם יחיד און ווייסט צו שעצען די טיפע פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען. ער האָט ליעב צו בעאָבאַכטען די נאַטור און געפינט אין איהר א קוואל פון פערגעניגען. ער ווענדט זיך אָפט צו דער געשיכטע און זוכט דאָרט אויס אינטערעסאנטע, אָפטמאָל פּאַקענדע מאָטיווען. און וואָס ער זעהט און הערט און פערשטעהט, פערקערפּערט ער אין ליעדער. די ליעדער זיינען לויט זייער אינהאַלט רייכער און פערשיעדנאַרטיגער און בעלעה־רענדער, איידער די ווערק פון אנדערע אידישע דיכטער. די פאָרם איז אָן אויסגעהאַלטענע, די ריטמען — פערשיעדענאַרטיג.

די ליעדער זיינען נאָר ניט קיין נר־תמיד צום אנדענקען פון איי גענע ליידען און זוכענישען און וועהען.

מיר האָבען אויבען געברויכט דאָס וואָרט „פּובליציסט“. דאָס איז ניט געוועזן צופעליג. שטעלט אייך פאָר א ציימונגס־שרייבער, וואָס איז פערפליכטעט צו שרייבען יעדען טאָג א לייט־אַרטיקעל פאַר זיין צייטונג. זאָל דער מענש זיין אַן אמת׳ער פּובליציסט, דאָס הייסט א מענש מיט א וווירקליכען אינטערעס צו געזעלשאפטליכע פראגען און מיט א פעהיגקייט צו ווערען בעריהרט פון יעדער געזעלשאפטליכער פּאַסירונג, איז וואָס ער וועט שרייבען, וועט עס זיין אויפריכטיג, וועט זיין זיין טיעפע איבערצייגונג. אָבער דאָך וועט איהר זאָגען, אַז ער איז א פּראָ־פעסיאָנעלער שרייבער. ער איז מחויב זיך אָב־צורופען אויף אַלצדינג, צו ער וויל, צו ער וויל ניט.

יהואש איז אזא פּראָפעסיאָנעלער דיכטער. ער פערצייכענט אַלצדינג, וואָס עס בעגעגענט זיך איהם אין לעבען. זיינע טהעמען זיינען אזוי רייך, ווי זיין לעבענס־ערפאַהרונג. אַלעס צוזאַמען בילדעט די טיפּישע אינוועניגסטע וועלט פון א היינטיגען אינ־טעליגענט.

## III.

ס'איז דאָ ביי יהואש'ען אַ ליעד „שטערען־שימער". דאָרט דערצעהלט ער, ווי יעדע נאַכט, איידער ער לעגט זיך, טרינקט ער זיך אָן מיט דער שטילקייט פון די שטערען, ווי מיט אַ זיסען שלאָף־געטרענק. ער זאָגט נאָכדעם:

ס'אויג מיינס שעפּט גערהאנקען נייע
פון דעם גאָלד־בעשפּריצטען תהום,
און די זעעל זיך קלעהרט און רייניגט,
טובל'ט זיך אין בלאָהען שטראָם...

פריהער „נייע גערהאנקען" דורך דעם אויג'ס קוקען; נ אָ כ־ד ע ם ערשט די נשמה. דאָס איז העכסט כאראקטעריסטיש פאַר יהואש'ען. דאָס איז יהואש.

די גאַנצע וועלט — מאַטעריאַל פאַר בעטראַכטונג, פאַר רע־פלעקסיע.

ווען יהואש רעדט וועגען אַ דיכטער, וואָס האָט ניט קיין טאַלאַנט („וואו גלויבען העלפט ניט"), זאָגט ער, אַז ס'פעהלט איהם „אַ זאמר טאַלאַנט — אַ ט ר י ף פ ו ן מ ח ־ ז א פ ט" (ניט אַ טריף פון ה א ר צ ע נ ס ־ בלוט, נאָר אַ טריף פון „מח־זאפט"). ווען דער דיכטער דערפיהלט איינמאָל די נשמה פון'ם אַלטען בוים און שפּירט אַ מערקווירדיגע נאָהענטקייט צו דעם דאָזיגען נייעם פריינד, דערצעהלט ער:

און דאַן האָב איך צום ערשטען מאָל
דערהערט, ווי ס'רעדט דער בוים...
דערהערט, ווי ס'פרעגט דער בוים
ביי מיר די סודות פון דער מענשען־וועלט...
דערהערט, ווי ס'זוכט דער בוים
אַ פריינדליך וואָרט צו זאָגען מיר...

בעמערקט: פריהער פאר אלץ וויל דער בוים וויסען „ד י סודות פון דער מענשען־וועלט". נאכדעם ערשט זאָגט ער דעם דיכטער אַ פריינדליך וואָרט.

עס איז דעריבער פערשטענדליך, וואָס די גרעסטע קללה אין יהואש'ס אויגען איז — זעהן די וועלט קאַפויר, ניט קענען זי אויפ־נעהמען ריכטיג.

ער האָט אַמאָל, דערצעהלט ער, שמערץ געזוכט, נאָך אַ טראַ־פען קומער־טהוי געבענקט. זיין בעגעהר איז ערפילט געוואָרען. געקומען דער שמערץ, אָבער ניט סאַמעט־ווייך, נאָר „אָבגעצעהרט און ביינערדיג און בלייך".

גערקומען איז דער שמערץ אכזריות'דיג
און האָט מיך ווי זיין קרבן אָנגעבליקט,
זיין אָטהעם איז געוועזען מתים־הויך,
און באַלד מיר האָט זיין האנד די ברוסט צופליקט...

און איינגעפלאַנצט דאָרט קרייטער ביטערע,
וואָס האָבען מיך פערגיפטעט און אלץ ארום
און אנגעשטעלט דאָרט שפּיגלען טייוועלשע,
וואו ערד און הימלען שפּיגלען זיך אָב קרום.

(„דעם לעבען'ס בשמים").

פאר יהואש'ען איז באמת ניטאָ קיין גרעסערע שטראָף, ווי אָנהויבען זעהן די וועלט דורך אַ קרומען שפּיגעל. ער איז דאָך ניט אַזוי ווי אנדערע דיכטער. אנדערע קוקען דורכ'ן געפיהל. ער פיהלט דורכ'ן קוק. אנדערע געהען ארום מיט אָפענע הערצער. ער געהט אַרום מיט אָפענע אויגען.

און עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז ביי אַזאַ געמיטהס־צושטאַנד דאַרף זיך יהואש ספּעציעל אינטערעסירען מיט די פּראָ־בלעמען פון דענקען, פון אויפפאַסונג, מיט דער בעציהונג צווישען דענקען און „זיין", מיט דעם גענענזאַץ צווישען סוביעקט און אָב־יעקט. זעהען מיר טאקע, ווי ער קעהרט זיך אום אלץ פון דאָס ניי צו די דאָזיגע פראגען. דאָ ווערט זיין ערנסטע שפּראַך נאָך ערנ־

סטער, זיינע אויסדריקען שטארק און פול מיט בעזונדערער ווירדע. אט ערקלעהרט ער:

מעגסט טויזענט לאנגע טעג און נעכט
זיך גראבען און זיך גריבלען אין דיין זינען,
די האנד וואס טרייבט דיך, ווי א בלינדען קנעכט—
זי וועסטו מיט דיין פארשען ניט געפינען.

אט לאכט ער פון די, וואס ווילען „דורכברעכען די שאלעכץ“, זעהן דעם אמת „ניט ווי ער שיינט און שלאגט זיך אב אין קרומען מענשען־זינען“. נאר אריינדרינגען אין זיין קדשי־קדשים, דער־קענען די וועלט אן זיך. ער פערגלייכט אזא פארשער צו יענעם האהן,

וואס שטעהענדיג אנטקעגען גלאטען שפיגעל
דערזעהט זיין אייגען בילד מיט קאם און פליגעל
און בויגט זיך הינטער'ן שפיגעל־גלאז דעם קאלטען,
צו זעהן דעם האהן דעם אמת'ען בעהאלטען.

(„דער גבול“).

אט פערטראכט ער זיך, צו קען מען אויפבויען א פאלקאמע וועלט־אנשויאונג אהן א גאט, און קומט צום אויספיהר, אז דאס איז אונמעגליך. („שכל במקום גאט“). אט אונטערזוכט ער דעם כאראקטער פון דעם רעליגיעזען גלויבען און געפינט, אז דער טריעב צו דערקענען גאט — דאס איז גאט אליין.

דיין האנד, וואס טאפט אין פינסטערניש,
דאס איז זיין האנד;
דער פאקעל, וואס דו זוכסט מיט איהם,
דאס איז זיין בראנד...
און מיט זיין שטים
בלויז רופסטו איהם...

(„גאט־זוכעניש“).

אַט בעטראַכט ער דעם ענדערונגס־קרייז פון דער מאַטעריע אין דע וועלט־אַלל און געפינט, אַז עס איז דאָך דאָ אַ שטענ־דיגעס אין דער אונענדליכער בעוועגונג:

דאָס גאַנצע איז פון תמיד גאַנץ,
און גלייך איז אייביג דער בילאַנץ
אין רוהלאָזען חלקים־טאַנץ,
וואָס פלעכט און בינדט זיך טויזענד־אַרטיג,
און ס'בליהט און ס'שטאַרבט, ווערט ניי און אַלט—
וואָס תמיד איז פאַלקאָם און פאַרטיג,
(„ביים טויער פון לעבען").

אַט וואַרפט ער נאָר אַ בליק אויף דעם לעבען אין אַלגעמיין און געפינט, אַז דאָס איז

אַ וואונק
פון דער אייביגקייט'ס אויגען...
אַ פונק
צו דעם פייער געצויגען...

אַ שפּריץ,
וועלכער לעכצט צו דעם ברונען...
אַ בליץ
פון פערגעהענדע זונען...
וואָס תמיד וועט זיין ווי געוועז.
(„ליבען"...)

און אַזוי געהט ער אַרום און טראַכט און איבערלעגט און צווייפעלט און פערענטפערט און פרעגט ווידער, און די אַלע זו־כענישען זיינע בעקליידט ער אין קלינגענדע פערזען, און טראַגט דערמיט אַריין אַ נייעם טאָן אין אונזער פּאָעזיע, אַ טאָן פון ער־קענטניס־רעפלעקסיע און מעדיטאַציאָן, וועלכע איהר געפינט אַזוי אָפט אין דער פּאָעזיע פון אַנדערע פעלקער און וועלכע מיר האָבען ביז יהואש'ען ניט בעגעגענט ביי אידישע דיכטער.

נאך א מאל: יהואש איז א מאדערנער מענש און שרייבט פאר דעם מאדערנעם אינטעליגענט, און ווייסט, וואס דעם דאזיגען אינטעליגענט טהוט וועה, און רעדט מיט דער שפראך פון דעם דאזיגען אינטעליגענט.

עס פערשטעהט זיך, אז וואו רעפלעקסיע פערנעהמט דעם אויבען־אן, וואו בעטראכטונג הערשט, וואו די ווירקונג איז אויסגערעכענט אין ערשטער ליניע אויף דעם אינטעלעקט, דארט דארף אלעגאריע פערנעהמען א בכבוד'יגען פלאץ, אלס א מיטעל צו ערקלעהרען און איבערצייגען.

יהואש איז דעריבער טאקע איינער פון אונזערע בעסטע אלע־גאריסטען. אויבען האבען מיר געזעהן די געלונגענע אלעגאריע מיט'ן האהן פאר'ן שפיגעל. אין זעהר פיעל אנדערע ליעדער ווענדט ער זיך צו דעם זעלביגען מיטעל. ער וויל דערצעהלען, ווי א מענש האט אין לעבען ביסלעכווייז אנגעווארען זיין גלויבען, זיין שטאלץ, זיין „איך", דערצעהלט ער ווי א שיפעלע איז ארויס אויף דעם ים (א לעבענס־שיפעל איז ארויס אין ים־אוקינוס פון דער וועלט"), פול מיט האפנונג און מוטה, און ווי דער ים האט אנגעהויבען ווארפען דאס שיפעלע, פליקען זיינע זעגלען און פערלאנגען אלץ מעהר און מעהר פון זיינע אוצרות; דאס שיפעלע האט געגעבען,

און ווען עס האט ניט מעהר געהאט —
אהן מאסט, אהן זעגעל, ארעם, לעער,
צושמעטערט האט דער שטורעם עס,
און איינגעשלונגען האט דאס מעער.
(„א לעבענס־שיפעל")

אפט זיינען די אלעגאריעס אויסגעצייכענט. א פראכטפולען איינדרוק מאכט אזא ליעד, ווי „שפעטע בלומען": געפוילט האבען אין הארצען די בלומען פון דער יוגענד, די שפראצונגען פון גליק; געפוילט און פערשפרייט א גיפט־גערוך,

דאך בלומען־קערנער זיינען
געוועזען טיעף בעגראבען,
און נייע שטענגעלעך איצטער
גענומען שפראצען האבען...

ווי גיב איך זיי אַ נאָמען —
די שפּעטע ווינטער־זאַנגען ?
זיי רייצען ס'אויג, דאָך וועקען
אין ברוסט ניט קיין פערלאַנגען...

אפּט זיינען אָבער די אַלעגאָריעס שוין צו טרוקען, צו פּראָ־זאַאיש. ווי אַ שטייגער, דער פערגלייך צווישען אַ צובראָכענעם זייגער און אַ מענשען, „וועלכער האָט זיין אמונה אָדער זיין ליע־בע בעגראָבען“ (פּראָלאָג צום צווייטען באַנד „נייע שריפטען“), אָדער ווי די אַלעגאָריע „לויטער הכנות“ מיט איהר ערקלעהרונג, אַז

„דער מענשליכער גייסט צו אַ פּיעדעל איז גלייך,
דאָס לעבען איז גלייך צו אַ נגון,
ניט אַלעמען אָבער געלינגט אין דער צייט
די ריכטיגע טענער צו קריגען“.

דאָס איז שוין גאָר ניט קיין בילד, נאָר אַ פּשוט'ער משל מיט אַ נמשל.

---

IV.

יהואש איז אָבער ניט נאָר אַ בעאָבאַכטער און מעדיטאַטאָר. יהואש רופט זיך אָב אויף אַלצדינג. יהואש נעהמט זיינע טהעמען פון די פערשיידענסטע געביטען. נאָר איין זאַך וועט איהר ניט געפינען : בענקשאַפט. אמת, אין זיין לעצטער זאַמלונג „אין זון און נעבעל“ זיינען דאָ צוויי ליעדער, וועלכע טראָגען זאָגאָר דעם נאָמען „בענקעניש“. אָבער גראַד זיי זיינען אַ בעווייז, אַז ס'איז ניטאָ ביי איהם דער אונבעשטימטער ציטער, דער זיסער נאָגענ־דער שמערץ, דער צאַרטער זיננענדיגער האַרץ־וועה, וועלכער קען זיך ניט אויסדריקען אין ווערטער און וועלכער זוכט זיין פער־

קערפערונג אין מוזיק און אין מוזיק־עהנליכע לירישע ליעדער. ביי יהואש'ען איז אלצדינג בעשטימט, קלאר בעוואוסט, און אלעס קען ער אויסדריקען אין לאגישע זאצען. אויב ער בענקט — איז דאס נאך דער געליעבטער, וועלכע איז פאר־א־יאהרען געווען און איז היינט ניטא. ער געהט ארום איבער'ן פעלד:

„דאס זעלביגע פעלד און דער זעלביגער שטעג,
מיר גלוסט זיך א קארן־בלום נעהמען...
זי פאסט אזוי שעהן צו א ווייסען געוואנד...
איך פליק זי אראב, און איך האלט זי אין האנד,
און... געבען זי האב איך ניט וועמען...

די בענקשאפט איז אן אלגעמיינע, אן אלגעמיין־מענשליכע, ניט עקסטרא יהואש'ס. עס איז ניט לערמאנטאוו'ס: „א ווייסער זעגעל טראגט זיך איינזאם אין בלאהען נעבעל־טהוי פון מעער"; עס איז ניט פרץ'ס „צוריק אין דער אלטער היים", וואו פון יעדער שורה רעדט און קלאגט זיך און שלוכצט דער „איינציגער" פרץ, איינער אן אונגליכער צו מיליארדען געוועזענע און פערהאנענע און צוקונפטיגע מענשען; דאס איז ניט איינהארן'ס „בעריאזקעלע" — מיט איהר אייגענער, בעזונדערער תפלה. דאס איז אלגעמיינע, ניט־פערזענליכע ליריק. דאס איז, קען מען זאגען, אביעקטיווע ליריק. „אט אזוי פיהלען מענשען"...

און מיט דער זעלביגער אביעקטיוויטעט געהט יהואש צו צו דער נאטור — איינער פון זיינע בעליעבטעסטע טהעמען. ער מיט דער נאטור האט נאר דאס פערהעלטניש פון א בעאבאכטער צו אן אביעקט. זי עקזיסטירט פאר זיך, דער דיכטער — פאר זיך. זי עפענט איהרע וואונדער — ער בעטראכט זי און דערצעהלט, וואס ער האט געזעהן.

עס פערשטעהט זיך, אז ער בלייבט ניט גלייכגילטיג צו דער שעהנקייט פון דער נאטור. דער ים דערוועקט אין איהם געפיהלען פון קראפט און מוטה; דער הערבסט רופט אין איהם ארויס א טרויער, א יתום־געפיהל; דער זומער־טהוי בענשט איהם מיט לע־בען און געזונטקייט. אבער ער גיסט זיך מיט דער נאטור ניט

צונויף. ער ווערט ניט אויפגעלעזט אין איהר און לעזט זי ניט אויף אין זיך. איהר זעהט איהם קיינמאל ניט ליגענדיג צוגעפאלען מיט דער ברוסט צו דער מוטער־ערד אין עקסטאטישער הינגעבונג.

יהואש אינמיטען דער נאטור פיהלט זיך ווי א צושויער אין טהעאטער. ער בעמערקט יעדע קליינינקייט. ער האט הנאה פון דעם פארבען־שפיעל, פון דעם פארמען־רייכטהום, פון יעדער נייער ענדערונג אין די דעקאראציעס. ער דערצעהלט, וואס ער בעמערקט, און זיינע בילדער זיינען פריש, לעבעדיג, פול מיט ניואנסען. ער האט א בעזונדער אויג פאר די מיסטעריען, וואס שפיעלען זיך אב צווישען הימעל און ערד (זעה זיין וואונדערבארע אידיליע „ליל שמורים“, אדער דאס שעהנע ערשטע ליעד פון דער סעריע „וואסער־שפיגעל“). אבער אלע מאל האט איהר די עמפפינדונג, אז ער איז געקומען אהער קוקען. עס איז פאר איהם א פערגעניגען. עס קומט איהם. ער זוכט ניט. ער האט אלעס. ער איז דער בעהערשער, דער בעזיצער.

זיינע נאטור־בילדער, אלס מאהלערייען, אלס בעשרייבונגען, זיינען אפט רייצענד. אזוינע שעהנע ליעדער ווי „די ביהן“ (אין זיין ערשטער זאמלונג) אדער ווי „דאס טייכעל“, אדער ווי „בארג און אקעאן“ זיינען אמת'ע מייסטערווערק.

א בעזונדערע ליעבע האט יהואש צו טיטאנישע בילדער, צו סצענעס פול מיט שטורעם און בעוועגונג: בערג־געוויטער, וואולקאן, ים, דאס יאגען פון כמארעס איבער'ן הימעל, די שנעע־זאווערוכע — דאס אלעס געפינט ביי איהם א שטארקען, קראפט־פולען אויסדרוק, ווי איהר וועט דאס ניט טרעפען ביי אנדערע דיכטער.

אזא ליעד, ווי דער „טהורעם־מאן“, בלייבט איינגעקריצט אין זכרון. דארט האט איהר אזא בעשרייבונג פון'ם ים ארום טהורעם:

ארום איהם רוישט א קריעגס־געזאנג
דער ים מיט שווארער וואוטה;
ארום איהם בייטשט דער וועלט־געדראנג
דעם נאכט־שד'ס שטורעם־רוט.

אָדער אין דעם „ניט געזונגענעם ליעד“ די שילדערונג פון'ם שטו־רעם,

„ווען ס'רייסט די שווארצע קודלעם פון דער נאכט
דעם שטורעם־וועכטער'ס לויז־געלאָזטע מאכט;
ווען ס'ברעכט זיך אָב פון קייט דער אוראגאַן
און בייטשט מיט לאַנגע בליצען זיין געשפּאַן,

און וואַרפט זיך אויף די הויכע פעלזען־ווענד
און וויעגט די בערג אויף זייער פונדאמענט,
און ווירבעלט צווישען ערד און הימעל,
בעגלייט פון דונער'ס קראַך־געטימעל...

און אַזוינע בילדער בעגעגענען זיך ביי יהואש'ען ניט זעלטען.
אָבער דער בעאָבאַכטער און מעדיטאַטאָר פערלאָזט איהם אויך דאָ קיינמאָל ניט. אלס אַזעלכער בענוצט ער אויך דאָ ניט זעלטען אַלעגאָריעס אַנשטאָט סימבאָלען. קענט איהר ביי איהם בעגעג־נען אַז אויסדרוק: „אויף דעם הימעל'ס באַקען ברענט דער ערשטער פרישער מאָרגען־קוס“ (פּראָלאָג צו דער סע־ריע „פון באַרג און טהאַל“); קען ער זיך אויסרעדען וועגען די רעגען־וואָלקענס, אַז זיי זיינען אָנגעלאָדען פול מיט גנבות פון די טייכען און די ימים“. אָפט זיינען אָבער די אַלעגאָריעס פון דער נאַטור געלונגען. אַזוי איז בעזונדערס דאָס זיעבעטע פון דער סעריע „זומער־נעכט“: די שטערען גלאַנצען פון'ם הימעל; דער וואַלד טראַכט: זיי מיינען איהם; דער טייך טראַכט: זיי ווינקען צו איהם;

נאָר די הויכע בערג אין מערב
שטעהען פינסטערע און שטום,
ס'ווינקלען בלויז צו זיי די שטערען,
דאָך זיי קוקען זיך ניט אום...

קענען ניט די זון פערגעסען,
גרויס און פייעריג און שעהן,
און די בלאַסע שטערען זעהען
אַזוי אָרים אויס און קליין...

און אויך אין די נאַטור־שילדערונגען פלעכט יהואש אריין אַלגעמיינע בעטראַכטונגען וועגען לעבען, וועגען ווערען און פער־געהן, וועגען שיקזאַל פון מענשען און פון דעם וועלטאַל.

אַט איז „ראש השנה לאילנות“, אַ יום־טוב ביי די ביימער. דער וואַלד איז אַנגעטהאַן אין ווייסע ראש־השנה־קליידער, דער הימעל האַט זיך פרעהליך אויסגעלייטערט. דעם דיכטער קומט אויפ'ן געדאַנק יענע שיכות.

וואָס פערבינדט דעם קלוגען מענשען
מיט די פלאַנצען און די ביימען,
מיט די גראָזען און די בלומען,
וואו עס פליסט דאָס זעלבע לעבען,
ווי אין איהם, נאָר אַהן אַ לשון...
אַהן אַ לשון און אַהן ווערטער,
אין אַן אייביגער בעוועגונג,
וואָס אַמאָל אַ שטאַפעל העכער
אויף דעם לייטער פון ענטוויקלונג.

יהואש דער בעטראַכטער בלייבט געטריי זיך אַליין.

---

## V.

צווישען יהואש'ס ליעבעס־ליעדער איז פאַראַן איינס מיט'ן נאָמען: „רענדלעך פאַר פרוטות“. דער דיכטער דערצעהלט זיין בעציהונג צו אַ פרוי, וועלכע האָט ניט געקענט אָבשאַצען די אוצרות פון זיין נשמה. ער האָט געצאָהלט דאָס טייערסטע — און גע־קלעקט וואָלט דאָס ביליגסטע; ער האָט געצאָהלט לויטער גאָלד דאָרט וואו זילבער וואָלט אויך געווען צו פיעל. ס'איז געווען אַ שפּיעל פון גראָשענס — און ער האָט איינגעשטעלט גאַנצע דו־קאַטען. און ער ווענדט זיך צו „איהר“ מיט אַזוינע ווערטער:

און דו, צו פרוטות בלויז געוואוינט,
האָסט רענדלעך ניט געקענט דערזעהן,
און ס'איז מיין בעסטער דימענשטיין
ביי דיר אַ גלאָז־קאַרעל געווען.

דו האסט פערברויכט ניט וויסענדיג
אלס קופער־קליינגעלט מיין דוקאט.
געוואונען דו האסט גארניט, איך —
פערלארען אלץ, וואס כ'האב געהאט...

איהר לייענט איבער דאס ליעד — און איהר זייט ניט בע־פריעדיגט. וואס פעהלט? ס'איז דא אין די פיער סטראפען אי א אינטערעסאנטער פסיכאלאגישער מאמענט, אי, אויב איהר ווילט, א געוויסע ערנסטע שטימונג; די אויסדרוקס־פארם איז ניט שלעכט. די קורצע ווערטער זאגען אפילו מעהר, ווי עס איז ענט־האלטען אין זייער דירעקטען זין, — און דאס איז דאך חאראק־טעריסטיש פאר לירישע ליעדער.

דאכט זיך, גוט? און פונדעסטוועגען פעהלט עפעס פארט. עס זינגט ניט. עס ריהרט אייך ניט. עס געהט ניט אריין אין אייער נשמה. עס איז ניט מעהר, ווי א ב ע ר י כ ט וועגען א פסיכאלאגישען פאקט.

איהר לייענט דאס נאך אמאל: יא, ריכטיג. אזוינס פא־סירט אין לעבען. מיט א דיכטער מוז דאס, מסתמא, נאך עפ־טער פאסירען, ווי מיט געוועהנליכע מענשען. ס'איז דערצעהלט ניט שלעכט. עס ד א ר ף דערצעהלט ווערען.

אבער... איהר בלייבט קאלט. עס רופט ניט ארויס אין אייך קיין הארמאנירענדען אבקלאנג. אלע סטרונעס פון אייער האר־צען בלייבען שטיל. קייז איינציגער ציטער.

אזוי זיינען אלע יהואש'ס ליעבעס־ליעדער.

איהר וואנדערט צווישען זיי ווי צווישען א וואלד פון אויס־געטריקענטע ביימער. איהר וואלט געוואלט דערזעהן חאטש איין בלימעל, חאטש איין לעבעדיג וויברירענדיג צווייגעל. איהר וואלט געוואלט דערהערען חאטש איין אויפריכטיגע שטימע: זאל דאס זיין פרייד, זאל דאס זיין פיין, זאל דאס זיין צארן.

אבער ניין, אלעס אזוי טרוקען!... דער דיכטער וואלט זיך
א פרויען־געשטאלט פון דמיון געשאפען,
מיט אויגען ווי בלאהע סאפירען,
און גאלדענע לאקען, וואס פלעגען דעם פנים
ווי ליכטיגע וועלען פערצירען...

און ווי אַט די פרויען־געשטאַלט מיט די בלאָהע אויגען און גאָלדענע לאָקען איז אַן אַבסטראַקטע, אַ לעבלאָזע בעשעפעניש, אָהן אינדיווידואַליטעט, שיער־שיער ניט אַ דעקעל־בילד צו אַ קעס־טעל קאָנפעקטען, — אַזוי איז די גאַנצע ליעבעס־ליריק יהואש'ס אַבסטראַקט, ניט דורכגעשטראַהלט מיט אויפריכטיג אייגען גע־פיהל.

אַט איז אַ טיפּישער ביישפּיעל:

זי לאַכט ניט און שמייכעלט גאָר זעלטען,
נאָר שמייכעלט זי—מיין איך, אַז וועלטען
גאָר נייע ענטפּלעקט מיר איהר בליק;
זי שווייגט אַזוי אָפט, אַבער רעדט זי —
מיט איטליכען וואָרט איהרען גלעט זי
מיין זעעל, ווי מיט זאַנפטער מוזיק...

וויפיעל מאָל האָט איהר געהרט דעם מאָטיוו? ווער האָט איהם ניט איבערגע׳חזר׳ט?

איהר וועט זאָגען: אַזוי איז שוין דער מזל פון ליעבעס־מאָטיווען: זיי זיינען אַן אַלטע געשיכטע און בלייבען אייביג ניי. דאָס איז אמת. אַבער יעדער דיכטער דאַרף די דאָזיגע וועלט־געשיכטע איבערדערצעהלען אויף זיין אייגענעם שטייגער, אריינ־טראַגען זיין אייגענע אינדיווידואַליטעט, לאָזען קלינגען זיין איי־גענעם טאָן. ליעבעס־ליריק איז, דאַכט זיך, די נעהענטססטע צו מוזיק. אונז אינטערעסירט אין איהר ניט דער „וואָס", נאָר דער „ווי", ניט די פּסיכאָלאָגישע ערשיינונג אַליין (וועלכע איז אַ מי־ליאָן מאָל בעשריבען געוואָרען אין אַ משך פון עטליכע טויזענד יאָהר), נאָר די בעזונדערע פאַרבונג פון דער ערשיינונג.

און אַט דאָס פעהלט גראָד אין יהואש'ס ליעבעס־ליעדער. יהואש'ס „אָביעקטיוויטעט" האָט איהם דאָ אָבגעשפּיעלט אַ שלעכטע שפּיעל. זיינע ליעבעס־ליעדער זיינען די ערגסטע צווישען אַלע זיינע ווערק.

אין דעם ערשטען באַנד פון זיינע געזאַמעלטע ליעדער, אין דער אָבטהיילונג „בלומען און דערנער", געהען אריין פינף און פערציג ליעבעס־ליעדער. זיעבצעהן מאָל בעגעגענט איהר אין דער

דאזיגער קאלעקציע אזוינע אויסדרוקען, וואס האבען א שייכות צו פ י י ע ר: „צופלאמטע“ הארץ, „זודיגער קוואל פון יסורים“, „הייסע פערלאנגען“, „קאכיגער ברונען“, :צעשמאלצענע לאווא“, „צעברענט פון ליעבע“, „צאפלען אין פלאמען“, „צופלאקערטע ברוסט“, א ליעבע ווי די „תמוז־זון“, א „קאלטער בראנד“ און אז. וו., און אז. וו. אין 45 ליעדער גאנצע 17 „פלאמען“! וואס בע־ווייזט דאס? אז ניט קוקענדיג אויף דער רייכקייט פון זיין שפראך, זיינען די ב י ל ד ע ר יהואש'ס, ווען עס האנדעלט זיך וועגען ליעבע, גענוג ארים. (אגב, די זעלביגע „פלאמען“ בעגעגענט איהר אויך אין די אנדערע בענד פון זיינע ליעדער). זיין פאנטאזיע מאכט ניט ל ע ב ע ד י ג דאס, וואס ער מאלט. עס דאכט זיך אפט, אז ער שרייבט ליעבעס־ליריק ווייל ער מ ו ז, ווייל ווי קען דאס זיין א ליריקער אהן ליעבע.

און עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז אזוי ווי ער געפינט זיך דא ניט אין זיין עלעמענט, פאלט ער אריין אין א ניט־ריכ־טיגען טאן, געברויכט ער אפט אזוינע, — ווי זאל מען דאס זאגען? — צ ו פשוט'ע, צ ו וואכעדיגע ווערטער, וואס פאסען גאר ניט פאר יהואש'ען. ווען ניט ווען — אבער עס טרעפט, אז ער רעדט מיט א גאסען־שפראך.

אט איז, למשל, דער אנהויב פון א ליעד „ליעבע'ס הבטחות“:

צו וואס נאך שווערען, ליעבינקע?<br>
די קוסען דיינע ריידען;<br>
צו רעדט מען פון א י ע נ ע וועלט,<br>
ווען מ'איז שוין אין גן־עדן?...

צו וואס מיר שושקען האלב פערשטיקט,<br>
אז דו וועסט טריי זיין אימער?<br>
איצט האב איך דיך דאך לייב און זעל,<br>
דו זיסעס פרויענצימער!

אט דאס „זיסעס פרויענצימער“ אליין איז גענוג, אז עס זאל, ווי א לעפעל דזיעגעכץ, א תל מאכען פון א גאנצען פאס האניג,

שוין ניט ריידענדיג וועגען די איבעריגע שורות פון דעם ליעד. איך וויים אסור ניט, צו מען קען ריידען אין אַ ליעבעס־ליעד מיט אַזאַ ציימונגס־רעפּאָרטער־שפּראַך:

דיין ליכטזין, דיין פאַלשקייט פערגעס איך,
די עולות וואָס דו האָסט געטהאָן מיר,
פערגעס גאָר די טעג און די וואָכען,
וואָס דו האָסט בעגאַנגען זיך אַהן מיר...

VI.

אָבּט וויל יהואש זיין וויציג, שטיפעריש, אָבער דאָס גע־לינגט איהם נאָך וועניגער.

סוף כל סוף זיינען שוין אינטערעסאַנטער די יעניגע פון זיינע ליעבעס־מאָטיווען, וואו ער וויל אוועקשטעלען די אָדער יענע פּסי־כאָלאָגישע פראַגע. קיין לעבען איז אין די אויך ניטאָ, אָבער זיי וויזען האָטש ארויס קאָפּ־ארבייט און צווינגען אייך זיך אָבצו־שטעלען אויף זיי. אַזוי איז, למשל, דאָס ליעד „גאָלד און פּסולת“. וואו דער דיכטער וויל אַנאַליזירען דעם מערקווירדיגען קאָמפּלעקס פון געפיהלען, וואָס רופט זיך „ליעבע“:

פערשמאָלצען האָט איין איין מעטאַל
אַ ווילדער וואַהנזיניגער ברען
דעם הערעצנ'ס ריינע גאָלד מיט אַל'
די פּסולת, וואָס איז דאָרט געווען.

פערבלענדטע לוסט האָט ניט צושיידט
גן־עדן־ליכט פון גיהנם־בראַנד,
און מיסט און פּערעל ווילדערהייט
צונויפגעמישט מיט פיעבער־האַנד.

דא איז חאטש דא יהואש'ס מאניר און יהואש'ס סטיל. דאס זעלביגע מיט אזוינע געלונגענע ליעדער, ווי „נאכוועהעניש" אדער „בלומען־גיפט" (ערשטער באנד פון די „נייע שריפטען").

זיך אליין געפינט יהואש אין אזוינע ליעדער, ווי „פערגענגליכקייט". ניטא שוין דער זינגער, וועלכער וויל רעדען מיט א געפליגעלטער, קאפריזנער שפראך, וועלכער וויל זיין אי לייכט, אי גראציעז, אי שטיפעריש, אי ערנסט, אי שפאטיש, אי ביטער, און דערביי שטענדיג טיעף. ניטא דער מאן, וועלכער וויל מעלאדיש דערצעהלען וועגען זיינע ליעבעס־וועהען און ליעבעס־טרוימען. געבליבען דער בעטראכטער, דער מעדיטאטאר.

ער האלט אין זיינע ארעמס די געליעבטע: ברוסט צו ברוסט, ליפ אויף ליפ, ביידע איין נשמה, איין ענטציקטער שטראהל. אבער — „ס'פאלט א שאטען אויף זיין פרייד". ער טראכט, ווי שנעל אלעס מוז פערגעהן, ניט בלויז די יוגענד, נאר אויך דאס לעבען, ווי אלעס מוז פערשווינדען אין דעם גרויסען תהום פון א ל ס און נ י ש ט, פון וועלכע א בלינדע שיקזאל־האנד האט ביידע ארויס־געשפריצט.

און מעסטענדיג דעם קליינעם קורצען שפאן
פון „איך"־לעבען, פון ליעבע, וועה און פרייד,
מיט דער אונענדליכקייט, וואס הינטער אונז,
מיט יענער, וועלכע פאר אונז זיך פערשפרייט,

בעדויער איך דיין יוגענד און דיין חן,
און גלעטענדיג דיין גליהענדעס געזיכט,
שוין שפירען מיינע פינגער, ווי דער פראסט
פון טויט און ניט־זיין דורך אונזביידען קריכט...

און ס'לעשט זיך די ענטציקונג אין מיין בליק.

דא איז יהואש אין זיין עלעמענט.

עס איז איבעריג צו ריידען, אז אויך אין די ליעבעס־ליעדער ארבייט ער מיט דעם געצייג פון אלעגאריעס. פערגלייך כאטש־בי „גאלד און פסוסת" אדער „רענדלעך פאר פרוטות"...

מיר האבען שוין געזאגט: יהואש איז א פראפעסיאנעלער

דיכטער. אַלס אַזעלכער מוז ער זינגען פון ליעבע, חאָטש דאָס איז ניט זיין פאַך. און אַלס אַזעלכער מוז ער זיך אַלע מאָל אומקערן צו דער אידישער לעגענדע, אַבוואָהל ער איז לויט זיין גאַנצען אַרט שרייבען ניט מסוגל צו בעאַרבייטען לעגענדען.

ניט יעדער דיכטער קען דאָס. עס דאַרף זיין עפּעס קינדערשעס אין דעם מענשען, וואָס נעהמט זיך שרייבען אין דעם גייסט פון פאָלקס־גלויבען און פאָלקס־פאַנטאַסטיק. ער דאַרף אַליין זיין ענטציקט פון די בילדער, וואָס דאָס פאָלק מאָלט זיך; ער דאַרף קענען לעבען צוזאַמען מיט'ן פאָלק, דורכגעדרונגען ווערען מיט דעם פאָלק'ס גייסט. ער דאַרף דערצו נאָך פערמאָגען אַ בעזונדערע פעהיגקייט צוצופּאַסען זיין שפּראַך צו דעם אינהאַלט. די שפּראַך דאַרף זיין נאַאיוו, חנ'עוודיג, ווייך, בויגיג, פול מיט דעם בעזונדערען ראָמאַנטישען שיין, וואָס גיסט זיך פון דעם פאָלק'ס שאַפונג.

יהואש פערמאָגט ניט — ניט דאָס ערשטע, ניט דאָס צווייטע. יהואש איז אַן אינטעליגענט מיט אַ אינטעליגענטער שפּראַך, און וויפיעל ער זאָל זיך ניט מיהען, — עס קומט ביי איהם ניט אַרויס קיין לעגענדע. ניטאָ די אַטמאָספערע, וואָס בעצויבערט אונז אין אידישע מעשיות. ניטאָ דער בעזונדערער ריטם — ניט נאָר דער ריטם פון דער שפּראַך, נאָר אויך פון דעם אינהאַלט — וואָס מיר געפינען ביי'ם פאָלק.

יהואש קוקט אויף זיין אויפגאַבע זעהר איינפאַך. ער נעהמט אַ מעשה פון תנ"ך, פון מדרש, פון גמרא, פון די שפּעטערע פאָלקס־מעשיות — גיט צו זיינע אייגענע עטליכע איינצעלהייטען, לעגט דאָס אַלעס פאַנאַנדער אין גראַמען — און פאַרטיג. די מעשה האָט אין זיך עפּעס אַ פאַנטאַסטישען עלעמענט. די גראַמען קלינגען. דאַרף מען בעסער?

עס איז אָבער אַ מערקווירדיגע זאַך מיט דער פאַנטאַסטיק. מען קען זי דערצעהלען אַזוי, אַז ס'זאָל ווירקליך אויפשטעהן פאַר אייערע אויגען אַ וואונדערבאַרע וועלט מיט וואונדערבאַרע געשטאַלטען מיט אַן אייגענאַרטיגער געזעצמעסיגקייט, וועלכע האָט גאָר ניט צו טהאָן מיט דער געזעצמעסיגקייט פון אַלטעגליכען לעבען. און מען קען אַזוי דערצעהלען, אַז ס'זאָל אויסקומען, ווי איהר, אַ היינטיגער מענש, גיט־איבער מיט אייגענע ווערטער אַ פאָלקס־

אבערגלויבען, א קינדערשע מיינונג פון די מאסען. פושקין, אלעקסיי טאלסטאי, די ברידער גרים, לאנגפעלאו, ביי אונז פרץ און ביז א גע־וויסען גראד פרוג, האבען געטהאן דאס ערשטע. יהואש טהוט דאס צווייטע.

ביי יהואש'ען איז דא א געדיכט „טיטוס'עס מוק". דער־צעהלט זיך דארטען, אז טיטוס איז געקומען פון דער מלחמה א זיעגער, געבראכט א מחנה געפאנגענע אין קייטען. אין רוים איז א פאראד, דער עולם פרעהט זיך. אבער טיטוס איז טרויעריג: איהם ענגבערט אין מח דער מוק, און עס געהט איהם ניט איין דער רוהם... דאס איז אלעס. ביי יהואש'ען איז דאס נאר מיט מעהר ווערטער. איז דאס א לעגענדע?

נעהמט אז אנדערע: „דער וואסער־טרעגער". געווען אז ארימאן א וואסער־טרעגער, א איד א קראנקער, א חלוש, אבער מיט א זיסען, מילדען שמייכעל. אז ער איז געשטארבען, האט דער רב געהייסען זיינע תלמידים קריעה רייסען.

דען אנטפלעקט געווארען פלוצלונג
אין געהיים דעם אלטען רב איז,
אז געווען דער וואסער־טרעגער
איינער פון די למד־וואו איז...

ווייטער גארנישט. פרעגט זיך: וואו איז דא די שעהנקייט, וואו איז דא דער ריטם פון א לעגענדע?

אין די אויבען־דערמאנטע, ווי אין פיעלע אנדערע (די „בייזע חאליסאטרע", דער „מגפה־ווינקעל", „דעם שוסטער'ס מיידעל" און נאך) איז אפילו ניטא קיין האנדלונג, קיין פאבולא, קיין געשעע־העניש. עס ווערט פשוט איבערגעגעבען א פאקט פון פאלק'ס גלויבען, איבערגעגעבען טרוקען און שטייף. אין אנדערע, ווי „מעשה שטן", „די טויטע קהלה", „דער תקון", „דער הרוג", „נבוכדנאצר" איז שוין יא דא א אינהאלט, אבער קיין שום ראמאנטישע שטימונג ווערט ניט בעשאפען. עס קומט אויס אזוי, ווי איהר וואלט אי־בערדערצעהלט אין פראזע דעם אינהאלט פון א שעהנעם מעלא־דישען ליעד, וואס איהר האט אמאל געלייענט. עס פערשווינדט אלעס.

און ווי דער אינהאלט, אזוי די שפראך. יהואש שרייבט זיינע לעגענדען מיט די זעלביגע ווערטער און אויסדריקען, ווי אלע אי־בעריגע זיינע ליעדער: הארטליך, קאלט און הילכיג.

אט איז א ביישפיעל: „דעם תנא'ס קללה":

דער הייליגער תנאי רב יוסי פון יוקרות,
ער וויל ניט דאס לעבען געניסען;
פון יוגענד און ליעבע מיט ביטערע קללות
פערשילט ער דעם תענוג דעם זיסען.
נאר בילדער פון שווארצע מדבריות אהן שטראהלען,
פון פעסטיגע זומפען און פעכיגע קוואלען,
געפילטע מיט גיפטיגע שלאנגען,
און טייכען פון זודיגען בליי, וואו זיך בראטען
די זינדער, וואס האבען געבוקט זיך צום שטן,
אין נעץ פון עבירות געפאנגען —
נאר בילדער אזעלכע איהם האבען בעשעפטיגט
און וואס א טאג מעהר אין זיין גלויבען בעקרעפטיגט.

און אז. וו. — אלץ מיט דעם אייגענעם שטייגער. אפילו די אל־טע באבע אין דער „גע'גנב'עטער כלה" געברויכט די זעלביגע שפראך, ניט געמינערט א האאר.

אן אויסנאהמס בילדען די יעניגע ווערק, וואס יהואש האט געפרופט בעארבייטען לעגענדארע סיוזשעטען אין א דראמאטישער פארם. די זיינען איהם העכסט געלונגען. אזוי זיינען „צפורה", „שאול", „הורקנוס". דא איז דא קראפט און לעבען און איינ־דרוקספאלע בילדער. אבער די דאזיגע ווערק געהערען שוין איי־גענטליך ניט צו די לעגענדען. דאס זיינען היסטארישע דראמען, ריכטיגער — פראגמענטען פון אזוינע דראמען. און דא קען און מוז יהואש בלייבען ער אליין.

# VII.

יהואש איז א מאדערנער אינטעליגענט, און עס איז נאטירליך, אז ער זאל זיך אברופען אויף געזעלשאפטליכע פראגען, וואס מא־טערען דעם מאדערנעם אידען — סיי אלגעמיינע, סיי נאציאנאלע. יהואש האט בעשאפען א סעריע געזעלשאפטליכע און נאציאנאלע ליעדער, וואס געהערען צו זיינע בעסטע. זיין טאלאנט ווייזט זיך דא ארויס אין זיין פולער קראפט, און דער פאטאס ווירקט אנשטע־קענד, סוגגעסטיוו, געגען אייער ווילען.

ס'איז דא ביי איהם א ליעד „דאס ערגסטע פון דער תוכחה", מיט דעם געדאנק פון דער ליעד וועט איהר ניט זיין איינפער־שטאנען. ער איז אן אבקלאנג פון דער רעאקציע אויף דער אידי־שער גאס נאך דער רוסישער רעוואלוציע, ווען דעם איד פון א גאנץ יאהר האט זיך אויסגעדאכט, אז די אידישע פרייהייטס־קעמפפער האבען געאפפערט זייער לעבען פאר פ ר ע מ ד ע, ניט פאר'ן איינגענעם פאלק. דאס ערגסטע פון דער תוכחה, זאגט יהואש, איז ניט קנעכטשאפט, ניט ליידען, ניט פערפאלגונגען, נאר — זעהן, ווי אייער זוהן אפפערט זיין לעבען פאר אייער פיינד, פערלאזענדיג זיין איינענעם שטאם.

דער געדאנק איז בעצם פאלש. אבער ווי איז ער אויסגע־דריקט! פון שטאהל זיינען אויסגעשמידט די שטארקע, ווירדיגע ווערטער; ווי אייזערנע האמערס פאלען זיי איינס נאכ'ן אנדע־רען; מיט א שטארקען איינגעפרעסטען פייער זיינען זיי דורכגע־גליהט און ערשיטערען אייער נשמה.

ניט שקלאפעריי, ניט שמאכטען אין א ווייטען לאנד,
מיט קייטען אויף די פיס, מיט פענטעס אויף דער האנד,
ניט שרעקען זיך פאר יעדען שוואכען ווינד, וואס וועהט,
ניט ציטערען פארנאכט ווען העלער טאג פערגעהט,
און קוים קומט אן דער טאג, שוין ווארטען אויף זיין סוף—
ניט דאס, פערשאלטען פאלק, וועט זיין דיין ערגסטע שטראף...
נאר —
וועסט איהם זעהן, איהם, דיין אייגען קינד, דיין גואל־דם,

דעם לאַנג ערוואַרטעטען בעפרייער פון דיין שטאַם,
זיך אויפהויבען מיט אדלער־מוט, מיט לייבען מאַכט,
און זיין דער ערשטער אין דער ערשטער רייה פון שלאַכט,
און געבען פריי זיין בלוט, און בלוטען פול מיט פרייד,
דאָך ניט פאַר דיר, נאָר דאָרט, אַוואו דיין שונא שטעהט...

און אַזוי איז די קראַפט פון פּאָעזיע: איהר ווערט הינגע־ריסען! איהר פערגעסט, אַז איהר זייט געגען דעם גערונק, איהר טראַכט זיך גאָר, אַז דאָס מיינט מען ניט די אידען, נאָר איבער־הויפּט... איהר זוכט אַ פערענטפערונג.

איבעריגענס, איז יהואש אין זיינע געזעלשאַפטליכע ליעדער מעהרסטענסטהייל פּראָגרעסיוו און איהר פערשפּאָרט דורכמאַכען אַזאַ אינוועניגסטען קאַמפּף. ער זינגט פון קאַמפּף, ער זינגט פון טהאַט, ער זינגט פון ליכט, ער זינגט פון אַ גאָלדענער צוקונפט — ער גלויבט אין לעבען און אין דעם זיעג פון גוטען — און זיינע געזאַנגען זיינען פול מיט אַ קראַפטפולען פּאַטאָס.

אויף דעם באַרג אָלימפּוס, דערצעהלט אונז דער דיכטער, האַט ער זיך געוואָלט פערקלייבען. אָלימפּוס איז שעהן, די לופט איז דאָרט ריין, דאָרט וואַקסען בלומען, דאָרט לעבען געטער אין פרייד און אייביגער שעהנקייט. אָבער ניין! דער אידישער דיכטער קען דאָרט לאַנג ניט בלייבען. עס קומט דער אָטהעם פון דעם וויסטען באַרג חורב, עס קומט דאָס געשריי פון די מאַסען דאָרט אונטען. אַלעס דערמאָנט דעם דיכטער:

ס'וועט לאַנגזאַם, אַזוי ווי דאָס גיפט פון אַ שלאַנג,
דער שמערץ פון דיין פאָלק זיך פערשפּרייטען
דורך איטליכעם ליעד דיינס; דיין יעדעס געזאַנג
אַ טרויער־מוזיק וועט בעגלייטען.

דער דיכטער בלייבט ניט אַבגעזונדערט פון די מאַסען. ער ווייסט: דורך קאַמפּף און אָפּפער וועט בעשאַפען ווערען אַ נייער ליכטיגער מאָרגען. עס אַרט איהם אָפילו ניט, וואָס די היינטיגע קעמפּפער וועלען ניט געניסען די פרוכט פון זייער קאַמפּף. דער

קאמפף אליין איז ווערטה דעם קרבן. דער קאמפף אליין ערהויבט די נשמה.

ווען ס'וועט קומען דער זיעג, וועט דער דיכטער שוין ליגען אין קבר.

ס'ליעד מיינס, שווארץ פון פולווער־רויך
און פול מיט שלאכט־געשרייען,
וועט אויך שוין לאנג געשטארבען זיין,
ווען ס'וועט דאס פאלק זיך פרעהען...

דאך כ'בין צופריעדען מיט מיין טהייל,
ער איז מיר זיס און הייליג,
און ווען די צוקונפט טהיילט איהר לוין,
נעהמט, ברידער, אויף מיין חלק...

און ס'איז גוט אזוי: אין לאנד פון אויסלעזונג דארפען אריינגעהן פ ר י י ע מענשען, ניט די היינטיגע שקלאפען, „געבארען און געהאדעוועט אויף ריטער און אויף בוקען זיך, אהן קראפט, אהן שטאלץ, אהן מוטה". אריינגעהן וועלען נאר די י ו נ ג ע, די מוטהיגע, וואס זיינען געוואקסען אין דער לופט פון פרייהייט...

ווידער און ווידער קעהרט דער דיכטער זיך אום צו ד ע ם ל י כ ט: אלע איינצעלנע ליכטלעך דארפען צונויפגעגאסען ווערען אין איין פלאקער, אלע פלעמעלעך אין איין גרויסען בראנד. ווארים מעכטיגער פון טויט איז די ברודערשאפט פון ליכט.

ווען יעדע פלאם זיך שפיגעלט אב
אין פלאמען גלייך ווי זי,
און פון צושפרייטע פונקען ווערט
איין פונקענמעלאדיע.

אין די דאזיגע און עהנליכע ליעדער איז יהואש א ו נ ז ע ר ע ר, אן אייגענער, א נאהענטער, א מענש וואס דריקט אויס אין א פאסענדער פארם די שטרעבונגען פון די פארטגעשריטענע אינטעליגענטע קרעפטען פון זיין צייט. די פארם, ו ו י דאס

ווערט געזאָגט, בעווייזט, אַז דאָס איז פאַר יהואש'ען ניט נאָר א „טהעמע". נאָר עס ווערט טאַקע איבערגעלעבט און איבערגעפיהלט אלס אייגענס. צוליעב דעם זיינט איהר איהם מוחל פיעלע „לאָ־פּסוס'ען". וואָס האָבען אייגענטליך ניט געטאָרט זיין: אי דעם אלט משכיל'ישען אָבקלאַנג אין „וואָס מעהר שאָטען", אי דעם מאָטיוו א־לאַ־פרוג: „אַ פאָלק פון אבילות נאָר ביזטו, מיין פאָלק", אי די ווידערהאָלונג פון פרץ'עס און פרוג'ס טענות צום „זשאַר־גאָן" אין די „אידישע ראָמאַנצען" („אַ ליעבעס־געדיכט אין זשאַר־גאָן, עס קלינגט ווי אַ בייזע לצנות") און נאָך אָון נאָך אַזוינע אונגוויטיגע זאַכען.

VIII.

יהואש'ס שפּראַך איז, דאַכט זיך, די גרעסטע הינדערניש אויפ'ן וועג פון זיין פּאָעטישען שאַפען. עס קומט פאַר אַ האַרטע, אַנגעשטרענגטע, פערביטערטע מלחמה צווישען איהם און דער שפּראַך. ער ראַנגעלט זיך מיט אַלע זיינע כחות, ער ארבייט און מיהט זיך מיט'ן שוויים פון זיין פּנים — און ניט שטענדיג געהט ער ארויס דער זיעגער. געוועהנליך האָט ער מעהר צו זאָגען, ווי עס ערלויבען איהם די גרענעצען פון זיין שפּראַך.

עס איז מערקווירדיג! אַלע מאָל ווען איך לייען יהואש'ס ליעדער, פערפאָלגט מיך איין בעשטימטע פאָרשטעלונג. עס דאַכט זיך מיר, אַז ער שרייבט אַזוי, ווי איינער וואָס וואָלט זיך אויס־געלערענט אידיש שוין דערוואַקסענערהייט. דורך פלייס און אר־בייט קען אַ דערוואַקסענער מענש זיך אויסלערנען צו בעהערשען אַ פרעמדע שפּראַך אויסגעצייכענט. ער קען שרייבען אין איהר פריי און ריכטיג. עס קען זיך דאַכטען אפילו, אַז ער איז אַ מייסטער פון דער דאָזיגער שפּראַך. און דאָך וועט איהם פעהלען די ל ע צ ט ע נאָהענטקייט, די ל ע צ ט ע אינטימיטעט, דער ל ע צ ט ע ר שפּראַך־טאַקט.

בנוגע צו יהואש'ען ו ו י י ס איך, אַז אידיש איז זיין

מוטער־שפּראך. און פונדעסטוועגען לאָזען זיינע ליעדער שטענ־דיג איבער דעם אויבענדערמאָנטען איינדרוק.

ער ווייסט אַ מאַסע ווערטער. ער האָט אַ ווערטער־שאַץ אפשר אַ רייכערען ווי אַנדערע דיכטער. אָבער אז ס'קומט צום שרייבען, זיינען די ווערטער־קאָמבינאַציעס אזוי האַרט, טרוקען, שווער אַראָבצושלינגען — און אזוי ווייניג מעלאָדיש.

אַט איז אַ ליעד „מאָרגען" (זאמלונג „אין זון און נעבעל"). עס דארף זיין אַ אידיליע: ווייך, האַרציג, פול מיט זון־שיין. עס דאַרף זיין אַ בילד געמאָלט מיט בלאַסע וואַסער־פאַרבען. בע־געגענט איהר דאָרט אזוינע צוויי שורות:

„דער טייך טויכט מאַט און בלוי־גראַה
ארויס פון דונקעלען רוים".

פּרופּט ארויסריידען אַט די פיער ווערטער צוזאַמען: „דער טייך טויכט מאַט" — אַ קאָמבינאַציע פון פיער טית'ען און צוויי כפ'ען אויף אַ שטרעקע פון דריי זילבען; אַדער פּרופּט ארויסריי־דען די קאָמבינאַציע „גראַה — ארויס", און איהר וועט דערפיהלען, ווי שווער, ווי האַלציג דאָס לייענט זיך. און דאָס איז נאָר איינער פון טויזענדעביישפּיעלען אין יהואש'ס ליעדער. עס קאָסט אייך אַלע מאָל אַן אנשטרענגונג איבערצולייענען זיינע אַ ליעד. ע ר־ג ע ץ מוזט איהר זיך פּערטשעפּען.

אַט איז אַן אנדער ליעד „זכר לחורבן". בעגעגענט איהר דאָרטען אויף אַ שטרעקע פון עטליכע שורות: „טאַטשען און מוטשען", „תכשיטין", „שפּוקט" און „זכר לגלות". די אלע ווער־טער, א חוץ דעם דייטשען „שפּוקט" (וואָס דאָס מיינט: „עס בעווייזען זיך מתים אָדער שדים אָדער אנדערע פאַנטאַסטישע בע־שעפּענישען" און וואָס דאָס קען בשום אופן נ י ט געברויכט ווערען אין דער קאָמבינאַציע „שפּוקט אין זכרון", ווי דאָס טהוט יהואש), — א חוץ, זאָג איך, דעם איינעם דייטשען וואָרט, זיינען אַלע איבעריגע ווערטער אידיש. אָבער פון דעסטוועגען פּראָ־טעסטירט עפּעס אין אייך געגען בענוצען אין איין ליעד אזוינע פּערשיידענאַרטיגע ווערטער. עס איז ניט גוט. עס פּאַסט ניט.

יהואש פיהלט דאָס ניט. איהם איז אַלצדינג רעכט, אַבי עס ריימט זיך.

איך בין זיך מודה: איך האָב ליעב יהואש'ס „דאָס ניט גע־זונגענע ליעד". ס'איז דאָרט דאָ אזא שעהנע רייה נאַטור־בילדער, עס זיינען דאָרט דאָ אזוינע פּראַכטפולע אויסדריקען, ווי „ס'שפּרייט די מיטערנאַכט די שווארצע באַלזאַם־פליגעל" און „ס'רייסט די שווארצע קודלעס פון דער נאַכט דעם שטורעמוועטער'ס לויז־גע־לאַזטע מאַכט". עס איז דאָרט אַזאַ אומרוהיגקייט, אַזאַ קראַפטפולע שטרעבונג צו „עפּעס" אויף יענער זייט פון אַלע אונזערע מעגליכ־קייטען. אָבער אַלע מאָל ווען איך לייען דאָס ליעד, הויב איך דאָס אָן פון דעם צווייטען קאַפּיטעל. פאַרוואָס? ווייל אין ערשטען זיי־נען דאָ אזוינע שורות:

ווי לאַקסטו מיך,
ווי פלאַגסטו מיך!
ווי דריקסטו מיך,
ווי קוויקסטו מיך!
ווי פליקסטו און בעגליקסטו מיך,
ווי שטיקסטו און ענטציקסטו מיך!

פערדאמט־וואולגארע שורות, וואָס מאַכען דעם איינדרוק, ווי דער שרייבער וואָלט זיך נאָכגעקרימט נאָך אימיצען. וואו איהר ווילט — אין אַ וואָדעוויל, אין אַ פּאַראָדיע, אין אַ גאַסען־ליעדעל — אָבער ניט אין אַזאַ ערנסטע זאַך, ווי „דאָס ניט געזונ־גענע ליעד", פּאַסען אזוינע שורות.

יהואש פיהלט דאָס ניט. איהם פעהלט דער לעצטער שפּראַך־טאַקט, די לעצטע שפּראַך־פעראַנטוואָרטליכקייט.

איז ביי איהם רעכט, אַז די שטראַהלען „טשוכען־אויף" די בלעטלעך פון דער רויז, אַז דאָס הארץ ווערט „פערביטערט און פערזויערט", אַז צפּורה, משה'ס ווייב, זאָל געברויכען די ווער־טער „ענאל" און „אַפּלאָדירט" (פּונקט ווי אַ היינט־וועלטיגע דאַ־מע!), אַז דאָס פאָלק זאָל ארומבלאָנדזשען זוכענדיג „דעם געזאַלטען" פיהרער. איז ביי איהם רעכט צו מאַכען אויף

שריט און טריט אוננויטיגע ווידערהאָלונגען, וואָס ווירקען לע־כערליך: וועגען דעם שניידער'ס מיידעל דערצעהלט ער, אז „ביי־נאַכט פון'ם הויז ווערט זי נעלם — און מאַכט זיך ארוים שטי־לערהייט"; דער למדן־ואָו'ניק פלעגט זיין ברויט „בזעת אפו און מיט שווערער מיה פערדיענען"; דער מענש וואַנדערט ביי איהם אין וואלד „מיט נאַקעט אָבגעדעקטע פיס", די נשמות אין הימעל „זויגען זאפט און ציהען סאָק"; איהר בעגעגנט ביי איהם „פער־דארט און טרוקען", „גבורות און גרויסקייט", „פערטלען אויף שטיקער", און אז. וו.

זיין פיער־יאָהריגען קינד דערצעהלט דער דיכטער אַ מעשה וועגען שנעע, בעגעגענען מיר דאָרטען אזוינע שורות:

דאַן האָבען די שטיקער
פון וואָלקען זיך דיקער
צוזאַמענגעשליידערט,
און טיעף צו דער ערד האָט דער הימעל גענידערט
און פול מיט רחמנות צום פעלד זיך געווענדט:
„איז ערגעץ דיין בוזעם בעבלומט צו בעגראָזט?"
און דאָס פעלד האָט מיט אומעט געזאָגט:
„כ'האָב אַ לעצטע מוזינקע פארמאָגט,
איז געקומען בעגינען דער פראָסט
און ער האָט זי פערלענדט..."

(„אין זון און נעבעל", ז. 55).

ס'וואָלט אינטערעסאַנט געווען צו זעהן דעם „פיער־יאָהריגען חכם" וואָס וואָלט פערשטאַנען אַזאַ מעשה...

יהואש'ס שפּראַך איז ניט עלאַסטיש. ריכטיגער וואָלט געווען צו זאָגען: זי איז עלאַסטיש נאָר אין איין ריכטונג — צו קראַפט און שטאַרקע בעוועגונג. דאָרט וואו ס'קומט אויס צו דונערען, צו שטורעמען, צו האַמערען, — דאָרט איז יהואש דער מייסטער. דאָרט איז איהם די שפּראַך געהאָרכזאַם. קומט אָבער אויס צו געהן אין אַן ענטגעגענגעזעצטער ריכטונג — צו ווייכקייט, צאַרטקייט, פּאַלקסטהימליכקייט, מעלאָדישקייט — דאָרט זאָגט די שפּראַך זיך

אָב צו פֿאַלגען. דאָרט בלייבט זי ווי געוועהנליך: האַרט, גרוי־בעריג און הילכיג. אויסנאַהמען בעגעגענען זיך זעהר, זעהר זעל־טען.

* *
*

יהואש׳ס שפּראַך און מאַניר פּאַסען אויסגעצייכענט פֿאַר דראַ־מעס און טראַגעדיעס אין פּערזען. די וועניגע דראַמאַטישע פּראָ־בען, וואָס מיר בעגעגענען אין זיינע ווערק („שאול״, „הורקנוס״, בעזונדערס די אויסגעצייכענטע סצענע „מצורעים״) בעווייזען, אַז ער האָט אַלע נויטיגע מיטלען פֿאַר אַ טראַגעדיע. זיין ליעבע צו קראַפט־פֿולע סצענעס און בעוועגונג גאַראַנטירען אויך, אַז אַזאַ ווערק וואָלט איהם געלונגען (אייגענטליך וואָלטען דאָך די „מצורעים״ געקענט דיענען אַלס דאָס ערשטע בילד פֿון אַ טראַגעדיע).

יעדענפֿאַלס איז ער דער איינציגער פֿון די אידישע דיכטער, וואָס וואָלט געקענט זיך נעהמען פֿאַר אַזאַ אַרבייט. איינינע מאָנאָלאָגען אין „מצורעים״ זיינען פּונקט אַזוי קלאָר און שטאַרק, ווי אין די ווערק פֿון די אייראָפּעאישע קלאַסיקער.

(1915).

# אברהם רייזען.

I.

א טרויעריג לאנד — ליטא. ברייטע, שטילע, גראהליכע פעלדער; לאנגע זאמדיגע וועגען; שיטערע וועלדלעך; רוהיגע, לאנגזאמע טייכלעך. אויבען א הימעל — קלאר, אבער בלאס, פערחלום׳ט, אהן זאפטיגע פארבען. פאהרט א פויער איבער׳ן פעלד, איז ער אנגעטהאן אין א גראבע סוויטע — אליין ווי א שטיק פון דער גראהער ערד — און זינגט אזא אומעטיג, נאגענדיג ליעדעל.

א הונגעריג לאנד — ליטא. די פעלדער ברענגען נאר מאגערע תבואות. אין די גערטנער איז ניטא די רייכע שפע פון פרוכט. די שאף און די רינדער אויף דער לאנקע זיינען קיינמאל ניט אזוי פעט און גרויס, ווי אין בעסאראביען אדער פוילען.

א דערשלאגען לאנד! פאהרט איהר אריין אין איהרע שטעדט און שטעדטלעך, געפינט איהר א אידישע בעפעלקערונג — שוואך, קליין־געוואקסען, מאגער, מיט ברענענדיגע אויגען און נערוועזע בעוועגונגען. דער ליטווישער איד לעבט אין שטענדיגער דחקות. דער ליטווישער איד איז א מסתפק במעוט. ער פערשטעהט אפילו ניט, ווי קען מען דאס האבען רויטע באקען און א געזונטע מונטערע שטימע. איהם דאכט זיך, אז דאס איז מגושם.

דער ליטווישער איד בויגט אן דעם קאפ און טראגט דעם יאך פון ארימקייט און האט זיך אזוי איינגעלעבט מיט זיין צער, אז דאס איז געווארען זיין צווייטע נאטור.

און אין אזא לאנד, צווישען אזוינע אידען, ווערט געבוירען איין מאל אין יאהרען א דיכטער.

ביי זיין וויעג האָט ער ניט געהערט קיין פּרעהליכע געזאַנ־גען. זיין קינדהייט איז ניט געוועזן בעלויכטען מיט ליעבליכע שמייכלען. שוין א דערוואַקסענער דערמאָנט ער זיך זיין יוגענד:

...שטעהט א שטיבעלע, א קליינעס,
איינגעהויקערט, איינגעבויגען,
און עס עפּענט זיך א טירעל,
און עס בייזערט זיך און סקריפּעט,
טאַטע־מאַמע זיצט אין ווינקעל,
און א קינד אין וויעגעל כליפּעט,

און א שוועסטער שילט א ברודער,
און פון לעמפּעל שפּאַרט א רויך,—
יאָהרען יונגע, יאָהרען שוואַרצע,
ניין, איך לאָז אייך איבער אויך!...

אָרימקייט, נויט, פערביטערטע הערצער, פערוואָגעלטע נשמות, קריעגערייען, שילט־ווערטער, שמוין... דאָס איז דאָס אידיש־ליט־ווישע וועלטעל, וואָס האָט ארויפגעלעגט זיין שטעמפּעל אויף דער ווייכער, איינדרוקספולער נשמה פון דעם קומענדיגען אידישען דיכטער, אברהם רייזען, דאָס האָט געשפּייזט זיין פאַנטאַזיע, גע־וועקט א מיטפיהלענדען אָבקלאַנג אין זיין הארצען.

אמת, עס איז נאָך דערפון ניט געדרונגען, אז אָט דאָס לעבען האָט איהם געמוזט געפאַנגען־נעהמען אויף אייביגע יאָהרען. אַנ־דערע דיכטער האָבען אויך געשטאַמט פון דער זעלביגער וועלט, דורכגעמאַכט די זעלביגע קינדהייט, און דאָך האָט זיך זייער נשמה בעפרייט פון דער סביבה, געוואַנדערט אין אנדערע וועלטען, ענט־דעקט אומגעריכטע שעהנקייטען און אונז, זייערע לעזער, ארויס־געפיהרט פון דעם אידיש־ליטווישען גלות.

יאָ, אָבער זיי זיינען ניט געוועזן אזוינע ווייכע, שוואַכע, נאָכ־געביגע זעעלען, ווי אברהם רייזען. ער איז געוועזן ווי פּלאַסטישע לייהם אין די הענד פון זיין מזל. ער איז געוועזן ווי א ריינע בלאַט, אויף וועלכע יעדער איינדרוק האָט זיך איינגעקריצט אויף שטענ־

דיג. ווי זיין היים און זיין קינדהייט האבען איהם בעשאפען, אזוי שטעהט ער נאך איצט פאר אונז, — און זינגט דאס ליעד, וואס ער האט מיטגענומען פון זיין ליטווישען שטעדטעל.

מיט דער אפענהערציגקייט פון אן אמת'ען דיכטער איז זיך רייזען מודה: ער האט ניט קיין פליגעל. אבגעהאקט האט עמיצער די פליגעל פון זיין נשמה, פון זיין גערדאנק. לאנג צוריק האט אימיצער ביי איהם אוועקגערויבט דעם שוואונג. ווער?

אפשר אין דיין קינדהייט,
אפשר נאך אין וויעגעל,
האט דיין מאמע'ס ליעדעל
דיר געשאדט די פליגעל?

אדער גאר דער חדר,
נידעריג און ענג:
איילען פיער די ברייטקייט,
איילען פיער די לענג;

און דער געלער רבי
מיט'ן געלען אלף
איז פאר דיינע פליגעל
גאר געוועזן דער חלף?

עס קלינגט אזוי אונענדליך־טרויעריג. עס איז כמעט אונ־היימליך צו הערען, ווען רייזען, מיט זיין איינפאכער, עהרליכער שפראך, שטעלט אוועק א פראגע: ווי קומט ער זינגען? יעדעס ווארט, אזוי פראסט און וואכעדיג, פאלט ווי א טראפען צושמאל־צענע בליי אויף א וואונד:

ווי קום איך צו זינגען? פון וואנען, מיין קינד!
ביי אונז האט אין קוימען געברומט נאר דער ווינד;
די קינדער — זיי פלעגען נאר זינגען: האם־האם!
און אפטמאל די מאמע — א קללה צום גראם.

ווי קום איך צו שעהנקייט? פון וואנען, מיין קינד!
דער וועג צו די פעלדער—דורך גויים און הינד...
די גאס איז געווען אַזוי אָרים און וויסט,
ביי איטליכער טהיר נאָר—אַ בערגעלע מיסט...

אין די שורות האָט רייזען אליין געגעבען דאָס פּראָגראַם פון זיין דיכטונג.

---

II.

מען זינגט רייזען'ס ליעדער. העל און האָפנונגספאָל פּליסען די טענער פון „אוי, וואָס קלינגט איהר, קירכען־גלאָקען". מיט קראַפט און ענטשלאָסענהייט און שטורם־גייסט אָטעמט „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינדען". אָבער מערקווירדיג: איהר הערט און פיהלט — דאָס איז ניט רייזען. דאָס איז פאַר איהם ניט כאַראַקטעריסטיש. מסתמא האָט ער אליין זיך לאַנג געמוזט צוגעוועהנען, ביז ער איז שלום געוואָרען מיט די קלינגענדיגע, צ ו מונטערע, צ ו אויפגעלעגטע מעלאָדיען, וואָס אימיצער האָט צוגעטראַכט צו זיינע בעשיידענע ליעדער.

ערשט גאָר די לעצטע צייט האָט מען אָנגעהויבען זינגען „מאַי קאָ משמע לן דער רעגען" — און אין דער מעלאָדיע האָט זיך דערפיהלט דער ריכטיגער רייזען. דער קאָמפּאָזיטאָר האָט ארייגעדרונגען אין'ם תוך פון רייזען'ס פּאָעזיע, האָט געכאַפּט איהר אייגענטליכען טאָן. מיר דאַכט, אַז דער נגון פון „מאַי קאָ משמע לן" העלפט מעהר צו פערשטעהן רייזען'ס ליריק, איידער דאָס קענען טהאָן אַלע קריטיקער צוזאַמען. ווארים דער נגון רעדט מיט דער זעלביגער שפּראַך, וואָס דער פּאָעט — מיט דער שפּראַך פון רייזענער ליריק, וואָס האָט גלייך אַ צוטריט צום הארצען.

ס'אַרא טרויעריגער נגון! וואָס איהר זאָלט שוין ניט לייענען נאָכדעם אין רייזען'ס ווערק, — ער קלינגט אייך כסדר אין די אויערען, ער אַקאָמפּאַניערט יעדעס ליעד, ער איז ווי אַ לייט־מאָטיוו

צו אלעם — אַט דער שטילער, פערטראכטער, אויסגעוועהטאַגטער, האָפנונגסלאָזער און קראַפטלאָזער נגון.

אין'ם אידישען לעבען איז געווען ניט נאָר דאָס. אפילו אין דער אלטער אידישער וועלט איז געווען די נשמה־יתרה, וועלכע האט געטראָגען אַ העלען מלבוש און געלויכטען מיט פּערעל און בריליאַנטען. אפילו אין דעם אלטען אידישען צער איז געווען בליצען פון פרייד, מאָמענטען פון עקסטאַז, פון איבערנאַטירלי־כער שעהנקייט. אפילו דער איד דער וואָרים, געטראָטען פון יעדען פערבייגעהענדיגען פוס, האָט דאָך אויך געהאט צייטען, ווען ער איז געווען אַ ב־חורין און אַ בן מלך, און האָט שטאָלץ אויסגע־גלייכט זיין רוקען. פון'ם מאָדערנעם אידען שוין גאָר ניט צו ריידען. אידישע דיכטער, וועלכע האָבען געהאט אַ צוטריט צו אַט ד ע ר אידישער נשמה, האָבען שוין ניט געקענט זינגען אלע זייערע יאָהרען דעם זעלביגען אומעטיג־הארציגען נגון „מאי קאַ משמע לן מיין לעבען“... און אין אַ גרעסערער אָדער אַ קלענערער כּאָס האָט דאָך יעדערער פון אונזערע דיכטער געהאט אַ צוטריט צו אַט דער נשמה יתרה, אין וואָס פאַר אַ פאָרם זי איז ניט ערשיענען. דעם זעלביגען אָרים בחור, וואָס זיצט אין בית־מדרש, האָט דאָך פריז, צום ביישפּיעל, געזעהען אין דער געשטאַלט פון דעם „משוגע'נעם בטלן“ און די „מקובלים“...

רייזען איז דער איינציגער אידישער דיכטער, וואָס רעפּרע־זענטירט דעם ו ו אָ כ ע ד י ג ע ן אידען, מיט זיין נאָך־הבדלה'־דיגער מרה־שחורה, מיט זיין שרעק פאַר'ן לעבען, מיט זיין אייביגער דאגת פּרנסה, מיט זיין אַבגעלאָזענקייט, אונבעהאָלפענקייט און שוואכקייט און מיט דעם פערבענקטען אידישען נגון, וואָס קלינגט ווי אַ קרעכץ...

מאי קאַ משמע לן מיין לעבען?
וואָס זשע לאָזט ער מיר דאָ הערען?
פוילען, וועלקען אין דער יוגענד,
פאַר דער צייט פערעלטערט ווערען...

רייזען איז אַ שטיף־קינד פון לעבען, אַ שטיף־קינד פון אלצ־דינג אויף דער וועלט. רייזען'ס פּאָעזיע איז די פּאָעזיע פון איינ־

זאמקייט, פון עלענד, פון אבהענדיגקייט, פון אומעט. טהוט א קוק אויף דעם ע ל ע נ ד ע ן, ווי רייזען מאַלט איהם. ס'איז נאכט. שוין שפּעט. אין צימער איז שטיל. דורך די פענסטער קוקט די שוואַרצע פינסטערניש אריין. דער עלענדער וואַרפט שרעקענדיגע בליקען צום בעט אין ווינקעל. די שוואַרצע נאכט נעהמט איהם ארום, וויקעלט איהם איין אין איינזאמקייט און טרויער,

די נאכט קוקט אין פענסטער,
אזוי ווי זי היט...
און בענקענדיג קלערט ער:
זיך לעגען, צו ניט?...

וואָס שרעקט איהם? וואָס מאַטערט איהם? איז דען ניט אַלץ איינס! די ערד איז א טאָל פון יאָמער. דער שמערץ איז א תושב אין אונזער וועלט. מעגסט זוכען פרייד, מעגסט זיך וועלען פער'שכור'ען — „עס בלייבט ניט קיין מיטעל דעם שמערץ מאַכען לינדער“. ליכטיג אויפ'ן הימעל גלאַנצען אַלע שטערען. מען זאָגט: זיי זיינען וועלטען. ניין; דער דיכטער קען דאָס ניט גלויבען. „וועלטען? איז דען מעגליך, וועלטען זאָלען שיינען? ניין, זיי וואָלטען אויסזעהן פינסטער, שוואַרץ און טרויעריג, און דער בלאָהער הימעל וואָלט געקוקט ווי שווריג“... שוועבען וואָלקענס אויפ'ן הימעל. דאַכט זיך, אין די וואָלקענס קען אמאָל זיין אזוי פיעל שעהנקייט. ניין, דער עלענדער שטעהט און פרעגט: „וואָס זשע שלעפּט איהר זיך, איהר וואָלקענס, אויפ'ן הימעל גאַר בעזונדער, ווי פערלאָזענע יתומים, ווי פערטריב'נע אָרימע קינדער? און וואָס איז דאָס פאַר א תכלית — אזא לעבען, אזא וואַנדערען? אבגעריסען, אבגעשליסען, און ווייט איינער פון'ם אנדערען?“ שטעהט א בוים אין פעלד. פאַר וואָס זאָל ער ניט בליהען? ניין, דער בוים איז קראַנק, דער בוים דאַרט שוין. „ס'וועט ניט היילען איהם דער פריהלינג“. אומזיסט זיין וואַרטען.

אויף הונדערטערליי אופנים חזר'ט רייזען איבער דעם דאָזיגען מאָטיוו פון עלענד. דאָס לעבען? „עס איז אן אומעטיגעס, וואַכעדיגעס שפּיעל“. פריינד? — וואו נעהמט מען זיי! „בעגע־

גענסט בעקענטע, זיי הויבען די היט. — דיין צער אויסצוריידען דאָך קענסטו זיי ניט". גוטע מענשען? עט! ! שווער צו גע־פינען.

צווישען טויזענט שלעכטע מענשען
מיט פערשטיינטע הארץ און זינען,
קען זיך איינער אויך אַ גוטער
אפשר, אפשר ווען געפינען.

אבער ניט זוך דעם איינציגען גוטען: ס'וועט געדויערען צו פיעל יאהרען, און —

ביז דו וועסט איהם אויסגעפינען
וועט איהר ביידע געהן פערלאָרען.

וואָס זשע בלייבט? גאָרניט.

אַלעס, אַלעס ווערט פערפלויגען,
וואָס נאָר טייער, ליעב און שעהן,—
אייביג בלייבען נאָר די צרות,
אייביג בלייבט דער טויט אליין.

קיין אויסוועג. קיין האָפנונג. קיין שטראַהל פון ליכט.

---

III.

רייזען איז דער דיכטער פון דעם פּראָסטען אידען. ער דער־צעהלט דאָס הארץ־וועה פון דעם דורכשניטליכען מאסען־מענשען. אין זיינע ליעדער קלינגט דער טויזענט־יאָהריגער צער, וואָס האָט זיך אָנגעזאמעלט אין דער אידישער נשמה. אָבער דער צער איז אָהן צאָרן, דער צער איז אָהן אַ קללה, דער צער איז איינגע־שלאָסען אין זיך אליין און שפּייזט זיך פון רחמנות. דאָס איז דער אידישער נעבעך...

עפּעס אזא שעמעוודיגע הכנעה דרינגט דורך

רייזען׳ס ליעדער. ער איז ווי אן ארימאן, וואס שטעהט ביים שוועל. ער איז ווי א פערבלאנדזשעט קינד אינמיטען א גרויסער מדבר. זיין הארץ איז אזוי ווייך, און די וועלט איז הארט, צי־טערט דאס הארץ און בעט זיך און וויינט:

גאט, נעהם מיך פון טהאל פון בעטריעבטען ארויס,
ווען ניט, געהט מיין לעבען, מיין חיות מיר אויס...

נעבעך איז דער אויסדרוק פון שוואכקייט; ווילענלאזע, האפנונגסלאזע, אונטערגעגעבענע שוואכקייט קען ניט זיין סאָ־ציאל. זי ווייסט ניט פון א פלאנמעסיגען צוזאמענלעבען פון מענ־שען מיט גלייכע האפנונגען און ציעלען.

אין רייזען׳ס ליעדער זיינען דעריבער ניטא ניט קיין סאָ־ציאלע, ניט קיין נאציאנאלע מאטיווען. ער פערטראכט זיך ניט וועגען כלל, ער פרעגט ניט: פון וואנען און וואוהין? דער כלל, דאס פאלק, די געזעלשאפט זיינען פאר איהם א פאקט, זיי עקזי־סטירען, ער נעהמט זיי אלס א פארטיגען סובסטראט פאר זיינע בענקענישען און זיין פחד.

אין דער געזעלשאפט זיינען דא ארימע און רייכע, שטארקע און שוואכע. עס איז שלעכט צו זיין ארים, און עס איז ביטער צו זיין שוואך. בעקלאגט זיך דער זינגער אויף זייער שווער מזל. דערצעהלט ער, ווי זיי ליידען און ווי עס טהוט זיי וועה. אבער ער שטעלט ניט קיין פראגען. ער פערקוקט זיך ניט אין׳ם גרונד פון געזעלשאפטליכער אונגלייכהייט.

אין דער היינטיגער וועלט זיינען דא גרויסע שטעדט. די שטעדט זיינען פול מיט גערויש און געפילדער. דער איינציגער מענש ווערט דארט פערפאלען, ווי א טראפען אין ים. די שטאדט איז א גיהנם און ווערט רעגיערט פון דעם טייוועל. דערצעהלט דער דיכטער, ווי שלעכט עס פיהלט זיך דארט דער שוואכער.

פאלט אריין אן ארימאן
אין דער רייכער שטאדט,
דאכט זיך איהם, אז יעדעס הויז
קוקט אויף איהם מיט שפאט.

דאכט זיך איהם, אז יעדער סלופּ,
יעדער שטיין אין ברוּ
שרייט איהם: דרך־ארץ, לומפּ!
וואַרפט אַ קרומען קוק.

אָבער אויך דאָ פערטראַכט זיך ניט דער דיכטער וועגען די סבות, און ער פרעגט ניט: אפשר איז אין שטאָדט פּאַראָן עפּעס מעהר, איידער עס זעהט דער „אָרימער מענשעל".

פאַר רייזען'ען איז דאָס ניט וויכטיג. זיינע דערשלאָגענע מענשען קענען פון דער שטאָדט קיין אַנדער איינדרוק ניט בעקומען. זיי זיינען ניט סאָציאַל.

דער איינציגער סאָציאַלער מאָמענט אין רייזען'ס פּאָעזיע איז — דאָס מיטגעפיהל, וואָס ער וועקט צו די שוואַכע. עפּעס ווייסט ער אזוינס וועגען אָרימע, שטילע און דערשלאָגענע, וואָס קיינער ווייסט ניט. ער איז זייער אדוואָקאט, זייער מליץ יושר פאַר דער גרויסער רוישיגער וועלט. ער מיט זיי פעראייניגט זיך אונטער איין טיטעל: „מיר קבצנים":

...אַז מיר ריידען,
לאָזען מיר אראָב דעם פּנים,
און די ווערטער שטיל, געוואויגען,
ווי עס פּאַסט פאַר אונז קבצנים.

עס איז דאָ אַ וועלט פול מיט אָט די קבצנים. זיי זיינען פּראָסטע מענשלעך. זייערע השגות זיינען קליינע. זייערע זאָרגען — אַלטעגליכע. זיי ווייסען ניט פון די ברייטע וועגען פון מענשליכען געדאַנק און געפיהל. זיי זיינען עהנליך איינער אויף'ן אַנדערען, ווי צוויי טראָפּען וואַסער. אָבער זיי ליידען. יעדער איינער פון זיי לאָזט ארויס אַ זיפץ, צי אַ קרעכץ, און דער פּאָעט זאַמעלט די אַלע זיפצען און די אַלע קרעכצען און וועבט פון זיי מעלאַדישע לידער און וועקט רחמנות אין אונזער הארצען.

דער הימעל פערצאָרענט,
די ווינדען — זיי בלאָזען;
וואו ביזטו, מיין ברודער,
פערגעסען, פערלאָזען?

וואו ביזטו פערוואָרפען,
איז וואָס פאר אַ שטערטעל?
צו האָסטו אַ דירה,
צו האָסטו אַ בעטעל?

אַט שפּיעלען זיך קינדער. עס געהט פאַרביי דער אַלטער מלמד. ער האָט פיינט, אז קינדער שפּיעלען. ער איז אָנגעכמורעט, בייז. דער דיכטער ווארענט די קינדערלעך: האָט רחמנות אויף אייער רבי'ן, מאַכט ניט קיין טומעל, דער'רגזנ'ט איהם ניט; ווארים ער איז קראנק און צובראָכען:

דאָס לעבען דאָס הארטע האָט הארט איהם געמאַכט—
אַ, איינגעלעך ליעבע, פאר אייך ניט געדאַכט!...

„האָט רחמנות!" בעטען זיך דעם דיכטער'ס שטילע געזאַנגען. און „האָט רחמנות" קלינגט אויף פון די פאָר נאַציאָנאַלע ליעדער, וואָס רייזען האָט געשאַפען. עס איז ניט מעהר ווי אַ זיפץ אויף דעם פערוואָגעלטען פאָלק:

צו פיהלסטו מיין פריינד,
וואָס איז דאָס אזוינס—
אַ פאָלק'ל אַ קליינס,
און גרוים איז דער פיינד?

אָהן וואפען, אָהן מוט...
און האָט ניט קיין שוץ,
און הפקר זיין גוטס,
און הפקר זיין בלוט...

דאָס איז אַלץ דער זעלביגער אידישער נעבעך...

---

## IV.

יא, אָבער רייזען האָט דאָך געשריבען אויך מונטערע ליעדער? רייזען'ס פּריוואַט־מאָטיוון האָבען דאָך געזונגען די רעוואָלוציאָנערע אידישע ארבייטער אין דער שטורעם־און־דראנג־

צייט? ביי רייזען׳ען איז דאָך דאָ אויך „די וואנד“ און „דער שטור־רעם“ און „צו די דעמאָנסטראנטען“? דאָס בעווייזט דאָך, אַז זיין ליריק פערמאָגט אויך אנדערע טענער?

ניין, דאָס איז קיין בעווייז ניט. אמת, צוויי־דריי פון זיינע פרייהייטס־ליעדער קלינגען טאקע שטארק און יונג. אזוי איז „די וואנד“ („די אויגען פול צאָרען, פערגאָסען מיט בלוט“) און „אוי, וואָס קלינגט איהר, קירכען־גלאָקען“. זיינען די מאָטיווען אָבער גע־נומען פון פ ר ע מ ד ע. „די וואנד“ איז אי לויט איהר אינהאלט, אי לויט איהר ריטם אַ נאָכאהמונג פון היינע׳ס „וועבער“. די איבעריגע זיינען איבערהויפּט אַן אָבקלאַנג פון די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אין דער אידישער גאַס. אָבער זיי שטעהען א ל י י ן אין מיטען רייזען׳ס ליריק. זיי קלעפּען זיך ניט מיט דעם איבע־ריגען. זיי זיינען צופעליגע ערשיינונגען. דאָס, וואָס דער גרויסער עולם האָט זיי אונטערגעכאַפּט און געזונגען, בעווייזט נאָר, אַז זיי האָבען מעהר געפּאסט צו דער שטימונג פון דער רעוואָלוציאָנס־צייט, איידער די אומעטיגע ליעדער.

יעדענפאלס זיינען זיי פאר רייזען׳ען ניט כאראקטעריסטיש.

נעהמט שוין אזא ליעד, ווי „הוליעט, הוליעט ביזע ווינדען“. מען רעכענט עס צווישען די פרייהייטס־ליעדער. דאָס איז ניט ריכטיג. ס׳איז פול מיט אָבהענגיגקייט, מיט שוואכקייט. דער זינגער גלויבט ניט אין דער גאולה. די ביזע ווינדען הערשען. די ביזע קרעפטען הוליען פריי, טהוען וואָס זיי געפעלט. דער מענש זעהט עס צו און האָט קיין מעגליכקייט ניט אָבצושטעלען זייערע ווילדע מעשים. דאָס איז די זעלביגע אומדערבארעמדיגע אויסער־ליכע וועלט, וועלכע פּלאָגט און מאטערט אלע רייזען׳ס קבצנים.

הוליעט, הוליעט, ביזע ווינדען,
איצט איז אייער צייט!
לאנג וועט דויערען דער ווינטער,
זומער איז נאָך ווייט!...

וואָס ס׳איז יא דאָ ביי רייזען׳ען, ווי ביי אלע עלענדע, איז דער שטילער, שעמעוודיגער טרוים וועגען עפּעס בעסערס. עס איז

נאך אפילו ניט קיין וואונש, עס איז ניט קיין גלויבען, עס איז ניט קיין תפלה. עס איז א בעהאלטענע, אונזיכערע בענקשאפט נאך עפעס אזוינס, וואס ס'איז א היפך פון דעם אייביגען הארץ־וועה. די ראזיגע בענקשאפט איז א געזעצליך קינד פון דעם אומעט, און זי איז פונקט אזוי בלאס און הכנעה'דיג, ווי ער.

אוי, שאטענס און שפינוועבס, ניט מעהרער,
און שטיל איז, עס הערט זיך קיין קלאנג;
אין הארצען נאר פאכט עס און קלינגט מיר
א טרויריג־געצויגען געזאנג.

דאס יאמערט מיין זעעלע און קלאגט זיך:
פערטראגען שוין קען זי ניט מעהר!
זי רייסט זיך צו ליכט און צו פרייהייט
און דא—אזוי דונקעל און שווער!...

אין די עטליכע שורות איז דער שליסעל צו רייזען'ס בענקשאפט נאך ליכט און פרייהייט און לעבען. קיינמאל ווייסט איהר ניט, וואס איז גרעסער: די מאכט פון די „שאטענס און שפינוועבס“, צו דער טרוים וועגען פרייהייט. איינס איז געבונדען אין צווייטען. דאס ווארט „זון“ ווערט נאר געברויכט, כדי צו בעטאנען דעם חושך. הערשען הערשט דער הערבסט מיט זיינע וואלקענס און זיין קעלט. און אפילו ווען דער דיכטער רופט „לעבען, לעבען!“ און אפילו ווען „ס'ווילט זיך נאך א הויב טהאן ווייט און הויך די הענד און אריבערשפרינגען צוימען, מויערס, ווענד“, און אפילו ווען ער אומארמט זיין געליעבטע, בלייבט ער דאך אין גרונד פון זיין נשמה אזוי טרויעריג, אזוי איינזאם, אזוי פערלאזען פון גאט און פון מענשען.

די נאטירליכע רעאקציע אויף דעם אייביגען נאגענדען וועהטאג איז — ניט פיהלען, פערגעסען זיך, פערזינקען אין נירוואנא.

שא, מיין ליעבער,
כ'שליס די אויגען — — —
אליץ פאראיבער, אליץ פערפלויגען — — —
ס'איז א חלום, ס'איז א חלום!...

די בעסטע זאך איז: גאר וועגען קיין זאך ניט טראכטען, לאזען די גערעאנקען קריכען, פויל און לאנגזאם, וואוהין זיי ווילט זיך. אדער אניט זיך אוועקלאזען וואנדערען, אהן א ציעל.

דאס גליק פערשפיעלט איז סיי ווי סיי,
די רייכקייט אויך, די ליעבע אויך;
טא לאמיר ווערען פויגעל־פריי,
ווי יענע, זעהסטו, אין דער הויך...

זעלטען ווען א ביטערער שמייכעל בעווייזט זיך אויף די ליפען, — א שמייכעל וואס איז מבטל דעם אייגענעם אומגליק. אין די לעצטע יאהרען הויבען מיר אן בעגעגענען ביי רייזען'ען אויך אזוינע ליעדער. איינס פון די בעסטע אין דעם פרט איז „צום מזל“:

בעט איך רעגען — שיינט די זון,
בעט איך זון־שיין — פלייצט א רעגען;
מזל, וואס ועט זיין דערפון,
וואס דו געהסט מיר אליץ אנטקעגען?

וואס איך בעט און וואס איך וויל,
ווילסטו קיינמאל ניט ערפילען:
מזל, אויב דאס איז א שפיעל,
דאן געפעלט מיר — לאמיר שפיעלען.

אין דער לעצטער צייט האבען זיך איבערהויפט אנגעהויבען בעווייזען ביי רייזען'ען נייע מאטיווען. אמאל א געשריי פון שטארקען שמערץ („מיר דאכט זיך, די ערד איז צעשטויסענע גלאז, און איך געה — די פיס זיינען נאקעט, און שפיציג דאס גלאז — עס טהוט וועה“); אמאל דער הייסער וואונש נאך א בשורה — זאל זיין א שלעכטע, א ביטערע, אבי א בשורה („קום שוין, קום שוין, אומבעקאנטער, קלאפ מיר אן אין טהיר“); אמאל א רוהיגער, ערהאבענער טאן פון פערגעבונג, א נעילה־שטימונג אין די שטראהלען פון דער אונטערגעהענדער זון („גוטע מענשען, שלעכטע

— אַלע זענען גלײך"). די אַלע פּראָבען בעווײזען, אַז רײזען האָט נאָך אין וואַקסען, אין ענטוויקלען זיך, אַז ער מיהט זיך אַנצוטאַפּען נײע סטרונעס און געפינען נײע אַקאָרדען. אָבער דערווײלע בלײבען דאָס פּעראײנצעלטע פּראָבען, וואָס ענדערען נאָך ניט דעם גאַנצען כאַראַקטער פון זײן ליריק. דער דריטער באַנד פון זײנע ליעדער („אבענד־קלאַנגען") איז אין פילע פּרטים אַ טריט פאָרווערטס אין פערגלײך מיט די ערשטע צווײ. אָבער אויך אויף איהם ליגט דער אײגענטימליכער שטעמפּעל, וואָס אויף אַלע איבעריגע. אין די „אבענד־קלאַנגען" זעהען מיר אַ מענשען אַ רײפערען, אַן אויסגעפּרואווטען, וואָס גלויבט, אַז זײן טאָג פערגעהט, זײן אבענד איז שוין נאָהענט. און דער דאָזיגער עלטער געוואָרענער מאַן טראַגט דאָס זעלביגע האַרץ פול מיט זאָרגען, און אַזוי פער'יתום'ט און פערוואָגעלט איז ער אין דער גרויסער וועלט.

בליק, גאָט, אראָב פון הימעל
און זעה דײן אָרים קינד,
וואָס האָט אין וועג פערבלאָנדזשעט
אין רעגען, נאַכט און ווינד.

צינד אָן דאָרט אין דײן הימעל
אַ שטערענדעל כאָטש וואו,
כ'זאָל קענען געהן און זוכען
אַן אָרט פאַר שוץ און רוה...

דאָס איז דאָס פּאָרלעצטע ליעד פון רײזען'ס לעצטער זאַמלונג.

---

## V.

רײזען'ס ליעדער זײנען, נאַטירליך, ניט אַלע גלײך גוט. ער אַלײן האָט וועניג פון דעם באַנד, וואָס איז ערשיענען אונטער'ן נאָמען „נײע ווערק" אין וואַרשאַ, אין יאָהר 1911, הגם אויך דאָרטען געפינען מיר פילע וואונדער־שעהנע ליעדער („אין אַ זומער־

נאכט", „חנוכה", „דאס לעבען" און אנדערע). אין די איבעריגע בענד קען מען אויך ניט זעלטען געפינען א שוואך געדיכט. אבער איינס פיהלט איהר שטענדיג, וואס איהר זאלט ניט לייענען ביי רייזען'ען: ער איז אויפריכטיג, ער איז נאטירליך. ער האט קיין פראגראם ניט. אט אזוי פיהלט ער — און אט אזוי שרייבט ער. ער איז אין גאנצען אין זיין ליריק.

און עס איז פאראן א בעזונדער חן און א בעזונדערע היימ־ליבקייט אין דעם גרעסטען טהייל פון זיינע לידער. זיי זיינען נאהענט צו אייך, זיי לאשטשען זיך צו אייך, ווי קראנקע קינדער.

דאס איז דערפאר, וואס ס'איז דא א פאלשטענדיגע הארמא־ניע צווישען דעם אינהאלט און דער פארם פון די לידער. קיין איינציגער דיסאנאנס, קיין פאלשער טאן. עס טרעפט א נ י ט־ג ע ל ו נ ג ע נ ע ר מאטיוו· אבער קיינמאל ניט קיין פאלשער.

עס איז איבערהויפט ניט מעגליך דורכצופיהרען א גרענעץ־ליניע צווישען אינהאלט און פארם אין רייזען'ס ליריק. אט די קורצע, דורכזיכטיגע, איינפאכע, נאאיווע ווערטער פאסען אזוי גוט צו דעם, וואס דער דיכטער וויל זאגען, זיי פליסען אזוי נא־טירליך און קאמבינירען זיך אזוי זעלבסטפערשטענדליך, אז אייך קומט גאר ניט אויפ'ן געדאנק, אז דאס איז א קונסט־געשעפט. פשוט איז פשוט: אזוי דארף דאס זיין און אזוי א י ז דאס. און אנדערש קענט איהר דאס זיך ניט פארשטעלען.

איך האב א מערקווירדיגע ערפאהרונג. ווען איך לייען אי־בער רייזען'ס א געדיכט, אפילו אזוינס, וואס איך קען שוין פון לאנג, מוז איך נאכדעם זיצען אביסעל און זיך איינהערען אין דעם אבקלאנג, וואס ציטערט אין מיר. עס איז אזוי, פונקט ווי איהר האט געהערט א שוואכען טאן דורכקלינגען אין דער לופט; דער טאן איז שוין פערשוואונדען, אבער איהר הערט זיך נאך אלץ איין און ס'דאכט זיך אייך: א שאטען פון דעם טאן ציהט נאך דורך דער לופט און האלט אין פערקלינגען.

דאס איז די אויפריכטיגקייט, די איינפאכקייט, די דורכ־זיכטיגקייט פון דער ליריק.

מיר האבען געזעהן: ניט ברייט איז דער שוואונג פון רייזען'ס פאעזיע. עס איז ניטא אין זיין מוזיק ניט דער מעטאלענער רוף

פון טראָמפּייט, ניט דער דונער פון פויקען, ניט דאָס פּיעלקאָליע־רענדיגע געזאַנג פון די פיעדלען. רייזען׳ס אינסטרומענט איז שוין גיכער דער וויאָלאָנטשעל מיט זיינע פערנעבעלטע, אומעטיגע טענער. אבער אויף די סטרונעס פון אָט דעם אינסטרומענט שפּיעלט רייזען אזוי הארציג, אזוי ווייך, אזוי ריהרענד, אַז עס פערכאַפּט אייער נשמה.

רייזען איז דער שטילסטער און בעשיידענסטער פון אלע אונזערע דיכטער.

זיין שפּראך איז ניט רייך, זיינע ריטמען זיינען ניט פערשיידענארטיג. די לעצטע צייט האָט ער אַנגעהויבען זאָרגפעלטיגער בעארבייטען זיינע ליעדער, זוכען נייע הארמאָניען. אָבער די מעגליכקייטען זיינען בעגרענעצט, ערשטענס דורך דעם, וואָס ער איז א ריינער ליריקער — אָהן עפּאָס, אָהן באלאדען, אָהן לעגענדען, אָהן דראמאטישע פערזוכען — צווייטענס, דורך דעם, וואָס זיין ליריק אליין בעוועגט זיך אין געוויסע ענגע ראמען.

פונדעסטוועגען בעגעגענען זיך ביי איהם אָפט אַזוינע מוזיקאלישע זאכען, וואָס מאכען אַן אויסגעצייכענטען איינדרוק. אין קורצע 8־שורה׳דיגע ליעדער האָט ער קיין גלייכען ניט צו זיך צווישען אידישע דיכטער.



רייזען איז נעהענטער פון אלע צום טאָן פון דעם אידישען פּאָלקס־שאפען. ער אליין האָט אַ נאָמען געגעבען איינינגע פון זיינע ליעדער: „פּאָלקס־מאָטיוען“. אָבער דאָס איז אַן איבעריגע זאך: א ל ע זיינע ליעדער זיינען מעהר אָדער וועניגער פּאָלקס־מאָטיוען. אלע זיינע ליעדער האָבען דעם חנ׳עווריגען ליעבליכען טאָן און די קריסטאָל־קלאָהרע איינפאכקייט פון א פּאָלקס־ליעד. רייזען פערשפּארט זיך צופּאסען „צום גייסט“ פון פּאָלק. ער א י ז אזוי. ער קען ניט אַנדערש. ער איז דורך און דורך נאציאָנאל, אפשר אליין ניט וויסענדיג וועגען דעם. מיר מעגען דאנקבאר זיין

ליטא מיט דעם חדר, מיט דעם גאנצען שטערטעלדיגען לעבען, וואס זיי האבען געמאכט דעם דיכטער פאר אזא עכטען פאלקס־מענש.

נעהמט דאס ערשטע בעסטע רייזען'ס ליעד, לאמיר זאגען „די היילונג" :

קוש מיר אוים די גראהע האר,
מיין זיס הארץ,
אפשר וועלען זיי צוריק
ווערען שווארץ !

דאכט זיך אייך ניט, אז דאס פאלק אליין האט געקענט אזוינע שורות בעשאפען ?

אדער נעהמט אן אנדער ליעד : „חנוכה".

„ברוך אתה",
זינגט דער טאטע
און ער צינדט די ליכט,
און די שטראהלען,
מילדע, פאלען
אויף זיין בלאס געזיכט.

און א פייער —
הייליג טהייער —
אין די אויגען לייכט,
און דער מיעדער
מיט די גליעדער
האט זיך אויסגעגלייכט...

ווען מיר וואלטען אידישע שולען געהאט, וואלטען אלע אי־דישע קינדער אזוינע און אנדערע רייזען'ס ליעדער אויף אויס־ווענדיג געקענט, און דאס פאלק וואלט אין א געלייטערטער פארם צוריק בעקומען דאס, מיט וואס ס'האט בעשענקט דעם דיכטער.

רייזען האָט געגעבען אַן אויסדרוק נאָר צו איין זייט פון דעם פאָלק'ס נשמה. די איבעריגע זייטען האָט ער געלאָזט פאַר אַנדערע — פאַר פּרץ'ען, ביאַליק'ען און פאַר די, וואָס וועלען נאָך קומען נאָך זיי. אָבער פון זיין ווינקעלע איז ער גאָר גאָר נאָהענט צוגעגאַנגען צו די קוואלען און האָט אונז רייכער געמאַכט מיט דעם פאָלק'ס רייכטהום.

(1915).

---

## אברהם רייזען'ס „אבענד־קלאַנגען".

וועגען רייזען'ען רעדט מען ניט פיעל; די קריטיק האָט זיך מיט איהם גאָר ווייניג אָבגעגעבען, דערפאַר ליי ענ ט מען איהם אַ סך און ליעב האָט מען איהם. און דאָס איז, כ'לעבען, אַ סך בעסער, איידער ווען די געשיכטע וואָלט געווען פערקעהרט.

רייזען אין אונזער ליטעראַטור איז ווי יענער אַלטינקער זיידע אין אַ גרויסער פאַמיליע. קיינער קוקט זיך אויף איהם, דאַכט זיך, גאָר ניט אום; יעדערער איז פערנומען מיט זיינע אייגענע עסקים; אין שטוב איז אַ רעש, אַ טומעל, אַ הו־האַ. אָבער יעדען איז אַזוי זיס אויפ'ן האַרצען, וואָס ס'איז דאָ דאָרט אין ווינקעלע אַ שטילער, ליעבער זיידע מיט אַ גוטען שמייכעל אויף די ליפּען. און פּרובט: זאָל דער זיידע ערגעץ פערשווינדען, וועלען אַלע פיהלען, אַז זיי פעהלט עפּעס.

רייזען אין אונזער ליטעראַטור געהט זיך זיין וועג — שטיל, געלאַסען, בנעימות'דיג, מיט אַ האַלב־מיעדען שמייכעל אויף די ליפּען. דאַכט זיך: איהר קענט איהם שוין גוט. דאַכט זיך: איהר וועט שוין פון איהם קיין נייע ווערטער ניט הערען. אָבער געהט אַרויס אַ נייע זאַמלונג פון זיינע נאָוועלען אָדער ליעדער, כאַפּט מען זיך צו זיי פריהער ווי אַלצדינג, און עפּעס אַזוי וואַרים, היימליך ווערט אייך אויפ'ן האַרצען, ווען איהר לייענט זיי. עס איז דער אַלטער, דורך־און־דורך בעקאַנטער רייזען, אָבער אַלע מאָל געפינט איהר אין זיינע זאַכען אַ נייעם אָבקלאַנג, אַ נייעם

קנייטש, א נייעם איינפאל. און איהר טראכט זיך: עס איז גוט, וואס ס'איז דא א רייזען אויף דער וועלט...

אין דעם נייעם באנד ליעדער קעהרט זיך רייזען אלע מאל אום צום גערדאנק וועגען אלטקייט. שוין די זאמלונג אליין האט ער אנגערופען „א ב ע נ ד־קלאנגען". ער האט

געטראכט פון די ביסעלע יאהרען.
וואס זיינען זיך רוישיג צופאהרען...
געבליבען צו פאהרען ניט פיעל—
עס טונקעלט... פארנאכט...עס ווערט קיהל!...

אין אן אנדער ליעד, וואס דארף דיענען אלס שלום־אקארד צום גאנצען זינגענדיגען בוך, שרייבט ער:

דאס שעהנסטע ליעד־געזאנג,
די שעהנסטע מעלאדיען,
ניט זינג ביים בליהען,
נור זינג ביים אונטערגאנג.

דאס בליהען, פריינד, איז שעהן,
עס זינגט און קלינגט אליין!
דער אונטערגאנג איז וועה און מיעד,
פערזינג, פערקלינג עס מיט א ליעד!...

עס קומט אויס, אז דער דיכטער פיהלט זיך, ווי אן אלטער מאן, ווי א מענש, וואס דערנעהנטערט זיך צום אונטערגאנג. דאס איז, נאטירליך, נור א שטימונג, א פאעטישע עמפפינדונג. דאס איז ניט קיין סימן פון שוואכקייט. אין די „אבענד־קלאנגען" איז, פערקעהרט, א סך מעהר לעבען און א סך העלערע פארבען, ווי אין די פריהערדיגע רייזען'ס ליעדער. די דאזיגע שטימונג פון „אלט־קייט" האט אבער אריינגעטראגען אין זיינע געזאנגען א בעזונדע־רען, נייעם טאן. דער פאעט פיהלט זיך אפט העכער פון'ם לעבען, העכער פון גוטס און שלעכטס — און א גרויסע הארמאנישע רוה

לאזט אראב איהרע פליגלען אויף זיין נשמה. דאס איז די פי־לאזאפישע רוה פון אלצדינג־וויסען און אלצדינג־פערגעבען.

כ׳טראג א הארץ פול ליעבע,
כ׳בין מיט ליעבע רייך:
גוטע מענשען, שלעכטע —
אלע זיינען גלייך.

אלע שפיעלען זיך נור, אלע זיינען ווי קינדער: מ׳איז יונג און מ׳איז אלט, און מען ליידט און מען יאגט זיך נאך גליק און מען מאטערט זיך אין נעצען פון ביטערע גערדאנקען. דער דיכטער אבער בעטראכט דאס אלעס פו אויבען, און האט מיט־געפיהל מיט אלעמען:

קוק מיט פאטער־אויגען
אויפ׳ן קורצען שפיעל...
גיב זיך אפט א בייזער,
אבער ניט צו־פיעל!

דען די קינדער שפיעלען
ביז ס׳פערגעהט די זון,
און זיי געען שלאפען —
ס׳איז קיין בייז דערפון!

מיט דער זעלביגער גרויסמוטיגער רוה בעגעגענט דער דיכ־טער זיין אייגענעם שווערען מזל. ס׳איז דען כדאי זיך צו ערגערען, צו ברויזען מיט כעס און ליידענשאפט, וואס דאס מזל טהוט כסדר אלץ קאפויר? דאס גאנצע לעבען איז דאך נור א שפיעל — „ביז ס׳פערגעהט די זון". נו, וואס־זשע זאל זיין!

וואס איך בעט און וואס איך וויל,
ווילסטו קיינמאל ניט ערפילען;—
מזל, אויב דאס איז א שפיעל,
דאן געפעלט מיר — לאמיר שפיעלען!...

אין די „אבענד־קלאנגען“ איז פאראן ניט קיין סך אזוינע ליע־דער, וואס דערצעהלען אונז דירעקט וועגען אט דער גרונד־שטימונג פון רייזען'ס איצטיגען שאפען. אבער אן אבקלאנג פון דער דא־זיגער שטימונג פיהלט זיך כמעט אין אלע לידער פון דעם נייעם בוך — און דאס מאכט זיי ערנסטער, צייטיגער, בעדייטונגספו־לער, זיי בעקומען דורך דעם א פולערען, טיעפערען קלאנג.

דער דיכטער לעבט מיט אלצדינג, וואס ס'טהוט זיך אויף דער וועלט. ער איז ווי דער טהייערסטער אינסטרומענט מיט אן אונ־ענדליכער צאהל סטרונעס. טהוט זיך עפעס אין דער אויסען־וועלט, — קלינגט און ציטערט און זינגט שטילערהייט אן ענטפערענדע סטרונע. אבער אין דער זעלבער צייט הערט ניט אויף צו קלינ־גען דער גרונד־טאן, וועלכער גיסט זיך וואונדערבאר צונויף מיט אלע איבעריגע מאטיווען.

די גאמע פון רייזען'ס מעלאדיען איז אין איצטיגען באנד א סך ברייטער און רייכער, איידער אין אלע פריהערדיגע. דאס ליעד פון שוואכקייט, פון קבצנות, פון עלענדקייט בעגעגענט זיך נאך איצט אויך („עס בעפאלען מיך אנגסטען פון לעבען, עס בע־פאלט מיך פון לעבען דער שרעק“, אדער: „שווארצע דיקע כמא־רעס אויף מיין הימעל תעננען; וואס־זשע טראגט איהר, כמארעס, וואס וועט איהר מיר ברענגען?“). אבער די דאזיגע מעמעס פערנעהמען שוין ניט דעם אויבען־אן. דער פאעט האט דערפיהלט, אז ס'איז דא א ברייטערע וועלט מיט א גאנצען ים פון געפיהלען, מיט א גרויסען אוצר פון געשטאלטען.

און ער רופט זיך אב.

אפטמאל פיהלט איהר ביי איהם גאר א שטארקען וועה־טאג, גאר א שניידענדיגען, שארפען שמערץ, וואס איז איהם פריי־הער געוועזן אומבעקאנט:

„מיר דאכט זיך, די ערד איז צושטויסענער גלאז,<br>
און איך געה —<br>
די פיס זיינען נאקעט, און שפיציג דער גלאז —<br>
עס טהוט וועה!“

אפט דערהערט איהר ביי איהם אַ לייכטזיניגען, שטיפע־ רישען, איגנעלשען טאָן: געלעבט איז געלעבט!

ליעבסטע, אַ שמעטערלינג זיין וויל איך אויך,
מיר געפעלט!
קורץ איז דאָס לעבען, עס איז נור אַ הויך
אין דער וועלט!

אמאָל איבערראשט ער אייך מיט אַ ליעבער וויציגער סאטירע. אַ פויגעל אַ וואנדערער קומט פון ווייטע לענדער און געפינט זיין נעסט צושטערט. דער בוים — דער רוהיגער, געזעצטער בעל־ הבית — הויבט איהם אַן מוסר'ן, וואָס ער טראכט ניט פון זיין תכלית. דער בוים בעריהמט זיך: זעה, ווי איך שטעה, אזוי פעסט, אזוי זיכער!

דער פויגעל, ער שווייגט, אויפ'ן מויל ווי אַ זיעגעל.
ער טראכט: „דו האָסט וואָרצלען, איך אָבער—פליגעל!...“

אפט רעדט דער דיכטער פון ליעבע. און אויך דאָ פיהלט זיך, אז ער איז טיעפער, ערנסטער געוואָרען. דער אלטער נאָגענדער מאָן איז כמעט ווי פערשוואונדען. עס איז דאָ וועהטאָג (ווי איז דען מעגליך ליעבע אָהן וועהטאָג?), עס איז דאָ בענקשאַפט (דאָס איז דאָך שטענדיג דער שאָטען פון ליעבע), עס איז אָבער ניטאָ דער וויינענדיגער ניגון, וואָס פלעגט אָפט קלינגען אין רייזען'ס ליעבע־ליעדער. גאָר פלוצלונג קען דער פּאָעט זיך צולאכען — פריש, הויך, לעבעדיג, פון'ם פולען הארצען, ווי אַן אמת'ער קלוגער פילאָזאָף.

וואָס איז פריהלינג? פריהלינג איז ליעבע.
וואָס איז ליעבע? ליעבע איז פריהלינג.
פריהלינג און ליעבע—פון גאָט'ס גנאדען ביידע,
ביידע אַ גאָלדענער, אַ ליכטיגער צווילינג.

זאָל זיין: דעם פּאָעט אליין איז אזאַ ליעבע ניט בעשערט, אָבער דעם ווערטה איהרען פערשטעהט ער, און זינגען קען ער פון איהר מיט אַ העלען טאָן.

און עס איז אזוי נאטירליך, וואס רייזען האט זיך איצט אומגעקוקט אויף דעם אייביגען בוך פון ליעבע — „שיר השירים". רייזען האט גענומען איינצעלנע מאמענטען, איינציגע שורות פון דעם גרויסען געזאנג, און האט זיי איבערגעדיכטעט, איבערגע־שמאלצען אויף זיין אייגענעם שטייגער. זיינען ארויסגעקומען אויסגעצייכענטע קליינע געדיכטען. דער ריטם פון דער ביבעל איז פערשוואונדען אין גאנצען, אבער אין רייזען'ס פאעזיע זיי־נען צוגעקומען עטליכע בלומען. אזוי איז בעזונדערס דאס ליעד אויף דער טעמע: „מי יתנך כאח לי".

איך וואלט פאר א ברודער דיך האבען געגלוסט,
וואס האט ביי מיין מאמען געזויגען די ברוסט,
דאן וואלסטו געווען מיר ניט פרעמד און ניט ווייט,
און קושען דיך וואלט איך אין גאס צווישען לייט.

איינס פעהלט אין דעם נייעם בוך כמעט אין גאנצען: קאמפפס־מאטיווען. דא צאהלט רייזען מס דער געשלאגענער שטימונג אין דער אידישער וועלט. אבער אן אויסגעצייכענטער געדאנק איז איהם איצט איינגעפאלען: אויסנוצען די ווערטער פון די נביאים, וועלכעריידען פון פרייהייט און שטראפען די שלעכטע געזעל־שאפטליכע ארדנונג. די פראבע איז איהם גלענצענד געראטען און מיר האבען פאר זיך א פראכטפאלע סעריע סאציאלע ליעדער. די בעסטע זיינען, דאכט זיך, פון ירמיה, אויפ'ן מאטיוו „הוי החוקקים" און „הוי בונה ביתו":

וועה איז יענעם אויף דער וועלט,
ווער זיין הויז אהן משפט שטעלט,
און דעם חבר אויסגענוצט,
און די צימערען פערפוצט,

און די ווענד געפארבט פערשיעדען
מיט דער ארבייט פון דעם מידען.
ניט קיין פארב איז דאס, נור בלוט!
וועה איז יענעם, ווער דאס טהוט...

צו די סאָציאַלע לידער געהערען אויף די עטליכע, וואָס רייַדען וועגען די אַמעריקאַנער אידען. רייזען, ווי כמעט אַלע היינטיגע אידישע שרייבער, איז דאָך נור אַ העלפט — אַ רוסישער, מיט דער אַנדערער העלפט איז ער איינגעוועבט אין אַמעריקאַנער לעבען. ווי אַן אמת'ער דיכטער, פיהלט ער דעם אינוועניגסטען ציטער פון די אידישע נשמות אין אַמעריקאַ, די צוריסענהייט פון דעם לעבען, וואָס איז האַלב אויף דער זייט אָקעאַן, האַלב אויף יענער זייט. איך קען ניט קיין שעהנער ליער אין דער אידישער ליטעראַטור, ווי די זעקס שורות פון רייזען'ען, וועלכע זיינען געווידמעט זיינע אַמעריקאַנער חברים:

עס ציהט זיי צום שורש, עס ציהט זיי צום שטאַם,
די אָרימע ברידער פון יענער זייט ים.
עס רוישט און עס ברויזט די געפּונענע וועלט,
די נייע, די פרייע — אויף גיך אויפגעשטעלט.
עס ציהט זיי צו אונז און אונז ציהט צו זיי,
און קראַנק זיינען ברידער אין וועלט־טיילען צוויי.

ווי ווייניג ווערטער — און וואָס פאַר אַ אויפריכטיגקייט פון געפיהל און אויסדרוק!

עס איז שווער זיך צו שיידען פון דעם נייעם בוך לידער. עס איז זיי דאָ אַזוי פיעל האַרץ און אַזוי פיעל האַרציגקייט, און אַזוי פיעל ריינע, אויסגעלייטערטע שעהנקייט. די שפּראַך איז אין זיי — אַן אמת'ע מוזיק, די ריטמען זיינען אין פערגלייך מיט די פריהערדיגע, אַ סך קלינגענדער און רייכער. די פּאָר אונגעלונגענע זאַכען, וואָס האָבען זיך אריינגעגנב'עט אין די „אַבענד־קלאַנגען" („די היילונג", „דער גרויסער ים") קענען ניט שטערען דעם אַלגעמיינעם איינדרוק פון עפּעס אַ פערענדיגטען, אין זיך געשלאָסענעם, האַרמאָנישען גאַנצען.

(1914).

# דוד איינהאָרן.

## I.

א קינד דרעהט זיך ארום אין פעלד. איינס אליין אין מי־טען גאָט'ס וועלט. אויבען א ווייטער הימעל, פון אלע זייטען דאָס פעלד אָהן א גרענעץ, — און דאָס קינד איז אליין. טאטע־מאמע האָבען עס פערגעסען, פרעמדע קימערען זיך ניט וועגען דעם, און קיינער וועט ניט קומען און אויסשטרעקען א האנד.

האָט דאָס קינד מורא? ניין. ס'איז איהם נאָר עפּעס אונ־היימליך אויפ'ן הארצען. דאָס פעלד איז שעהן. די גראזען סוד'ען זיך. א ווינטעל בלאָזט פון ערגעץ מיט א ריח פון בשמים. די זון נויגט זיך שוין צום ראנד הימעל. אלעס איז רוהיג און שטיל. אָבער דאָס קינד איז אומרוהיג. עס פערקוקט זיך אמאָל אויף דעם קלאָהרען הימעל, עס שטרעקט אויס א הענטעל צו א שמעטערלינג אין דער לופטען. אָט בעווייזט זיך גאָר א שמייכעל אויף די פריי־שע ליפּען. אָבער ניט קיין זיכערער איז דער שמייכעל. און אין הערצעל נאָגט, נאָגט...

וויינען? ניין. דאָס קינד וויינט ניט, אָבער צו גרויס איז פאר איהם די ערד, צו הויך דער הימעל, צו פיעל סודות לויערען פון אלע זייטען. און אליין איז דאָס קינד אזוי קליין. ווער וועט דאָס פּיעשטשען? ווער וועט זינגען א וויעג ליעד?

ס'וועט קומען נאכט. דאָס קינד וועט איינשלאָפען אויפ'ן גראָז. פאר'ן שלאָף וועט עס אזוי שטארק רחמנות האָבען אויף זיך אליין, אז טרעהרען וועלען זיך בעווייזען אין זיינע אויגען. און אזוי אין טרעהרען וועט עס שליסען די אויגען. אין שלאָף

וועט עס זיפּצען שטיל — און אמאָל וועט אַ שמייכעל זיך גליטשען איבער'ן טהוויאיגען פּנים'ל.

עמיץ האָט זיך פערבענקט...
צו דעם בלאָה־ווייסען רוים,
צו דעם נעץ פון די צערטליכע ליכטיגע שטראהלען
האָט פלוצלונג אַ שטילע מעלאָדיע דערגרייכט
ווי אַ טרוים,
און דערנאָך איז דער ווייטקייט פערפאַלען...
עמיץ האָט זיך פערבענקט...

ווער? דעם דיכטער'ס נשמה? אפשר יאָ, און אפשר ניט. די וועלט אליין איז דאָך פאַר איהם פול געווען מיט בענקשאַפט. די נאַטור — איין גרויסע מיסטעריע פון בענקשאַפט. עס שוועבט „אַן אומעט אויף דונקעלע פעלדער"; עס שטעהען „צעוואָרפענע אייזאַמע בוימלעך"; עס הענגט „אַ בלאָהער פערטרויערטער הי־מעל"; עס וועבען זיך „וויסליכע זיידענע נעבלען, ערפילט מיט אַ צערטליכען וועה"; עס שטאַרבען „פאַרנאַכטען ווי עלענדע קינ־דער"... ערגעץ אויף אַ פרישען קבר האָט „אַ קליינע פרויען־האַנד קליינע ווייסע בלימעלעך פערזייהט"... און אַ פערבענקטער גייסט איז אראָב פון'ם הימעל, סוד'עט פון פערגאַנגענעם גליק, ציהט ער־געץ, לאָזט קיינמאָל ניט צורוה

און וועקט דאָס האַרץ, און דריקט פון אויג אַ טרעהר
און רופט, רופט, נישט וויסענדיג אוואו...

אין די ערשטע יאָהרען פון זיין שאַפען איז די וועלט פאַר איינהאָרנ'ען געווען איינגעהילט אין נעבעלדיגע שלייערס. אלע לי־ניען זיינען געווען צושוואומען. אלע קאָנטורען האָבען זיך גע־וויעגט און געציטערט אין אַן אונבעשטימטען ליכט. אמאָל פלעגט די זון אריינשיינען צווישען די נעבעלס, האָט זיך בעשאַפען אַ ליכטיגער פלעק. אָפטער אָבער פלעגען שטילע שאָטענס זיך אויס־שפּרייטען און אָנפיהרען זייער כשוף־שפּיעל.

דאָס זיינען געווען די יאָהרען, ווען איינהאָרן האָט שוין צ ו אָ פּ ט געברויכט די ווערטער „שטיל" און „צערטליך" און „בלאָס", און „זיידען" און דאָס גלייכען. „אַ שטילעס געבעט", „שטילע

מעלאַדיע", „שעפּטשעז שטיל א תּפלה", „צערטליכער ווער",
„צערטליכע ווייסקייט", „צערטליכע שטראַהלעז", „ראָזער, צאַר־
טער שטראַהל", „בלאַסער, קרענקליכער שיין", „קליינע, בלאַסע
שטערענדלעך", „בלאַסע בת־מלכּה".

אין יענע צייטען האָט זיך נאָך איינהאָרן ניט געניטיגט
אין קיין ט ע מ ע ן. געגוג געווען זיך איינצוהערען אין אָט דעם
שטילען בענקען, וואָס ציהט און קלעמט אין האַרצען און איז גרייט
זיך צוצוטוליען צו אַלצדינג אויף דער וועלט; גענוג געווען זיך
איינצוקוקען אין דער אַרומיגער וואונדער־וועלט, וואָס איז גאָר
ניט רעאַל, וואָס איז נאָר אַ שעפּפונג פון אונזער פאַנטאַזיע, אַ מי־
ראַזש, אַ פאַנטאַסמאַגאָריע, ניט קוקענדיג אויף איהר כּלומר'שטי־
גער רעאַליטעט.

און איינהאָרן האָט ניט פיעל איבערגעטראַכט — און האָט
געזונגען. לויט זייער אינהאַלט זיינען די געזאַנגען ניט געווען ניי.
די מאָטיוועז האָבען ביי איהם אַליין זיך איבערגע'חזר'ט זעהר אָפט.
דערפאַר זיינען די ליעדער געווען אונענדליך ווייך, די שפּראַך דע־
ליקאַט, דער טאָן צערטליך, ריין און זיס, ווי דאָס קוים־הערבאַרע
קלינגען פון אַ גלעזערנעם גלעקעל ערגעץ ווייט. און מעהר ווי דער
טאָן און די שפּראַך האָט אונטערגעקויפט די קינדערשע אָפענ־
הערציגקייט און פרישקייט, וואָס האָט געהויכט פון די סטראָפען.

זיי זיינען געווען כּמעט צו סענטימענטאַל, צו ווייבליך. אָבער
דאָס האָט ניט געאַרט. ווייל הינטער זיי האָט זיך געפיהלט אַ מענש
אָהן אַ הויט, אַ מענש פון לויטער נערוועז, וואָס ציטערען, דאַכט
זיך, גאָר אָהן אַ אורזאַך און זינגען און קלינגען און קענען קיינ־
מאָל ניט רוהען. איינהאָרנ'ען האָט מען מוחל געווען דאָס, וואָס
עס וואָלט ביי אַנדערע געווען פעררדאָסיג. איינהאָרן'ס ליעדער זיי־
נען געווען אַזאַ טיעפער אונגעוועהנליכער אמת, אז מ'האָט פער־
געסען די געוועהנליכקייט פון זייער אינהאַלט. עס איז געווען אַ
גרויסער עסטעטישער פערגעניגען זיך איינצוהערען אין יעדען נייעם
ודוי פון אַ יונגער פער'חלומ'טער נשמה.

און איינהאָרן האָט געזונגען. ניין, ניט געזונגען, נאָר דער־
צעהלט האַרציג און ליעבליך, ווי צו אַן אייגענעם. ריכטיגער:
געקלאָגט זיך, געבעטען מיטגעפיהל.

איך בין דאָ אַ עלענדער געקומען פון דער ווייטען.
פרעמד איז מיר דער גאָט פון דאַנ׳, און פרעמד איז מיר
זיין שפּראַך.
נישט ער וועט מיין טרויער זעהן און נישט פערשטעהן
מיין תפלה,
חאָטש איך וועל מתפלל זיין, מתפלל זיין אַ סך.

עפּעס אזא מין הילפלאָזיגקייט האָט ארויסגעקוקט פון צוויי־
שען די שעהמעוודיגע ווערטער. אָבער דער דיכטער האָט ליעב גע־
האט זיין הילפלאָזיגקייט, ווי ס׳איז אמאָל ליעב אַ קראַנקען צו
פיהלען די שוואכקייט פון זיינע גליעדער, ווען ער הויבט שוין
אָן קומען צו זיך נאָך אַ שווערער קראַנקהייט. איינהאָרן האָט גע־
וועבט זיינע שורות ווי פון לבנה־שיין, און זייער כשוף האָט ער
אריינגעהויכט אין אונזער נשמה.

אלץ איז מיר פרעמד, אלץ איז מיר ווייט,
נישטאָ קיין אָרט, וואו בלייבען דאָ.
עס שיינט די זון, דער הימעל בלאָה,
נאָר מיר געהט יעדער שטראָהל פארביי...
אלץ איז מיר פרעמד, אלץ איז מיר ווייט.

אין אָט דער פרעמדער וועלט האָט נאָר **א י י ן** גרוס גע־
קענט קומען צום „עלענדען זינגער“: דער גרוס פון אַ ליעבער.
ער האָט פיעל געטרוימט וועגען איהר אין די „ראָזע און צארטע
פארנאכטען“, ער האָט געזוכט איהר געשטאַלט אין וואלד און
שטערען־שיין. זי איז געווען אין דעם רויטען שימער אויפ׳ן ראַנד
פונ׳ם הימעל ווען ס׳פערגעהט די זון. זי איז געווען דער אטהעם
פון דער נאַטור, די נשמה פון גאַר דער וועלט. זי איז אָבער ניט
געווען קיין לעבעדיגע מענשען־קינד פון פלייש און בלוט. זי
האָט געלעבט אין אַ הילע פון נעבלען און געווען **א ו נ פ ע ר־
ז ע נ ל י ך.**

זומערדיגע אבענדס! היימליכע געצעלטען,
בלאָהע און מיט טולען דונקעלע געבעט!
וואו איז אייער מלכה? אין דער לופטען פיהל איך
וועהט איהר ווארים אָטהעם, גליטשט זיך צארט און גלעט.

די דאַזיגע בענקשאַפט נאָך דער מלכה האָט ניט געשטערט דעם אלגעמיינעם טאָן פון איינהאָרן'ס „שטילע געזאַנגען". פער־קעהרט. דער חלום פון ליעבעס־גליק האָט זיך הארמאָניש צונויפ־געגאָסען מיט דעם גליק פון זעלבסט־רחמנות און דער זיסקייט פון אומעט. און ס'האָט זיך בעקומען יענער אייגענטימליכער קלאַנג, וואָס האָט אונז געמאכט איינהאָרנ'ען ליעב און ווערטהפול נאָך גאָר אין די ערשטע צייטען פון זיין שאפען.

מיין ליעד איז געפאַנגען אין ריטם פון טרויעריגע שטילע געזאַנגען.

עס סור'ען די ווערטער, ווי בלעטער וואָס וועלקען און פאַלען פון בוים;

עס ציהען זיך פערזען נאָך פערזען, ווי בייטען מיט שפעטיגע זאנגען

פון אונטער א הימעל א גרויען, וואָס זיפט מיט א רעגעלע קוים.

דאָס איז געווען דער גרונד־מאָטיוו. דאָס איז געווען איינ־האָרן. בין־השמשות־שטימונגען דערצעהלט מיט א מרה־שחורה'־דיגען נגון. א שטילער אָבזאָג פון גליק, ווייל נאָך גליק קען מען נאָר בענקען און עס קיינמאָל ניט דערגרייכען. א טרעהר פון א קינד און א שמייכעל פון שלאָף.

די שפּראַך איז אין יענע ליעדער געווען אַ נייעס. אזוינע ש ט י ל ע ווערטער האָט קיינער ביז איינהאָרן'ען ניט בעשאַפען אויף אידיש, — אזוינע פערטרויליכע, אינטימע, צוגעלאָזטע, אָבער ווירדיגע ווערטער, וואָס לעבען זייער בעזונדערען מוזיקאַלישען לע־בען. און דאָך זיינען זיי אָפטמאָל געווען שוין צו איינטאָניג, זיי האָבען כמעט איינגעוויעגט מיט זייערע גלייכמעסיגע וועלען. און נאָר אין די איינצעלנע מעהר קאָנקרעטע ליעדער („אידיליע", „אין אידישען געסעל", „אבר אביי"), וואו דער דיכטער פלעגט אויף אַ רגע פאַנאַנדערוועהען די קאָלירענדע נעבלען פון ארום זיך און אריינקוקען דייטליכער אין די פאָרמען פון לעבען, האָט די שפּראַך זיינע אויך בעקומען מעהר פעסטקייט און גלאַנץ.

## II.

דאָס פערבענקטע קינד איז געווען ניט אַ מענשען־קינד סתם, נאָר אַ  א י ד י ש  קינד. הינטער זיין מיעדקייט האָבען זיך גע־פיהלט דורות וואנדרער, וואָס האָבען מיט'ן שטעקען אין האנד געטרעטען איבער אַלע וועגען פון דער וועלט; אין זיין שטילען זיפץ האָט אָבגעקלונגען דער חצות־נגון פון טויזענדער אלטע זיי־דעס, וועלכע פלעגען האלבע נאכט זיך אויסרעדען דאָס הארץ פאר זייער פאָטער אין הימעל; אין זיינע פערבענקטע מעלאָדיען האָט געאָטהעמט די שטילקייט און דער פייערליכער אומעט פון נעילה מיט דעם טרעהרען־אָנגעזאָפּטען, אָבער דאָך שטיל־האָפענדען: „היום יפנה, השמש יבא ויפנה, נבואה שעריך"...

אזוינער ווי איינהאָרן האָט געקענט זיין אָדער אַ זוהן פון דורות אדעליגע, וואָס האָבען לאנג אויסגעאיידעלט און פערפיי־נערט און פערצערטעלט זייערע געפיהלען, ביז זייער לעצטע שפּראָ־צונג האָט שוין אָנגעוואָרען דעם געזונדען חוש פון לעבען; אָדער א זוהן פון א פאָלק, וואָס גרויזאמע כחות האָבען עס ניט צוגעלאָזט צום קוואל פון לעבען און וואָס האָט זיך דעריבער אויסגעלערענט צו טרוימען און פאנטאַזירען, אָנשטאט צו קעמפּפען און שטרע־בען. און אפשר איז אין איינהאָרן'ען פעראייניגט ביידעס... וואָ־רום זיינען דען די אלטע דורות למדנים און מקובלים ניט געווען קיין אדעליגע, און האָבען זיי דען ניט געארבייט הונדערטער יאָהרען צו פעראיידעלען זייער נשמה?

אַ קינד פון נאַציאָנאַלען דעקאדאנס; אַ פּרוכט פון לעבענס־מיעדקייט; אַ שטים פון טויזענדער, וואָס זיינען צו שוואך צו וועלען און צו שטאָלץ צו בעטען, — אָט דאָס איז געווען איינהאָרן; און דאָס איז ער ביז אַ געוויסען גראד געבליבען אויך איצט. ער האָט אָנגעהויבען שרייבען אין אַ צייט, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט גראד ארויסגעוויזען גרויסע ענערגיע און לעבענס־פערלאנג. דאָס זיינען געווען די רעוואָלוציאָנס־יאָהרען 1905 און 1906. אבער אפילו יענע שטורעם־בעוועגונגען האָבען דאָך ארומגעכאַפּט נאָר אַ  ט ה י י ל  פון'ם פאָלק. גרויסע מאַסען האָבען אויך דעמאָלט נאָר „געבענקט אין אַ טרויער און געהאָפט אין אַ שטענדיגען צוויי־

פעל". שפּעטער, אין די שווערע יאָהרען, איז זייער צאָהל געוואַ־רען נאָך גרעסער.

איינהאָרן האָט, בעוואוסט צי אומבעוואוסט, וויברירט אין איין ציטער מיט די נשמות פון אַט די פיעלע.

שוין אין די ערשטע יאָהרען האָט ער ניט געקוקט אויף זיינע שטימונגען ווי אויף ריין־פּערזענליכע. שוין דעמאָלט האָט ער ליעב געהאַט צו אידענטיפיצירען זיך מיט'ן כלל, מיט „איד" סתם. „מיין פריינד", „מיין קינד"! — האָט מען אָפט בעגעגענט אין זיינע פריהעסטע ליעדער, און דאָס איז אויסגעקומען אזוי, אקוראט ווי אַן אלטער פיעל־געפּרובטער מאַן ווענדעט זיך צו אַ יונגען און דער־צעהלט איהם דעם צער פון אלע. אין אזוינע ליעדער, ווי „תשעה באב", האָט איינהאָרן נאָך אין אָנהויב פון זיין שאפען צונויפגע־שמאָלצען אויף אַ וואונדערבארען אופן אי נאַטור־בילדער, אי פּער־זענליכען צנועה'דיגען וועה, אי קאָלעקטיווע בענקשאפט.

שפּעטער ווערט אַט דער נאַציאָנאלער מאָטיוו — דער לייַ־טענדער אין איינהאָרן'ס שאפען. ער איז שוין ניט גלאַט אַ קינד, וואָס בלאָנקעט זיך ארום אין דער וועלט: ער איז דער לעצטער פון א משפחה פּרינצען, ער איז דער איינציגער וואָס איז געבלי־בען פון לאַנגע לאַנגע דורות כהנים. ער טראָגט אויף זיינע צארטע פּלייצעס דעם שמערץ פון זיין פאָלק'ס אונטערגאַנג. ער צינדט מיט זיינע שוואכע הענד די לעצטע ליכטלעך פאר זיין פאָלק'ס אלטען ארון קודש.

אין אַט דער צווייטער סטאַדיע פון איינהאָרן'ס ענטוויקלונג ווערט זיין טאָן זיכערער, זיינע בילדער — בעשטימטער. ער האָט געפונען אַ געגענשטאַנד, ער האָט ענטדעקט דעם מיטעל־פּונקט, ארום וועלכען עס בעוועגען זיך די מיעדע טריט פון זיין מוזע. די בענקשאפט געהט איבער אין וועהטאָג; די איינזאמקייט — אין אַ שטילע, אדעליגע ווירדע פון איינעם וואָס זעהט דאָס אונפער־מיידליכע און אנערקענט עס.

א צער פון טויזענד דורות ליגט אויף מיר;
די גרויסע פּיין געשטעמפּעלט האָט מיין שטערן.
מיין טייערע, ווער ווייסט צו וועל איך ווען
דעם שופר פון מיין אויסלעזונג דערהערען.

ערנסט, טיעף, אונהיימליך רוהיג קלינגען איצט די גע־זאנגען פון'ם דיכטער. ערגעץ לויערט דער צער. ערגעץ האָט די פערצווייפלונג זיך איינגעגעסען אין דער נשמה. אָבער אזוי איז אלעס רוהיג. דער פּנים איז בלאס. די אויגען גרויס און פייכט. אמאל קען אפילו אַ שמייכעל אויפשיינען מיט אַ שוואכען שטראהל.

עס איז נאָך אלץ דער קראנקער הילפלאָזער שמייכעל פון א פערלאָזען קינד. אָבער איצט האָט דאָס קינד ענטדעקט זיין צוגע־הערינגקייט צום כּלל. דער לעצטער אָבגלאַנץ פון אַ שכינה ליגט אויף זיין שטערען. אין זיינע ליעדער זינגט דער עלענד פון א וועלט.

פאראוים איז גאָר ניטאָ, דער וועג וועט זיין אונענדליך...
בעהאלט זיך ערגעץ וואו און גיב זיך אָב דיין טרוים.
נישט ווארט אויף איהם, מיין פריינד, ער וועט צו אונז
נישט קומען —
דערשלאָגען ליגט ער ביי די טויערען פון רוים.

נישטאָ קיין רחמים מעהר ; דער הימעל איז פערשלאָסען ;
די שכינה איז אוועק, געלאָזען אונז אליין.
און גרויס איז אונזער צער, ער שטייגט אריבער וועלטען,
און מיר—מיר זיינען מיעד אנטקעגען איהם און קליין.

וואָס טהוט מען ? בעטען ? ווער וועט די איינזאמע תּפלה פערנעהמען ? שרייען? — דאָס איז ניט ווירדיג פאר דעם לעצטען פון די פּרינצען. און וואָס וועט דאָס העלפען? געשריי איז א פאָרם פון קאמפף — און ווי קען מען קעמפפען געגען א פערזיע־געלטען גורל ? בלייבט נאָר איינס : בעהאלטען דעם פּנים אין די פאלבען פון דעם אלטען פערשטויבטען פּרוכת און איינדרעמלען שטיל, און חלום'ען אז דאָס אלטע קעהרט צוריק און אז ביי יערען שטענדער שטעהט א הייליגער. וואָס איז געשטאָרבען על קידוש השם.

די דאָזיגע אונטערגאנגס־ליעדער פון איינהאָרן'ען זיינען פול מיט אַ בעזונדערער שעהנקייט. איהר מעגט מיט זיי איינפער־

שטאנען זיין אָדער ניט, איהר מוזט זיך אויף זיי אָברופען, זיי ריהרען אייך מיט דעם אמת פון אַן אונמיטעלבארען געפיהל. די איינזאמע עלענדע שכינה פערוואנדעלט זיך פאר אייך אין אַ לע־בעדיגען טרויערפולען גייסט. "דער נר־תמיד, וואָס דער ווינד פערלעשט, ווערט פול מיט אַ טראגישער בעדייטונג. די צוויי פער־בראָכענע הענד אונטער דער קרוין פון כהונה ווערען אייך נאָהענט און טהייער. זעלטען ווען ס'קומט אויס צו טרעפען אַזוינע ליע־דער ווי „געשטאָרבען דער לעצטער בעל־תפלה“ און „מיר וועלען פערבלייבען אין שול“. עפּעס ווי די אקאָרדען פון אַ איבעראיר־דישען רעקוויעם הערען זיך אין לעצטען ליעד.

מיר וועלען פערבלייבען אין שול,
ביז די טריט פון דעם לעצטען אין ווייט וועט פערשווינדען,
און ס'וועט דעם נר־תמיד פערלעשען דער ווינד,
דאן וועלען מיר ווידער זיין ליכטעל אָנצינדען.
מיין קינד!
עס טאָר זיך ניט לעשען,
מען טאָר ניט פערגעסען
צו שטעלען אַ יאָהר־צייט דער שכינה פון פאָלק.
מיר וועלען פערבלייבען אין שול...

אין איינהאָרן'ס נאציאָנאלע ליעדער איז ניטאָ ניט קיין פראָטעסט, ניט קיין האָפנונג, אויך ניט קיין פערגעבונג. עס איז די ריינע, אונגעטרייסטע פערצווייפלונג. ווען ער בעט שוין גאָט, בעט ער ניט קיין אָרט אונטער דער זון צו לעבען, נאָר אַ שטיקעל פּלאַץ פאר אַ קבר, וואו ער זאָל קענען רוהיג ליגען און וואו די טרעהר פון זיין קינד זאָל קענען אמאָל פאלען. אָבער ער ווייסט, אַז אויך דאָס איז אַ אומזיסטע תפלה.

אָפט איז דער פערלאנג נאָך רוהע אַזוי גרויס, אַז ס'פער־גנב'עט זיך אַ געדאנק: טאָמער גאָר אין מאָנאסטיר. ער איז אַזוי וויים און פריעדליך און מילד — דער אלטער קלויסטער צווישען גרינע פעלדער און בוימער. זיין גלאָק קלינגט מיט אַזאַ זאנפטקייט און רופט און פערשפרעכט:

קיינער, קיינער וועט ניט שטערען דיר דיין רוהע,
דורכ'ן פענסטער וועסטו זעהן נאך פעלדער תבואה
און דעם אונבעגרענצטען טיעפען הימעל'ס בלאה.
מעהר ניט ווי די גרינע בוימער רוישען דא.

אבער צו שטארק איז די שנאה צום קלויסטער ביי אידען,
צו פיעל שלעכטס האט ער זיי געטהאן.

אין איניגע ליעדער פון דעם צווייטען פעריאד האט איינהארן געפרובט האבען א דין־תורה מיט דעם קלויסטער, מיט דער קריסט־ליכער וועלט. אהער געהערען דאס ליעד „צווישען די זאנגען" און א גרעסערע פאעמע „עלילת דם".ביידע זיינען פון זיינע שוואכערע זאכען. איינהארן האט אין זיי געוויזען, אז ער האט נאך ניט די אויסגעהאלטענקייט און די רייפקייט פון א עפיקער. מען קען ניט זאגען, אז „עלילת דם" איז אינגאנצען אן אונגעלונגען ווערק. יערענפאלס איז דארט דא מעהר ווערטער, ווי אינהאלט, און די בילדער זיינען ניט גענוג דייטליך.

דער צווייטער פעריאד פון איינהארן'ס שאפען (אונגעפעהר 1900–1912) איז געווען די צייט פון די שטארקסטע נאציאנאליסטישע שטימונגען צווישען אידען אין רוסלאנד. איינהארנ'ס ליעדער האבען ארייגעפאסט אינ'ם אלגעמיינעם כאר. זיי האבען געוועקט אינטערעס און אנערקענונג. פאר אלע פריינד פון זיין טאלאנט איז אבער געווען קלאר, אז ער — דער טאלאנט — איז אריין אין א טעמפען ווינקעל. עס איז שעהן צו צינדען דעם נר־תמיד אלס דער איינציגער און לעצטער איד, עס איז אבער קלאר, אז מיט אזוינע שטימונגען קען א דיכטער זיך לאנג ניט נעהרען. דאס פעלד איז ניט רייך, עס פערמאגט ניט די פערשיידענארטיגקייט פון לעבען אין איינהארן'ס פאעזיע האט געפעהלט בלוט, געפעהלט א לעבע־דיגער פולס. פאקטיש האט ער שוין אנגעהויבען איבער'חזר'ען זיינע אייגענע מאטיווען — און דאס איז געפעהרליך פאר יעדען קינסטלער. און דאך האבען איניגע ליעדער פון זיין צווייטער זאמלונג („זכרונו", „אין וועג", „אקארד") געוויזען, אז ער קען יא אטעמען מיט דער פרישער לופט פון רעאלער ווירקליכקייט און דארף

זיך ניט האלטען אַן די מויערען פון דער אלטער שול אין די ענגע אלטע ווילנער גאסען. עס האַט זיך געפיהלט עפּעס געקינסטעלטעס, קראנקהאפטעס ביי איינהאָרן'ען אין יענער צייט.

---

III.

האט די רוסישע רעגיערונג איהם אַ טובה געטהאָן און (ענדע 1912) איהם ארויסגעשיקט אויף צוויי יאָהר קיין אויסלאנד — פאר פּאָליטישע חטאים, וואָס ער איז קיינמאָל ניט בעגאנגען. איינהארן איז איבער געוואלד ארויסגעפאָהרען קיין שווייץ — און דאָ הויבט זיך אָן דער דריטער פּעריאָד פון זיין שאפען.

אויסלאנד! אַ ברייטע וועלט. שעהנע שטעדט, הויכע בערג, גרין־קלאָהרע אָזערעס. אַ קאָכיגער געזעלשאפטליכער לעבען. אַ שלאָגענדער שטראָם פון פרישער, מונטערער ליטעראַרישער טהעטיגקייט. אַן אוניווערזיטעט מיט ערנסטע פאָרשונגען און ברייטע האָריזאָנטען. דאָס אלעס האָט געמוזט האָבען אַ שטארקע ווירקונג אויף אונזער געטהאָ־קינד און איבערגעקנעטען זיין גאנצע נשמה. עס איז אויסגעקומען אזוי, ווי מען וואָלט ארויסגעטראָגען אַ צארטע אָראנזשעריי־פלאנצונג אויף אַ ווינד און רעגען. פיעלע בלעטלעך וועלען אָבפאלען, פיעלע צווייגלעך וועלען אויסגעדרעהט ווערען, דער שטאם אליין וועט ציטערען און זיך איינשרימפּען. אָבער סוף כל סוף וועט די פלאנצונג ווערען מעהר ווידערשטאנדס־פעהיג און וועט אָנהויבען אַ ניי וואקסען און בליהען אין געזונטערע, נאַרמאלע פערהעלטענישען.

איינהאָרן'ס פּאָעזיע אין אויסלאנד לעבט איבער אַ שטארקע מעטאמאָרפאָזע. די צעשוואומענהייט פערשווינדט כמעט אין גאנצען. דער צארטער נעבעל ווערט צורונען — און געגענשטאנדען זעהען זיך קלאָהר, ליכטיג, פעסט. די בענקשאפט פערלאָזט דעם אויבען־אָן. די אונטערגאנגס־מאָטיווען געהען אראָב פון דער סצענע. די שפּראך ווערט אָן איהר צו גרויסע זאנפטקייט און קען אמאָל גאָר קלינגען מיט מעטאל. עס שטעהט אויף פאַר דעם דיכטער די צווייפאכע אויפגאבע: ערשטענס געפינען נייע ט ע מ ע ן

פאר זיינע ליעדער, צוויטענס, אויסשמידען א פאסענדע פארם פאר די נייע מאטיווען.

ביידעס טהוט איינהארן אין אויסלאנד — און טהוט מיט ערפאלג. מיט יעדער נייער פראבע זעהט מען, אז ער זוכט עפעס; מיט יעדען נייען ליעד ווערט פעריאגט דער אלטער צויבער פון די שמאלע ווילנער געסלעך.

איינהארן עפענט צום ערשטען מאל זיינע אויגען און דערזעהט די נאטור. זי איז א פרעמדע; אין איהר איז ניטא דער ליטווישער אומעט; אונטער די בוימער זיצען ניט אלטע אידען, מיעדע פון טויזענד־יאהריגען גלות. אבער טאקי דריבער קען ער קוקען אויף איהר מיט פרייע אויגען; קען ער בעמערקען איהר אביעקטיווע שעהנקייט. און עס דערוועקט זיך אין איהם א חשק צו מאלען דאס געזעהענע, צו לעגען א פינזעל־שטריך לעבען א פינזעל־שטריך. איינהארנ'ען קען איצט איינפאלען א אידעע: אנשרייבען א גרופּע ליעדער: „געגנפער זעע“, — מאלען דאס פארבען־שפּיעל און פארמען־וועקסעל אין דער וועלט פון בארג און וואסער און נעבעל.

איינהארן ווערט ניט אויס נאציאנאל. אבער אין זיינע נאציאנאלע ליעדער איז איצט דא מעהר בעשטימטקייט, מעהר דרייסטקייט. דער קריעג־אומגליק רופט ביי איהם ארויס א רייהע ליעדער, וואו עס פיהלט זיך שוין עמפּערונג.

אין ווילדען שטראם פון בלוט שטיל פאלען מיינע טרערען.
בעשיץ זיי גאט!
פון פרעמדען וועה קען מיר נישט גרינגער ווערען,
איך קען נאר איין געשריי פון ווילדען ווירבעל הערען:
די שטימע פון מיין פאלק.

די ליעדער ענדיגען זיך מיט אן אויסגעשריי:

דאס בלוט פון קדושים פליסט אין מיינע אדערען,
א טאכטער פון מערטירער ביזטו, קינד,
מיר מוזען געהן אין וועלט און דארטען פאדערען:
גערעכטיגקייט פאר אלץ וואס ליידט אצינד.

דאָס בעדייטענדסטע, וואָס איינהאָרן האָט געשאַפען פאַר דער לעצטער צייט, איז דאָס שפּיעל „אין דריי ארויסטרעטונגען" אונטער'ן נאָמען „צביה" און די סאָנעטען „צו אַ אידישער טאָכטער".

אין „צביה" זיינען אוועקגעשטעלט צוויי וועלטען איינע אנטקעגען דער צווייטער, צוויי וועלט־עמפּפינדונגען, צוויי קולטורען: די אלט־העברעאישע און די העלענישע. שמעון, איינער פון די קריעג־פיהרער אין לאַגער פון די מעקאַבייער, און אַפּאָלאָדאָר, אַ יונגער גרעק, קעמפּפען פאַר דער גונסט פון א רייכער אידישער טאָכטער צביה אין אלטען ירושלים. זייערע וואַפען זיינען — פּאָעזיע, זייערע קריעגס־לייט — כאָרען פון זינגער. יעדערער פון זיי גיסט אויס זיין הארץ אין ליעבעס־געזאַנגען פאַר דער שעהנער געליעבטער, און וועמען זי וועט אויסדערוועהלען, דעם וועט זי געבען דעם לאָרבער־קראַנץ. דאָס גאַנצע „שפּיעל" איז אויף אַזאַ אופן נאָר א רייה ליעדער אין פערשיעדענעם ריטם און מיט ענטגעגענגעזעצטער שטימונג, אָבער פון גלייכען אינהאַלט.

דאָס „שפּיעל" איז אין אלגעמיין אַ נייעס אין דער אידישער פּאָעזיע. און עס מוז מיט פערגעניגען פערצייכענט ווערען, אז דער גרעסטער טהייל פון די ליעדער זיינען ארויס אי שעהן, אי מוזיקאַליש, אי קלאַסיש־איינפאַך. עס איז קיין שפּור ניט געבליבען פון איינהאָרן'ס אַלטער איינטעניגקייט.

קענטיג, אז דער מערב־אייראָפּעאישער קלאַסיציזם האָט געהאַט אויף איינהאָרן'ען אַ גאַנץ בעזונדערע ווירקונג. זיינע סאָנעטען „צו אַ אידישער טאָכטער" טראָגען אַ דייטליכע שפּור דערפון. זיי זיינען כמעט שטרענג; קנאַפּ אין ווערטער, פּלאַסטיש אין אויסדרוק. די אַלטע סענטימענטאַליטעט פון איינהאָרן'ס ליעבעס־מאָטיווען מערקט זיך דאָ לחלוטין ניט.

אין די סאָנעטען האָט איינהאָרן זיך געשטעלט אַן אויפגאַבע — שאַפען אַ מאָנומענט פון נאַציאָנאַל־אידישער ליעבע. עס איז כמעט ניט קיין פּערזענליכע ליריק: עס איז אַ פערהערליכונג פון דער אידישער טאָכטער בכלל. עס איז דער אייביגער „ער" און „זי", נאָר אריינגעפּאַסט אין דער היסטאָרישער אידישער סביבה: ער — א זוהן פון מאַרטירער, זי — אַ פעראייניגונג פון שולמית

מיט אַ הייליגער, אַ בלום פון מזרח אריבערגעטראָגען אין קאַלטען צפון.

אין די סאָנעטען איז איינהאָרן'ס טאַלאַנט פיעל אויסגעוואַקסען אין פערגלייך מיט פריהער. דאָס איז שוין ניט „עמיץ' האָט זיך פערבענקט", דאָס איז שוין ניט אַ וועלט פערהאַנגען מיט זיידענע טיולען. דאָ איז דער דיכטער שוין אַ מאַן, וועלכער קען זיין קראַפט און זעהט קלאָהר זיין אויפגאַבע און געהט צו איהר מיט זיכערע טריט.

* * *

**אַ יאָהר צעהן ווי איינהאָרן שרייבט. פאַר דער צייט האָט ער** דורכגעמאַכט אַ לאַנגע ליניע פון ענטוויקלונג. אפילו איצט, ווען איהר פערפאָלגט זיין ארבייט, פיהלט איהר, אַז ער האָט זיך נאָך ניט אויסגעקריסטאַליזירט, נאָך ניט אין גאַנצען געפונען זיך אַליין, נאָך ניט דערגרייכט צו דער הויכער שטופע פון פאָלקאָמענהייט, וואו עס ווערען בעשאַפען באמת גרויסע ווערטהען. אָבער אַלע מאָל זעהט איהר אין דעם דיכטער צוויי גרויסע מתנות: די עהרליכקייט פון זיינע איבערלעבונגען און די פערבינדונג מיט אַ כלל. איינהאָרן איז פון די יעניגע, וואָס ניט זיי געוועלטיגען איבער דער פּאָעזיע, נאָר די פּאָעזיע געוועלטיגט איבער זיי; און איינהאָרן איז דער מאַן, וואָס פיהלט יעדע רגע זיין צוגעהעריגקייט צו זיין שטאַם און וועמעס פּאָעזיע איז אַלע מאָל ניט נאָר זיין אייגענע פּאָעזיע, נאָר די פּאָעזיע פון זיין גלייבען. ער קומט ווי צו ריידען אין'ם נאָמען פון אַ גאַנצען דור אָדער פון אַ גרויסער מאַסע גלייךגעזינטע.

דערפון נעהמט זיך די בעזונדערע ע ר נ ס ט ק י י ט פון איינהאָרן'ס דיכטונג. זיינע ליעדער זיינען ביי איהם אַ הייליגע ארבייט. ער פערהאַלט זיך צו דער אידישער ליטעראַטור איבערהויפּט און צו דער אידישער פּאָעזיע בפרט ווי צו עפּעס אַ גרויסע געזעלשאַפטליכע אויפגאַבע. דיכטער זיינען ניט בלויז מענשען, וואָס שרייבען אַז פון צייט צו צייט אַ ליעד. דיכטער דיענען אַ גרויסען גאָט, געהען צו אַ גרויסען ציעל. שטראַהלען פון אָט דעם ווייטען ציעל פאַלען אויף זייער וועג, בעלויכטען זייערע בעזוע־

גונגען, און יעדער טריט זייערער בעקומט דעריבער אן אונגע־וועהנליכע, כמעט מיסטישע בעדייטונג.

איינהארן פערנעהמט א פלאץ צווישען די בעסטע קולטור־טרעגער און קולטור־אויפלעבער פון דעם אידישען פאלק אין די לעצטע יאהרען, און אז אבקלאנג דערפון הערט זיך אלע מאל אין זיינע ליעדער.

אין דעם זין — מעהר ווי אין יעדען אנדערען — **איז איינהארן א נאציאנאלער אידישער דיכטער.**

# י. ראָלניק.

שטעהט איהר אַמאָל פאר אַ שווייצארישען לאַנדשאפט: צו קלאָרע לופט; צו העל־קאָלירענדע בערג; צו בלאָהע, ווי אָב־געפארבטע, אָזערעס; צו פיין־געשניצטע פעלזען. קוקט איהר און טראכט זיך: שעהן. אָבער ס'ריהרט אייך ניט. עס דער־מאָנט אייך אָן אַ פארביגע פאָטאָגראַפיע. און איהר וואָלט אַ בעלן געווען, עס זאָל זיין וועניגער גלאנץ און פראכט.

און איהר געהט אַמאָל איבער אַ שטילען, גראָהליכען, איינ־טאָניגען פעלד, מיט אַ בלאַסען הימעל, מיט אַ געוועלב פון נע־בעל אין דער לופט, מיט קוים אַ בוימעל לעבען אַ צעגאָסענעם וואסערל — און איהר ווערט פלוצלונג געריהרט אויף אַ מער־קווירדיגען אופן. איהר דערפיהלט זיך נאָהענט צו אָט דער אָרימער נאטור. מעגליך, אַז לאנג וועט זי אייך ניט איינהאַלטען. מעגליך, אַז באלד וועט זיך אייך אָנהויבען בענקען נאָך פארבען, פאָרמען, העלקייט. אָבער אין הארצען וועט שוין ביי אייך בלייבען אַ צאר־טע און ליעבע עראינערונג.

אַזא עראינערונג בלייבט אין אייך פון ראָלניק'ס ליעדער.

גאָט האָט ניט בעשענקט דעם דיכטער מיט אויסערליכען גלאנץ. ער האָט ניט קיין רייכע שפראך. ער האָט ניט קיין קלינ־גענדיגע ריטמען. ער האָט ניט קיין פערשיידענארטיגע מאָטיווען. ער קען איבערהויפּט ניט ריידען הויך. אין דער משפחה פון זינ־גענדיגע פּאָעטער מיט אַ מעלאָדישער גלאטער שפראך קען ער קוים שטאַמלען. ער קען צו זיך ניט פעררופען, ניט אָבשטעלען דעם פארבייגעהער: האַלט, הער זיך איין, וואָס איך האָב דיר צו זאָגען.

נאָך מעהר: אָפט זאָגט ער איבערהויפּט גאָרניט. אין פיעלע

פון זיינע ליעדער וועט איהר קיין זאך ניט דערהערען, ווי שטארק איהר זאלט זיך ניט איינהערען. אזוינע ליעדער איז אין דעם באנד פאראן גאר א גרויסע צאהל. זיי זיינען גארנישט. מען קען ניט זאגען: עס פעהלט זיי עפעס. זיי זיינען פשוט ווי עפעס א פליסטערן, וואו איהר קענט ניט אונטערשיידען קיין איינצעלנע ווערטער און קיין איינצעלנע טענער. זיי זיינען ווי א לעדיגער פלאץ אינמיטען א לאנדשאפט. איהר בעגעגענט זיי און איהר וואונדערט זיך, וואס האט מען זיי געדארפט אריינגעהמען אין דער זאמלונג פון די ליעדער.

ווען איהר וועט אבער דורכלעזען אט א די פוסטע שטרעקען און וועט זיך איינהערען אין דעם איבעריגען, וועט איהר ענטדעקען עטוואס צארטעס און פיינעס, וואס ערגרייפט אייער נשמה. און וואס מעהר איהר וועט זיך אריינלעבען אין די ליעדער, אלץ נעהענטער וועלען זיי אייך ווערען.

ווארום דורך זיי רעדט צו אייך א ליריקער, א דיכטער מיט אן אייגענעם טאן און אן אייגענער וועלט־עמפפינדונג.

* * *

ראלניק איז א ליריקער. ער איז שטענדיג געווענדט איינווענינ, אין זיך אריין. זיין פאעזיע איז די זעלבסט־קאנצענטרירטעסטע, וואס מען קען זיך נאר דענקען. ביי איהם איז איבערהויפט ניטא קיין אויסענוועלט, א חוץ צוויי־דריי לייכט אנגעווארפענע בילדער פון דעם היימישען דארף און שטעדטעל, וועלכע זיינען גיכער נאך אויסען פראיעקטירטע אינטימע שטימונגען, איידער א רעאלע אויסענוועלט. פאר איהם עקזיסטירט נאר דאס אייביגע ציטערן און וויברירען פון זיין נשמה.

און אין די וויבראציעס איז ער זעלבסט־געניגענד. עס איז, פערשטעהט זיך, נאאיוו צו זאגען, אז א דיכטער זינגט פאר זיך אליין, אז ער האט ניט אין זינען דעם לעזער. דאס וואלט געווען ניט מעהר ווי א פראזע. אבער צוגעבען מוז מען דאך, אז איין שרייבער קוקט זיך מ ע ה ר אום אויפ'ן לעזער, אן אנדערער — ווענינער; איינער פיהלט זיך שטענדיג פאר די אויגען פון א

אוידיטאָריום; אַז אנדערער האָט די פעהיגקייט צו פערגעסען אויף א ווייַלע אַז דער וועלט אַן בלייבען מיט זיך, פאַר זיך.

ראַלניק בעזיצט אָט די פעהיגקייט אין אַ גרויסער מאָס, און דאָס צייכענט איהם אוים צווישען אַלע אידישע דיכטער.

מ'האָט פערגליכען ראַלניק'ען מיט רייזען'ען. די אנאַלאָגיע איז אָבער נאָר אַן אויבערפלעכליכע. אמת,ביידע זיינען זיי שטילע, ביידע אומעטיגע, ביידע אונטערגעגעבענע; ביידע שרייבען זיי אין האַלבע טענער. אָבער דער אונטערשייד איז דער, וואָס רייזען רעדט געוועהנליך צו דער וועלט, בשעת ראַלניק רעדט צו זיך אַליין; רייזען פיהלט זיך ארומגערינגעלט מיט סימפּאַטייזער, מיט גוטע ברידער, — ראַלניק פיהלט זיך איינער אַליין; רייזען האָט דעם צוועק צו דערוועקען ביי יענעם געוויסע געפיהלען — זאָל זיין חאָטש־בי דאָס געפיהל פון רחמנות, — ראַלניק מאַכט דעם איינדרוק, אַז ס'איז גאָר קיין „יענער" אויף דער וועלט ניט פאַראַן.

דערין איז זיין שטאַרקייט, דערין איז אָבער, דאַכט זיך, זיין שוואַכקייט אויך. ווייל אפשר טאַקי צוליעב דעם האָט ער ניט קיין קריטעריום צו אונטערשיידען צווישען זיינע גוטע און ביליגע ליעדער. פאַר איהם פערזענליך זיינען זיי, ווייזט אוים, אַלע איינס וויכטיג. ער טראַכט ניט איבער, אפשר האָבען אנדערע שוין געזונגען דאָס זעלביגע מיט כמעט די זעלביגע ווערטער; ער פרעגט ניט, אפשר זיינען די אָדער יענע מאָטיווען שוין געוואָרען אַ געמיין־בעזיץ פון דער אידישער דיכטונג. ער פרעגט איבערהויפּט ניט. ער פאַר זיך אַליין הויבט אָן די וועלט־געשיכטע אויף דאָס ניי. ער אין זיין אורשפּרינגליכקייט און אָבגעשלאָסענקייט שאַפט אַזוי ווי איהם שאַפט זיך.

דאָס ברענגט אָפּט צו ווידערהאָלונגען, צו שטרויכלונגען, צו אומגעלונגענע עקספּערימענטען. אָבער דאָס גיט דער גאַנצער פּאָעזיע זיינער אַ כאַראַקטער פון אויסשליסליכקייט, פון איינציג־אַרטיגקייט. דאָס גיט איהר אַן אַבסאָלוט פערזענליכען ריח. פּאָזע און קינסטליכע שעהנקייט זיינען פונקט אַזוי ווייט פון ראַלניק'ען, ווי די מאַלערישע שווייצער לאַנדשאַפט איז ווייט פון דער שטילער ליטווישער סטעפּ.

* * *

לאמיר דאס זאגען פון אנפאנג אן: עס איז כמעט אן אונדראנקבארע ארבייט — פאנאנדערצוקלייבען זיך אין די גרונד־מאטיווען פון ראלניק'ס ליעדער. עס איז נאך א פראגע, צו זיי־נען גאר דא אזוינע מאטיווען. איז דאך ביי איהם דאס פליסטערן — דאס טאנלאזע בעוועגען מיט די ליפען — אזא אפטע ערשיי־נונג. איז דאך צייטענווייז גאר ניטא קיין בעשטימטער כאראקטער אין זיינע ווי צופעליגע קאמבינירטע ווערטער. אין בעסטען פאל זיינען די ליעדער ווי אימפראוויזאציעס אהן אן אנהויב און אהן א סוף. און נאר זעהר זעלטען פליסען זיי קלאר, פרעציז און פער־ענדיגט.

עס איז דעריבער ניט מעגליך צו געבען א גענויעם אנאליז פון זיינע ליעדער — איהר קענט ניט אנאליזירען דאס, וואס ס'צע־שווימט זיך אונטער די פינגער. — עס איז נאר מעגליך אנצומערקען איינינע שטריכען, געבען אן אהנונג וועגען איינינע, כמעט וויל־קירליך אויסגעטהיילטע מאטיווען.

דאס ווילען מיר אויך טהאן אין אונזערע ווייטערדיגע נא־טיצען.

וואסערע זשע טענער בעגעגענען זיך ביי איהם אפטער?

מיט א בעזונדער ליעבע דערצעהלט ער וועגען איינזאמקייט. א מענש איז געקומען אהער אין דער וועלט — און ווייסט ניט צוליעב וואס.

זיץ איך מיר אליין ביי'ם פענסטער
און איך ווייס ניט וואס איך טראכט.
עמיצער — דער האר פון גארנישט —
האט געהייסען האלטען וואכט.

זיץ איך מיר אליין ביי'ם פענסטער;
באלד אריבער איז די נאכט.
הינטער מיר — דער האר פון גארנישט
שטעהט די גאנצע צייט און לאכט.

דער האר פון גאַרנישט רעגיערט. דער האר פון גאַרנישט — ווייל ער האָט קיין נאָמען ניט און קיין ציעל ניט און קיין עקזי־סטענץ נישט — איז אומדערבארעמדיג און אונבעשטרייטבאר. דער האר פון גאַרנישט טרייבט די מענשען, ווי א ווינד א שטרוי.

בויט זיך אַ ריעזיגער בנין;
מיר שטעלען די זיילען, די ווענד.
ניט קיין ערפאהרענע — ציטערן
די ציגעל אין אונזערע הענד.

שוואכע און שרעקיגע מענשען —
פערדרעהען זיך אָפטמאָל די קעפּ,
פאלען מיר איינס נאָכ'ן צווייטען
פון לייטערס, געהילצען און טרעפּ.

פאלען — ווי ווענען בעשערט איז —
אויף שטיינער, אויף פּאַליעס, אין קויט,
ווער עס פערזינקט אין דער בלאָטע
און ווער בלויז — צושלאָגט זיך אויף טויט.

איז אָבער ניטאָ פאר וועמען זיך קלאָגען, צו וועמען האָבען טענות. דער בעל־הבית פון דעם אלעס איז דער האר פון גאַרנישט, און ער וועט ניט דערזעהן און ניט ענטפערען. בלייבט דעם מענ־שען נאָר איינס: אריינפאלען אין שווערע פערצווייפלונג.

ראַלניק'ס פּאָעזיע איז די פּאָעזיע פון פערצווייפלונג. אָבער צום אונטערשייד פון אנדערע דיכטער, פערהאלט זיך ראַלניק צו זיין פערצווייפלונג ניט ווי צו אַ קראנקהייט, א לאסט, אן איבער־גאנגס־לייד, וואָס מען מוז געגען דעם שטרייטען. די פערצווייפ־לונג איז ביי איהם דער גרונד־טאָן פון דער וועלט, דער הויפּט־עלעמענט, וואָס דרינגט דורך דאָס גאנצע לעבען.

זיצען דריי מענשען ביי אַ טישעל אין קאפע, פרעמד איי־נער צום צווייטען, און יעדערער טראכט זיך, ווי זיכערער אן עק צו מאַכען פון זיין לעבען. איינער וועט קומען אהיים און עפע־נען די גאז־רעהר; דער אנדערער וועט זיך אויפהענגען אויף זיין

האנד־טוך אויף א קרוק אין באלקאן; דער דריטער וועט ארויס־שפרינגען פון'ם פענסטער: דאס הויז איז הויך, ער וועט געווים דעם טויט געפינען. זיצען די דריי מענשען ביי'ם טישעל, דריי פרעמדע, אבער אייגענע ברידער. זיי צאהלען און געהען זיך פאנאנדער. „זיי וועלען זיך טרעפען ד א ר ט ווידער", — פרופט אונז פערזיכערען דער דיכטער, אבער ער גלויבט דאס אליין אויך ניט. און אפילו ס'זאל יא עקזיסטירען דער „דארט", וואלט ער אויך ניט פערענטפערט דעם אונזין פון „דא". און דער אונזין ליגט דאך אויף יעדען שריט פון דעם מענשען.

איז ראלניק'ס פאעזיע דורכגעוועבט מיט אט דער איינגע־האלטענער, אבער שטענדיגער פערצווייפלונג, וועלכע דרינגט אריין אין יעדען ליעד זיינעם, ווי א פיינער סם, און לאזט זיך פיהלען אין יעדען ציטער, אין יעדער בעוועגונג פון זיין נשמה.

ער דארף שוין גאר ניט רעדען וועגען זיי פערצווייפלונג. זי איז דער הינטערגרונד. זי איז די אטמאספערע. ו ו א ס ער זאל שוין ניט אויסוועבען אויף אט דעם הינטערגרונד, וועלכע ארא־מאטען ער זאל ניט פערשפרייטען אין דער אטמאספערע, וועט אלע מאל זיין צוגעמישט א קליינער טראפען פון אט דעם סם.

און נאך מעהר: מען קען אמאל אזוי צוגעוועהנט ווערען צו ליידען, מען קען זיך אזוי איינלעבען מיט דעם אייביגען נאגען פון דער נשמה, אז דאס זאל שוין אנהויבען פערשאפען א געוויסען שמערצפולען פערגעניגען. ראלניק ה א ט אפט אזא מין פער־געניגען. ביי איהם פיהלט זיך אפט די זיסקייט פון וועהטאג, דער תענוג פון זיין געטרעטען מיט די פיס. אפט דערמאנט ער אן די רוסישע רעליגיעזע סעקטאנטען, וועלכע פאסעווען זייער אייגען לייב אין רעליגיעזען עקסטאז און געפינען אין דעם א קוואל פון גליק.

שטילער פון דעם טייך, וואס שווימט,<br>
שפל'ער פון גראז און פעלד<br>
פויזע איך ביי מענשען'ס פיס, —<br>
איך, א מענש אויף אויף דער וועלט.

עמיץ געהט נאָך הינטער מיר,
גאָר דעם יאָהר מיט מלקות שמייסט,
און אַן אַלטער קברות־מאַן
שטיקער פון מיר קריעה רייסט.

און גאָר ניט. קיין קרעכץ, קיין געשריי. אַזוי איז דאָס. אַנדערש איז ניט מעגליך. אַזוי געהענדיג, קען מען נאָך אַמאָל אַ קוק טהאָן אַן אַ זייט, דערזעהן עטוואָס שעהנעס, זיך פערטראַכטען און פער'חלומ'ען — און אַזוי איז דאָס גאַנצע לעבען.

* * *

ראַלניק איז ניט פּאַטעטיש. ער האָט ניט קיין שטאַרקע ווער־טער. ער שילדערט ניט קיין שטאַרקע געפיהלען, אַלעס איז ביי איהם צעשוואומען, ווייך, אונבעשטימט — ווי דער אינהאַלט, אַזוי די פאָרם. עס קומט אויס אַזוי, אַקוראַט ווי איהם אַרט גאָר ניט, ווי עס וועלען אויסזעהן זיינע ליעדער.

ראַלניק ווייסט ניט פון וויכטיגעס און אונוויכטיגעס אין דער וועלט. איהם איז אַלץ איינס, פון וואָס צו שרייבען.

אַ שטיינדעל, וואָס אַ קליינער אינגעל
געוואָרפען האָט אין טהיר אריין;
אַ זעמדעל, וואָס דער ווינד געבראַכט האָט,
אַ וויטען שטערנ'ס קאַרגען שיין;

פון פוילען דאַך אַ רעגען־טראָפּען;
אַ רוישען פון אַ פרעמד יריד —
איך האָב דאָס אַלץ צונויפגעקנאָטען
און פון דערפון געמאַכט אַ ליעד.

איינס פעהלט נאָר שטענדיג: וואַרימקייט, גליק, זונען־שיין. דעם וויטען שטערנ'ס קאַרגער שיין קען דאָך ניט וואַרימען, ניט לייכטען.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז אין דער וועלט פון גאר־נישט, וואו „דיין הויז וועט צוטראגען דער ווינד איידער ס'וועט אויפגעהן די זון", — בלייבט דעם מענשען איין זאך — וואנדערען; זיין ווי א פרייער פויגעל אין דער לופט. פערגעסען אלצדינג, וואס נעכטען איז געוועז. ניט טראכטען, וואס מארגען וועט זיין.

מיט אזא וואנדער־גייסט זיינען אנגעפילט ראלניק'ס ליעדער. דער „טרעמפ" איז ביי איהם ניט קיין צופעליגע בילד, דער טרעמפ איז שיער ניט א סימבאל.

ער האנדעלט ניט, בארגט ניט ביי קיינעם;
די יאהרען, חדשים און טעג
בעפאלען איהם ניט, ווי בעל־חובות,
ווי רוצחים ביי'ם זייט פון דעם וועג.

דערפאר האט ער אויך ניט קיין טענות;
און נעצט איהם דער רעגען—איז נאס...
די זון וועט איהם אבטריקענען שפעטער,
אזוי ווי דעם שטיין אויפ'ן גאס.

דער שעהנסטער אויסדרוק פון אזא טרעמפ־לעבען איז דער דיכטער. ער איז דער גייסטיגער טרעמפ: א וואנדע־רער — אן אריסטאקראט, וועלכער צעווארפט פערעל אויף זיין וועג און אליין פערלאנגט ער גאר ניט. אין דער סעריע „האפיז", האט ראלניק שטארק און שעהן אויסגעדריקט אט די וואנדער־פילאזאפיע.

האפיז האט ניט צו בעצאהלען
פאר א קריעגעל פראסטען וויין.
האפיז זאל דערפאר ניט זינגען?
וועט זיין ליעד ניט האניג זיין?

האפיז מעג אויך הייוועז טרינקען,—
האפיז מאכט פון הייוועז וויין;
האפיז מעג אויך גאר ניט טרינקען—
וועט זיין ליעד נאך זיסער זיין.

און טאָמער וועט ער זיין דאָרשטיג, טאָמער וועט ער ליי־
דען — וואָס זשע? דאָס איז דער אייביגער גורל פון׳ם מענשען.

ער וועט זיין צונג אין דורשט פערברענען
און דוהיג זיין.

יאָ, „און רוהיג זיין“. מיט אָט דער בעזונדערער רוהיגקייט
זיינען אָנגעפילט די אומרוהיגע בלעטער פון ראָלניק׳ס ליעדער.

* * *

ראָלניק׳ס ב ע ט ר א כ ט ו נ ג ע ן וועגען לעבען און מענ־
שען זיינען שוואך. ניטאָ אין זיי קיין אָריגינאַליטעט. ניטאָ קיין
שוואונג פון פאנטאזיע. איבערהויפט איז זיין איינבילדונגס־
קראפט ניט גרויס. זיינע ל י ע ב ע ס־ליעדער אין דער גאנצער
סעריע „נעכט“ זיינען ווייניג געלונגען. אָבער ער איז אַ מייסטער
אין איבערגעבען די איינפאכסטע און שטילסטע בעוועגונגען פון
דער נשמה, און ער האָט די קראפט צו מאכען דאָס געוועהנליכע
אונגעוועהנליך, דאָס וואָכעדיגע — פּאָעטיש. אָפטמאָל איז ביי
איהם דאָ אַ שטילער, פיינער הומאָר, אָפט אַ ביטערער, אָבער ניט
גאַליגער, שפּאָט איבער זיך אליין. און אַמאָל גיט אַ לייכט ביי
איהם אַ שטיל, פער׳חלומ׳ט ליריש ליעד, וואָס ענטפּלעקט זיך
פאר אייך ווי אַ בלאַסער עדעלשטיין אויף אַ בעט פון גראהען
סאמעט.

ראָלניק׳ס באנד ליעדער וואָלט געוואונען זעהר פיעל, ווען די
אויסוואהל וואָלט געמאכט געוואָרען שטרענגער. אָבער אויך אַזוי
טראָגט ער אריין פיעל נייעס אין דער אידישער פּאָעזיע. ראָלניק
געהט ניט אויף אויסגעטראָטענע וועגען. און יעדער איינער, וואָס
זוכט זיין אייגענעם וועג, מאכט דערמיט ברייטער די וועלט, וואָס
געהערט צו אַלע.

.(1916)

# שמואל יעקב אינבער.

(„רויזענבלעטער").

---

געבענשט זאָל זיין די האנד, וואָס האָט בעשאפען די זון און דעם שמייכעל און די רויטע נעלקע; און נאָך געבענשטער זאָל זיין דער, וואָס האָט בעשאפען די יוגענד!

ס'אַרא פרייד עס איז צו בעגעגענען א יונגען נפש — אָבער טאקע אַ יונגען, וואָס יונג הייסט! קוקסט אויף איהם און וואונדערסט זיך, ווי דאָס שטראהלט און גלאַנצט, ווי דאָס פּערעלט און לאכט! פּרוף אקאָרשט דערצעהל איהם עפּעס א טרויעריגעס, פּרוף אפילו איהם פערשאפען אַ שמערץ, אודאי וועט ער ווערען גערירט, אפשר וועט ער זיך גאָר צואוויינען. אָבער הינטער די טרעהרען, הינטער דעם וועהטאָג איז דאָ אַזאַ אוצר פון פרעהליכקייט, אזא שפע פון ליכט, אז עס שפּארט ממש פון אלע זייטען. ניט צו בעהאלטען, כאָטש שריי געוואלד.

קוקסט אויף איהם — און ס'ווילט זיך דיר אליין אָנהויבען לאַכען.

אַט אַזאַ מין געפיהל האָט איהר, ווען איהר לייענט דאָס נייע בוך לידער פון שמואל יעקב אימבער.

אז ער איז יונג אין יאָהרען — דאָס פערשפּאָרט מען דערצעהלען. סך־הכל צוריק מיט אַ יאהר זעקס, אז ער האָט זיך אָנגעהויבען דרוקען. דאָס ערשטע ביכעלע זיינס איז געווען „וואָס איך זינג און זאָג" — אַ קליינטשיק ביכעלע לידעלאַך, ארויסגעגאנגען אין גאליציען. לצים האָבען זיך דעמאָלט געוויצעלט, אז ס'איז מעהר „געזאָגט" ווי „געזונגען", און אינגאנצען האָט עס

געהאַט אַ פּנים פון אַ ליעדער־אַלבום, וואָס איהר קענט געפינען ביי יעדער גימנאַזיסטקע. אָבער שוין דאָרטען זיינען געווען איי־ניגע געלונגענע זאַכען. ניט מעהר: מ'האָט גערעכענט אַז זיי זיינען נאָכגעמאַכטע, ס'האָט זיך געפיהלט, אַז דאָס איז נאָך גאָר אַ רויהער נפש. ס'זיינען אָבער אוועקגעגאַנגען אַ יאָהר פיער — דער אייגענער אימבער האָט ארויסגעגעבען אַ פּאָעמע „אסתר'קע"; — און די קריטיק האָט זי שוין געמוזט בעמערקען. דאָרט איז שוין געווען אַן אייגענער טאָן, אַ בעזונדערע הארציגע מעלאָדיע. „אסתר'קע" איז געפעלען. אָבער עפּעס איז זי אויך געבליבען אומבעקאַנט דעם גרויסען עולם.

היינטיגען זומער איז ארויסגעגאַנגען אַ גאַנצער נייער באַנד אימבער'ס ליעדער: „רויזענבלעטער", — שוין אַ גרויסער באַנד מיט אַריבער צוויי הונדערט ליעדער. מען וואָלט דאָס געקענט האַלטען פאַר אַ שלעכטען געשמאַק — דעם נאָמען „רויזענבלעטער". איז דאָס דען ניט אַביסעלע באַנאַל, אַביסעלע סענטימענטאַל, אַבי־סעלע עהנליך אויף דער „פּאָעזיע" פון אַ בריעפענשטעלער? איך בין זיך מודה: איך האָב אליין אזוי גערעכענט, איידער איך האָב געלייענט דאָס בוך. אַז איך האָב עס אָבער איבערגעלייענט, האָב איך אָבגעגעבען אימבער'ן דעם גערעכט: וואָס דען זאָל ער גע־באַך טהאָן, אַז קיין אנדער נאָמען פּאַסט ניט צו זיינע ליע־דער. ער וואָלט זיי אפשר געקענט אַ נאָמען געבען „פריהלינגס־טאָג", „זונען־שטראַהלען", „פויגעל־קלאַנג", — אָבער די אַלע נעמען וואָלטען אודאי ניט געווען בעסער. דער עיקר איז, וואָס אין די ליעדער איז טאַקי באמת דאָ אי רויזען, אי פריהלינג, אי זון, אי דאָס פרייע צוויטשערען פון פויגלען. אימבער איז באמת יונג — ניט קיין געמאַכטע יוגענד — און ער איז אין דעם פּרט אַ בן־יחיד צווישען אונזערע פּאָעטען.

„מיין ליעבסטע, דו ליליע,
מיין ליעבסטע, דו רויז,
זי האָט אין מיין הארצען
צעוואַקסען זיך גרויס.

פול דערנער די רויזען,
בעריהר איך זיי קוים,
עס וויעגט זיך אויף בלעטער
פון ליליען מיין טרוים.

דער טרוים פון מיין הארצען,
א שמעטערלינג גרינג,
אומפלאטערט מיין ליעבסטע,
איך וויין און איך זינג.

א ליליע — איהר פנים,
א רויז איז איהר הארץ,
און דערנער די ווערטער,
וואס וועקען מיין שמארץ".

אט דאס וואלט איך געזאגט, איז זיין גרונד־טאן, דער „אני מאמין" פון דעם גאנצען באנד.

איהר וועט אפשר געפינען, אז פיעלע פון זיינע ליעדער זיינען נאאיוו, פיעלע מאטיוועו זיינען ניט ניי. אז איהר וועט זיך אבער איינהערען אין זיי, וועט איהר מודה זיין, אז זיי זיינען אלע ד ו ר כ ג ע ל ע ב ט, אלע ד ו ר כ ג ע פ י ה ל ט, אז דער דיכטער האט געפונען עפעס א מין נייעם קלאנג, עפעס אן אייגענע מעלאדיע, וואס בעריהרט אייער נשמה און וועקט אין אייך א מיטפיהלענדען אבקלאנג.

פון וואס זינגט אימבער? נון, פערשטעהט זיך, פון ליעבע. פון וואס דען זאל ער זינגען?

נאטירליך, דערצעהלט ער אונז אמאל אי פון זיין איינזאמקייט, אי פון זיין וואנדערער־שמערץ, אי פון זיין הארץ, וואס האלט אין איין בלוטען, אי פון זיין דיכטער־עלענד. אבער נעהמט דאס ניט אזוי ערנסט. עס איז דאך ניט מעהר, ווי יוגענד־שמערץ. לאמיר בעסער הערען, וואס דער דיכטער דערצעהלט אונז אין אן אנדער ארט: „אויף יענער זייט טהיר, אויף יענער זייט וואנד, שטעהט גליק און אומגליק האנד אין האנד".

ביידע רופען איהם, ביידע ווילען איהם פערדארבען — וועלכע זיין נשמה, וועלכע זיין הארץ. אָבער וואָס האָט ער מורא פאר זיי?

„זיי שטעהען פון פריה, און זיי שטעהען ביז נאכט,
איך עפען די טהיר—און מיין הארץ, עס לאכט,
און עס לאכט מיין זעעל, ביז עס שווינדען די צוויי—
מיין הארץ און מיין זעעל זיינען שטארקער פון זיי.

אַט אזא יונג איז ער. זיין זעעלע לאַכט. פון זיין זעעלע פונקעלט ארויס צופיעל יוגענד־פרייד, אַז עמיצער זאָל איהם קע־נען שלעכטס טהאָן.

וויפיעל מאָל צוקריעגט ער זיך מיט זיין ליעבע. וויפיעל בי־טערע ווערטער הערט זי פון איהם. אַט פאלען זיינע פערזען שווער און ערנסט און הארט:

„אין דיינע קליינע הענד האָב איך פערטרויט
מיין הארץ מיט זיין געשריי און מיט זיין סוד;
מיין הערצענ'ס הויך געשריי האָסטו דערשטיקט,
מיין הערצענ'ס סוד ביי דיינע פיס היינט ליגט—
דו האָסט ארויסגעלאָזט איהם פון די הענד—
ער איז געוועזן שווער און גליהענדיג צוברענט"...

אַט דאכט זיך איהם שוין: ער איז גאָר געוואָרען אלט. ער זעהט, ווי אלצדינג פערגעהט, ער קען שוין אפילו די איצטיגע שמערצען דערמאָנען מיט אַ שטילער וועהמוטיגער פרייד. ווי ווייטער גלאָקען־קלאנג אין אַ בלאָהען טרוימערישען אבענד דערגעהען צו אונז זיינע אומעטיגע מעלאָדישע ווערטער:

„עס וויינען די בוימער
מיט פראָסטיגע טרעהרען
און שעפטשען מחילות דער זון און דער ערד —
מחילות דער זון
פאר איהר פאלשקייט אום ווינטער,
מחילות דער ערד פאר דעם זאפט, וואָס זי וועהרט.

דאס שטערט אָבער ניט דעם לייט־מאָטיוו פון זיינע ליעדער. דאס איז ווי א אומעטיגע מינוט ביי א קינד, ווי א זיפץ פון א גליקליכען, ביי וועמען ס'איז דורכגעלאָפען אין דער מחשבה עפּעס א טונקעלס. אין א מינוט ארום וועט ער אייך זאָגען:

„איך בין א קינד וואָס לאַכט
און האָט אין אויג א טרעהר".

און נאָך אין א מינוט ארום וועט ער בענטשען די זינד, פאר וועלכע ער בעקומט גן־עדן־לוין, און וועט רופען:

„קום, דו קינד מיט פייערבליקען,
פליק מיין הארץ, דו בלום, געשווינד —
פ א ר דעם ערשטען פויגעל־אָבשייד,
פ א ר דעם ערשטען אָסיען ווינד".

אָט אזוי איז ער. עס איז דאָ אין איהם א מין אינגעלשע שטיפעריי, א מין בעזונדערע קונדס'עריי פון א פרעהליכען, אויפגע־לעבטען העל־אויגיגען מענשען. עס זינגט זיך.

און הפנים עס איז דאָ טאַלאַנט, אויב אָט דאָס זינגען גיט זיך איבער אונז, לעזער, אויב מיר ווערען אויך אָנגעשטעקט פון דער לעבעדיגער העל־אומרוהיגער שטימונג. איהר פיהלט עפּעס ווי א ווינד ביי זונען־שיין, ווען אויפ'ן בלאָהען הימעל טראָגען זיך ווייסע וואָלקענס, און צווייגען בויגען זיך, וויעגען זיך און גלאַנצען אין דער אָבגעוואַשענער לופט.

פויגעל, פויגעל אין דער לופטען—פאַלש איז אייער גרוים...
דאָך איך ליעב אייך, איהר שלוחים פריי און פאַלש און זים!
זעהט פאר אייער זיסער פאַלשקייט פאַל איך אויף די קניעס!

חסרונות, אז מען וואָלט וועלען, וואָלט מען געקענט אין דעם בוך געפינען א סך. מ'וואָלט געקענט אָנווייזען, אז ס'איז דאָ צו־פיעל דייטשישע ווערטער און אויסדריקען (דער פּאָעט איז א גאַלי־ציאַנער — איינער פון די ווענינע, וואָס גאַליציען האָט געגעבען), מ'וואָלט געקענט אויסזעצען א סך ניט־געלונגענע ריימען, א סך ווערטער, וואָס חזר'ן זיך איבער און שטערען די מעלאָדישקייט

פון די ליעדער. מ'וואָלט געקענט געפינען עטליכע גאָר ניט גע־ראָטענע זאכען. נור לאָמיר דאָס לאָזען פאר אנדערע. אונז איז דער עיקר, וואָס עס וואקסט אַ נייער פּאָעט ביי אידען און אז דער דאָזיגער פּאָעט טראָגט אריין עפּעס נייעס אין דעם אידישען לי־טעראַרישען וועלטעל. סוף כל סוף זיינען די „רויזענבלעטער" נאָך דערווייל אויך ניט מעהר ווי אַ פּראָבע — אָבער אַ גוטע פּראָבע, אַ גוטע התחלה. איהר געפינט דאָרט אי נייע אומגעריכטע ריימען („בן־מלך — פּאמעליך", „בענייען — געבייען", בלויז — שוים", און אז. וו.), אין אַ פּראָבע צו געברויכען אין איין ליעד ניט צוויי, נור עטליכע גלייכע ריימען („געשפּיעגעלט — בעזיעגעלט — פּער־ריגעלט", פריידען — ליידען — גן־עדן" און אז .וו.), אי איבער־הויפּט פערשיעדענע פערז־מאָסען און געראָטענע אסאָנאנסען. אימ־בער איז א מענש, וואָס האָט ליעב די שפּראך און בעהאנדעלט זי ווי אַ טהייערען אינסטרומענט, אויף וועלכען מען דארף נור קע־נען שפּיעלען, ווי אַ קינסטלער.

און אָט דאָס איז דאָך אַזאַ זעלטענקייט ביי אונזערע אידישער שרייבער.

(1914).

# מאני לייב.

## I.

ס'איז אייגענטליך דאָ דריי מאני לייב'ס: איינער אַ ליריקער, איינער א פערפאסער פון מעשה'לאך אין גראמען און איינער אן אימיטאַטאָר. יעדערער פון די דריי האָט זיין אייגען פנים און זיין אייגענע קינסטלערישע ווערקצייג. דעם צד השוה צווישען די פארשיעדענע מאני לייב'ס איז ניט גרינג צו ענטדעקען: אפשר איז דאָס אַ געוויסע צארטקייט פון פערזען־געוועב, א חנ'עוודיגע, כמעט מיידעלשע פערליעבטקייט אין גראציעזע ריטמען — אָבער אויך אין דעם פּרט איז פאַראַן אַן אונטערשיעד צווישען ערשטען באנד, וואו עס זיינען געזאמעלט די לירישע ליעדער, און די איבריגע צוויי בענדער, וואָס ענטהאַלטען זיינע „באַלאדען“, ווי ער רופט זיי, און זיינע „אידישע און סלאווישע מאָטיווען“. די דאָזיגע פיעל־פּנימ'דיגקייט איז, מעגליך, אן אויסדרוק פון יוגענד: דער דיכטער האָט נאָך ניט געפונען זיין אייגעטליכען וועג און האלט נאָך אין פּרופען. מיט דער צייט, וועט ער, מסתמא, ענטוועדער צונויפשמעלצען א ל ע זיינע אייגענשאפטען און איין שאַפונגס־שטראָם, ווי אַ טייך גיסט צונויף זיינע איינצעלנע ריטשקעלעך אין איין ברייטען פלוס, אָדער ער וועט מאנכע פעלדער אינגאנצען אויפגעבען און זיך קאָנצענטרירען אויף איין בעשטימטען געביט, וואו ער קען זיך ענטפלעקען אם רייכסטען און אם טיעפסטען. ווי מאני לייב בעווייזט זיך איצט אין זיינע דריי ביכלעך, מוז מען איהם בעטראכטען אלס „איינעם אין דריי“ אָדער „דריי אין איינעם“, — לאָזענדיג דעם סינטעז פאר דער צוקונפט.

איך ווייס ניט, ווי אנדערע — איך פּערזענליך האָב מיט מאַני לייב'ס ל י ר י ש ע ליעדער געהאַט אַ מאָדנע ערפאַהרונג: גע־זאַמעלטערהייט האָבען זיי מיר געגעבען אַ סך ווענינער, איידער ווען איך פלעג זיי בעגעגענען איינציגווייז אין צייטונגען און זשור־נאַלען. איך געדענק, וואָס פאַר אַ טייערע מתנה עס איז פאַר מיר געווען דאָס וויעג־ליעדעל „טיר און פענסטער צוגעשלאָסען", ווען איך האָב עס צום ערשטען מאָל דורכגעלייענט אין דער „צוקונפט". דאָס ליעד איז אַ פאָלקאָמען מייסטערווערק הן אין פאָרם, הן אין אויפריכטיגקייט און עכטקייט פון איבערלעבונג, הן אין פער־ענדיגטקייט פון גאַנצען. עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז דאָס איז איינס פון די בעסטע, וואָס מיר פאַרמאָגען אין אידישער דיכטונג. איך געדענק, ווי ערשיטערט איך בין געווען פון אַן אנדער מאַני לייב'ס ליעד, וואָס הויבט זיך אָן מיט אזוינע פיער שורות:

מען וועט אין אַ הערבסט־נאַכט אין רעגען
אין גאַס מיך אַ גוסס געפינען.
מיך וועלען די מענשען בעטראַכטען מיט
נייגעריג־קאַלטע און ווילד־פרעמדע אויגען,

און איינער אַ מענש וועט מיט פאַרזיכט
אריבער מיין קערפּער זיך בויגען
און, שפּייענדיג, וועט ער מיט עקעל אין
ווייטערע גאַסען אַנטרינען.

מיך האָט געפאַנגען די אונגעוועהנליכע שטימונג, די קאַלט־קייט, כמעט גלייכגילטיגקייט, כמעט עקעל צו די אייגענע ליידען, וואָס דריקט זיך אויס אין אזוינע ווירדיגע, אָפּגערונדעטע, שווער־געוויכטיגע, מעטאַלענע פערזען. די גאַנצע זאַך האָט זיך איינגע־קריצט אין מיין זכרון אַלס דער רוף פון אַן אונגעוועהנליכער אינדיווידואַליטעט, אַלס דער באַפעהלענדער זשעסט פון אַ מייסטער־האַנד, וואָס עפענט פאַרשלאָסענע טירען צו ווייזען אַ נייע וועלט פון עמאַציאָנאַלער ערפאַהרונג.

איך גערענק אז אנדערע פיעל־דיסקוטירטען לירישען פער־
זוך:

זי שפּיעלט, איך ווײן. די לאנגע ציטערדיגע פינגער
ווי בלײכע לאנדישען פארבענקטע אין דער פינסטער,
פערבענקטע זוכען זײ און בלאנדזשען און געפינען.
און מײנע קינדער װײנען, װײנען, מײנע קינדער.

פון דעם ליעד האט געוועהט מיט מיסטיק, מיט א טראנס־
צענדענטער ווירקליכקייט איינגעוועבט אין אונזער אלטעגליכער
„באקוועמער" וועלט. ס'האט זיך געפיהלט א נשמה, וואס איהר
ערגרייפענדסטע שפּראך איז שווייגען, און וואס איהר שווייגענ־
דיגער געשריי קען אויפוועקען א שוידער צווישען די העלסטע בלו־
מען פון גליק. און ווען מ'האט געלייענט אין אן אנדער ליעד:

טויבענשטילע, בלאהע אבענד־שטונדען!
שפּרייט פאר מיר מיין אבענד־טרוים צעשפּרייטער!
איצטער גליהען ציטערדיגער, רויטער
מיינע שטילע רויזען,—מיינע וואונדען!

האט דאס ווידער ערגריפען מיט דער פרישקייט און זינגענדיגקייט
פון דעם איינגעהאלטענעם וועהטאג. די אלע אומגעריכטע טענער
און מאטיוען האבען אויסגעזעהן ווי שלוחים, וואס זאגען אן, אז
א נייער לירישער אינסטרומענט איז געקומען אויף דער וועלט, —
אן אינסטרומענט מיט א גרויסער צאהל פיעל־קאלירענדע סטרונעס,
וואס יעדע פון זיי האט איהר אייגענעם פולען קלאנג. די אפּגע־
זונדערטע פראכטפולע ליעדער האבען ביסלעכווייז באשאפען דעם
איינדרוק, אז מאני לייב איז א גרויסער דיכטער, וואס קומט צו
פארנעהמען דעם פלאץ פון א ה ע ר ש ע ר אין דער אידישער
ליטעראַרישער וועלט. פון א גרויסען דיכטער ערווארט מען גרויסע
ווערק — און די ערשיינונג פון מאני לייב'ס דריי בענדער געזא־
מעלטע ליעדער האט געזאלט זיין א גרויסער יום־טוב, — א טרי־
אומף פאר איהם און א פרייד און א נחת פאר דעם לעזער. אזוי,
לכל הפּחות, איז געווען די שטימונג פון דעם שרייבער פון אט
די שורות.

די ביכער זיינען ארוים פון דרוק — און, לאָמיר זאָגען אָפען, דער יום־טוב איז געווען קלענער, ווי איך האָב געהאָפט. דאָס איז ניט ענטוישונג. מאני לייב בלייבט אַ ד י כ ט ע ר מיט גרויסע מעגליכקייטען. דאָס וואָס ער האָט געשאַפען, געהערט צום בעסטען. אָבער דאָס, וואָס ער האָט געשאַפען, ווייזט אויך די גרענעצען פון זיין טאַלאַנט, — מעהרסטענס בנוגע לירישע דיכטונג.

עס איז ניט גרינג ארויסצושיילען דעם קערן פון מאני לייב'ס לירישער פערזענליכקייט. איהר דאַרפט קודם כל פארגעסען אַן אונגעהויערע צאָהל ווערטהען, וואָס האָבען פאַר אייך אַ געוואַל־דיגע בעדייטונג. איהר דאַרפט פארגעסען, אַז ס'איז דאָ אַ רייה אייביגע פּראָבלעמען וועגען דעם זין און צוועק פון וועלט און מענש, לעבען און טויט. איהר דאַרפט זיך אָפּזאָגען פון דעם גרויסען פראגע־צייכען, וואָס רעליגיאָן האָט אוועקגעשטעלט איבער אונזער ערפאהרונגס־וועלט. איהר דאַרפט זיך אָפּזאָגען פון דעם אוניווערזום מיט זיינע זון־ און שטערען־סיסטעמען און דער אידעע פון אונענדליכקייט, וועלכע קוקט אויף אייך פון יענע ווייטע שטרעקען. איהר דאַרפט פערלאָזען אונזער ערד מיט איהרע ימים און קאָנטינענטען, איהרע בערג, טהאָלען, מדבריות, וועלדער און דער גאַנצער אונענדליכקייט פון דער נאַטור אויף דער ערד. איהר דאַרפט אויפגעבען די לענדער, די שטאַאַטען, די פעל־קער, די געזעלשאַפט, די געזעלשאַפטליכע קלאַסען, זייער שטרייט, זייערע ליידען, זייער מארש צו אַ נייער צוקונפט. איהר דאַרפט אויפגעבען די גאַנצע אונענדליכקייט פון געדאַנקען, פון אינטע־לעקטועלער ארבייט, פון פראַגען, וואָס האָבען אַ שייכות צו וועל־כער ניט איז אינערליכער אָדער אויסערליכער ערשיינונג. דאָס אַלעס האָט קיין פּלאַץ ניט אין מאני לייב'ס דיכטונג. דאָס קעהר זיך מיט איהם ניט אָן. קיין א י י נ צ ע י ג ע ר טהייל פון אָט דעם גרויסען קאָמפּלעקס, קיין איינציגע פאזע אין איינעם פון די טהיילען ריהרט איהם ניט אָן.

וואָס בלייבט? מאני לייב אַליין, איינער אַ מענש מאני לייב, אַן אַבסטראַקטער מאני לייב, אויסגעטהאָן פון אַלע חצוניות, אַב־סאָלוט איינגעשלאָסען אין זיך, אָפּגעצאַמט פון אַלעס, וואָס איז „ניט־ער". דאָס אַליין גיט אייך נאָך אָבער אַלץ ניט קיין בילד

פון מאני לייב דעם ליריקער. איהר דארפט נאָך אויפגעבען א גאנצען רייכטהום פון איבערלעבונגען איידער איהר דערגרייכט צו מאני לייב'ן. מאני לייב, דער אבסאָלוטער „איך", ווייסט ניט פון די טיעפע, מעכטיגע געפיהלען, וואָס ערשיטערען א מענשען. הייסע ליעבע, גאל־ביטערע פיין, זון־באלויכטענע פרייד, גיהנום'־דיגע וועהען, צאָרען, האס, בעגייסטערונג, ענטציקונג, פעראכטונג, גרויסע נשמה־זיעגען, שווערע מפלות, — די גאנצע גאמע פון א רייכער אינערליכער וועלט איז ביי מאני לייב'ן ניטאָ. ניטאָ אויך דאס זוכען, דאס שטרעבען. דאס ציהען זיך צו ערגעץ אזוינס, וואס ס'איז אומבעקאנט, אָבער אימפעראטיוו. ניטאָ אויך דער טראגישער ריס צווישען גוטס און שלעכטס, רעכט און אומרעכט, וואס פילט אָן אייניגע דיכטערישע נשמות ביז אי־בער די ברעגען.

וואָס בלייבט? א לייכטע פאסיווע שטימונג פון איינזאמ־קייט, פארלאָזענקייט און האָפנונגסלאָזיגקייט פון א מענשען, וועל־כער איז איינער אליין אין א גרויסער שטאָדט, — און דאָס איז דער אינהאלט פון אלע הונדערט און דריי לירישע ליעדער, וואָס בילדען דעם ערשטען באנד, — און דאָס איז, מיט אייניגע וואריא־ציאָנען, דער אינהאלט פון מאני לייב'ס גאנצער ליריק. איז דאָס ניט אביסעל צו ווייניג?

איהר קענט איבערלייענען איין ליעד אָדער צוויי — און זאָלט האָבען דעם גאנצען לירישען מאני לייב'ן. איהר קענט איבערליי־ענען נאָר פינף שורות, — און זאָלט שוין האָבען א שליסעל צו זיין גאנצער לירישער שאפונג.

איצט זאָל מיין קאָפּ זיך פון בייזע געדאנקען ניט בויגען!
מיד בין איך. בלייך בין איך. נו, בין איך מיד, בין איך בלייך.
רויכער איך, רויכער איך, און מיט פערשטיינערטע אויגען
קוק איך אזוי זיך פאר זיך, אין דעם וועהיגען רויך.

דאָס זיינען די גרונד־ליניען פון מאני לייב'ס פאָרטרעט. אלע איבריגע שורות זיינען נאָר א צוגאָב, וואָס טראָגען אריין ווייניג נייעס. יעדענפאלס ענדערען זיי ניט דעם גרונד־כאראקטער. א

מענשען איז אומעטיג — אבער ניט אזוי שטארק, אז ס'זאָל איהם באמת וועה טהאָן. ער איז מיעד, ער איז בלייך. נו, איז ער מיעד, איז ער בלייך. רויכערט ער. שפּאנט ער ארום איבער זיין ציד מערעל ערגעץ אויפ'ן פינפטען אָדער זעקסטען שטאָק פון א ניו יאָרקער הויז און זאָגט זיך צום טויזענטסטען מאָל, אז ער איז מיעד, אז קיין זאך אינטערעסירט איהם ניט, אז ס'איז נאכט ארום און ארום און אז קיינער וועט ניט לינדערען זיין איינזאַמקייט. פון צייט צו צייט, ווען די שטאָדט שלאָפט און זיין אומעט פערוואנ־דעלט זיך אין עפּעס עהנליכעס צו א מוזיקאלישער שטימונג, זעצט ער זיך אוועק און שרייבט אָן אַ ליעד. אקאָרשט האָט ער געזאָגט, אז זיין קאָפּ זאָל זיך פון בייזע געדאנקען ניט בויגען, אביסעל שפּעטער וועט ער יא בויגען דעם קאָפּ. אקאָרשט זיינען זיינע אוי־גען געווען „פארשטיינערט“, אביסעל שפּעטער וועט ער וויינען. און דאָס איז דער גאנצער אונטערשיעד.

......איך וועל מיין קאָפּ אין טיעפען טרויער נייגען
און וויינען, וויינען שטיל מיט שטומע, בלייכע אויגען
די שעה, ווען אויף מיין פענסטער שטיל די זון פערשטאַרבט.

אַן אנדערס מאָל וועט דער ריטם זיין אַן אנדערער, די ווער־טער אנדערע — די שטימונגען די זעלבע:

און איך, א פרעמדער, הער זיך צו
צו דעם געשריי פון גאַס, און בלאָס
און קראַנק, איך גאר אזוי נאָך רוה
פון דעם געשריי פון גאַס.

אַן אנדערס מאָל זיינען אפילו די ווערטער די אייגענע:

דאָס ליכט געהט אויס—מיין ליכט. איך זיץ אליין,
דעם הארטען קאָפּ צום הארטען טיש געלעהנט,
די אויגען אויסגעלאָשענע, די הענט
פערבראָכענע אין צווייפעל, און איך וויין,
איך זיץ און וויין אין מיטען נאכט, אליין.

איבערגעמישט אַ פּאָר בלעטלעך — און ווידער :

נאכט. סעקונדען קלינגען וויסט און איינזאם, מאָנאָטאָן,
וויסט און איינזאם קלינגען דיינע וואקעלדיגע טריט.
זאָג, אומגליקליכער, פערוואָרפענער, וואָס זאָגסטו ניט ?
שטעהסט אזוי... און קוקסט אזוי... און ווייסט ניט וואָס
צו טהאָן...

און ווידער א פּאָר בלעטלעך, — און :

איך קוק אין דער פינסטער אריין
און צעהל מיינע נאכטיגע שטונדען ;
איך ווארט אויפ'ן מאָרגיגען שיין
און צעהל מיינע נאכטיגע וואונדען.

און א נייער ריטם, און א נייער קלאנג פון ווערטער, און מעהר קראפט אין דער שטימע, אָבער דער אינהאלט אונגעענדערט :

......דיין הארץ איז בייז און שלאָפלאָז, בייז און שלאָפלאָז
איז דיין נאכט.
ווארפסטו בליקען צו דעם פענסטער, ווארפסטו בליקען
צו דער טהיר.
ווארטסט אויף קיינעם ניט, און קיינער וועט ניט קומען
איצט צו דיר.
לעשסט דעם לאָמפּ אוים, לייגסט אין בעט זיך, צעהלסט,
אז קומען זאָל דער שלאָף.
ווארפסט זיך, ציהסט זיך אין דער פינסטער—האָף ניט,
עלענדער, ניט האָף !

אז אנדער בלעטעל, און אַ שוואכערעס ליעד, און וועניגער טעמ־פּעראמענט, אָבער אליץ ע ר, דער אבסטראקטער איך, וואָס פאר־מאָגט אַ צימערעל, א בעט, א קאמין, אַ פענסטער, אַ גאס הינ־טער'ן פענסטער — און זיין איינזאמקייט, אין וועלכער ס'מישט זיך דאָ און דאָרט אריין דער פארבייאיילענדער געדאנק וועגען א פרוי, און אמאָל וועבט זיך אריין די בענקשאפט נאָך עפּעס א קינד:

דער זייגער האט צוועלף שוין געשלאָגן —
ס'איז צוועלף שוין א זייגער ביינאכט.
איך קוק אויפ'ן זייגער און טראכט:
דער זייגער האט צוועלף שוין געשלאָגן.

איך ווארף אין דעם אויוועז די קויהלען,
דער פייער ווערט העלער און קנאלט.
פאַרוואָס זשע איז מיר אזוי קאלט?
איך ווארף אין דעם אויוועז די קויהלען.

איהר בלעטערט ווייטער — און כמעט אויף יעדען בלעטעל הערט איהר דאָס בעקלאָגען זיך אויף דעם זעלביגען קרענקליך בלאַסען, בלוטלאָזען „טרויער”:

ניט פרעהליך ציהען זיך שעה'ן
אין אבענד טיעף אריין.
ניט היימליך. דער לאָמפּ גיסט בלויען,
פערקלעהרטען, בלייכען שיין.
און שטיל, און פארהילט אין גרויען
מיין אומעט קומט אריין.

דאָס מאכט די גאנצע מאני לייב'ס ליריק אונגעוועהנליך מאָנאָטאָן. עס איז אייגענטליך ניט קיין זאמלונג פון ליעדער. עס איז, א חוץ א פּאָר גליקליכע אויסנאהמען, איין ליעד מיט פארשיעדענע וואריאציאָנען, וואו די זעלביגע ווערטער און די זעלביגע סימבאָלען חזר'ען זיך איבער אזוי אָפט, אז זיי ווערען דעם לעזער פארדריסליך. איך האָב געפּרופט איבערצעהלען, וויפיעל מאָל אייניגע באליעבטע מאני לייב'ס ווערטער חזר'ן זיך איבער אין ערשטען באנד. איך האָב דאָס געטהאָן, כדי זיך ניט צו פארלאָזען אויפ'ן אלגעמיינעם איינדרוק, וועלכער קען אמאָל נארען. אָט וואָס איך האָב געפונען.

אין גאנצען באנד איז דאָ הונדערט מיט דריי קורצע ליעדער, פון זיי זיינען זיעבען און דרייסיג ליעדער אכט־שורה'דיג. אין די הונדערט מיט דריי ליעדער באגעגענט זיך:

דאָס וואָרט „נאַכט" איין און נײַנציג (91) מאָל.

דאָס וואָרט „געוויין" אָדער „וויינען" — זיעבען און פופציג (57) מאָל.

דאָס וואָרט „קינד", „קינדער" — איין און פערציג (41) מאָל.

דאָס וואָרט „נעבעל" און „טומאַן" — צוויי און צוואַנציג (22) מאָל.

דאָס וואָרט „קאַמין" און „פייער" — זעכצעהן (16) מאָל.

דאָס וואָרט „פענסטער" — פערצעהן (14) מאָל.

דאָס וואָרט „לאָמפּ" — עלף (11) מאָל.

דאָס וואָרט „רויכערען" — זיעבען (7) מאָל.

וויפיעל מאָל די ווערטער „מיעד", „קאַלט", „טויט", „שטיל", „בלאַס", „אַלט", „אומעט", „טרויער", „וועה", „איינזאַם", „שאָטען" און דאָס גלייכען חזר'ן זיך איבער, האָב איך ניט גע־צעהלט, אָבער יעדענפאַלס באַגעגענען זיך די ווערטער אויף שריט און טריט.

וואָס דערצעהלט דאָס אַלעס? אז מאַני לייב'ס לירישע גע־פיהלען זיינען אויסערסט באַגרענעצט, אז זיין לירישע פאַנטאַזיע דרעהט זיך נאָכאַנאַנד אין דעם זעלביגען פער'כשוף'טען קרייז און ער האָט זיך אפילו די מיה ניט גע־געבען צו צורייסען אָט דעם קרייז. אין ערשטען איז שולדיג זיין טאַלאַנט, אין לעצטען — די „שולע", צו וועלכער ער געהערט.

---

## II.

דו ביזט אַ קעניג. לעב אַליין. אויף פרייע וועגען
אַ פרייער געה וואוהין דיין שטאָלצער גייסט דיך ציהט.

אזוי האָט אַ רוסישער דיכטער געערדט וועגען געזעץ פון דיכ־טערישען שאַפען. דער דיכטער איז פאַר זיך די העכסטע מאָס.

זיין נשמה איז דער אָנהויב און דער סוף פון זיין ווערק אויף דער וועלט. זאָל ער נאָר זיין געטריי צו זיך; זאָל ער נאָר זיין אויפ־ריכטיג ביז דער לעצטער מדרגה, און זאָל ער, פערשטעהט זיך, פאַר־מאָגען די מתנה פון איבערגעבען אין ווערטער־האַרמאָניען דאָס, וואָס ס'רעגט זיך אין זיין געמיט, — און ער איז דער געזאַלבטער כהן אין היכל פון דיכטונג.

אַזוי איז די אָנגענומענע מיינונג. דער דיכטער איז דער ספּעציאַליסט פון געמיטס־באַוועגונגען. ער איז געבענשט — אָדער פערשאָלטען — זיך כסדר איינצוהערען אין דער מוזיק פון זיין אינוועניגסטען „איך“ און געבען אַן אָפּקלאַנג. ער איז דער מענש, וואָס דורך זעלבסטענטפּלעקונג ענטפּלעקט ער דאָס טיעפּסטע און האַרציגסטע אין אונז אַלע. ווייל ע ר לעבט אַן אויפריכטיגען, אינטענסיווען אינוועניגסטען לעבען, מאַכט ער א ו נ ז ע ר לע־בען רייכער און עדעלער און העכער.

אָבער ווי איז דער דין, אַז דער ריכטער איז אי אויפריכטיג, אי באַגאַבט, נאָר זיין אינוועניגסטער לעבען איז אַ הן פאַרבען? ווי איז דער דין, אַז דאָס, וואָס ער ענטפּלעקט פאַר אונז, האָט קיין גרויסע ווערטה ניט? איז דער עיקר די ענטפּלעקונג אַליין, דער פּראָצעס פון דיכטערישען ודוי אונטער אַלע אומשטענדען, — אָדער דער עיקר איז דאָס, וואָס דער דיכטער האָט אונז צו זאָגען?

איהר קענט זיך ניט באַפרייען פון די אַלע פראַגען, ווען איהר לייענט מאַני לייב'ס לירישע לידער.

קענטיג, דער דיכטער האָט פערשטאַנען זיין אויפגאַבע זעהר איינפאַך. דאָס פּראָגראַם פון „ביזט אַ קעניג, לעב אַליין“ האָט ער גענומען אין בוכשטעבליכען זין. אַלצדינג איז פאַר איהם וויכטיג, וואָס ס'קומט פאָר אין זיין געמיט, און אַלצדינג וואָס ס'איז פאַר איהם וויכטיג, מוז זיין אינטערעסאַנט פאַר'ן לעזער. איז איהם היינט אומעטיג אין דער גרויסער שטאָדט, זעצט ער זיך אַוועק און שרייבט:

פרעמד איז דיר די וועלט, וואס רינגעלט דיך ארום.
דו הערסט א פרעמדען אומבעקאנטען לשון,
דו הערסט, דאס פרעמדע לעבען רעדט, נאר שטום
די ליפען דיינע זיינען, שטום און צוגעשלאסען.

איז איהם מארגען אומעטיג אין דער גרויסער שטאדט, זעצט ער זיך אוועק און דיכטעט:

און איך, א פרעמדער, הער זיך צו
צו דעם געשריי פון גאס, און בלאס
און קראנק, איך גאר אזוי נאך רוה
פון דעם געשריי פון גאס.

איז איהם איבערמארגען אומעטיג אין דער גרויסער שטאדט, נעהמט ער די פען און שרייבט:

שוייג, און פערנעהם די געשרייען:
ווילד, אין דער נאכט, און צו גאט
שרייט עס די נאכטיגע שטאדט.
וויינסט... אין די שטילע אלעען
וויינען דער הערבסט און די רוה,
בלעטער פארוועלקטע און דו.

איז איהם היינט לאנגווייליג, דערצעהלט ער אין קלינגענדיגע פערזען, ווי ס'איז איהם לאנגווייליג:

קיין פייער אין קיין שויב, קיין שארך ניט צו דערהערען.
דו גענעצסט פויל, און מיעד געהסטו צוריק אין בעט,
דו דעקסט זיך איין, דו ליגסט און טראכסט: שוין שפעט?

איז איהם מארגען לאנגווייליג, שרייבט ער א נייע ליעד:

וואס טהוט מען אין דעם לאנגען אווענד, ווינטער?
מען זיצט ביים טיש. מען שוויגט. דער אויווען ברענט.
מען רוקט פערטראכט די קאלטע פען אין טינטער.
מען שמייכעלט פויל. מען רייבט די קאלטע הענד.
מען רויכערט אומרוהיג...

איז ער היינט מיעד, שרייבט ער וועגען מיעדקייט; איז ער מאַרגען און איבערמאָרגען און איבער־איבערמאָרגען מיעד, שרייבט ער אַלץ וועגען מיעדקייט און מאַטקייט און שוואַכקייט, און עס קומט איהם ניט אויפ'ן געדאַנק צו פרעגען: צו וואָס דאַרף די וועלט וויסען, אַז איך, איינער אַ איד מאַני לייב, פיהל זיך לאַנגווייליג? צו וואָס דאַרף די וועלט אויסהערען צום פופציגסטען מאָל, אַז מיר, מאַני לייב'ן, איז אומעטיג אין דער גרויסער שטאָדט? וואָס קום איך דער וועלט זאָגען, און וואָס טראָג איך אריין אין דעם אוצר פון מענשליכער אינוועניגסטער ערפאַהרונג?

מען קען דערויף ענטפערען, אַז דער דיכטער שרייבט ניט פאַר דער וועלט, נאָר פאַר זיך אַליין. Procul este, profani— האַלט זיך אָפּגעשיידט, עם־הארצים! — איז שטענדיג געווען דער שילד און וואָפען פון דיכטער. דער שילד איז, אמת, אַ לעבער־דיגער, און די וואָפען זיינען טעמפּע, ווארים אויב דער דיכטער זינגט ווי אַ פרייער פויגעל אין וואַלד, טאָ פאַרוואָס קומט ער מיט זיינע געזאַנגען צום רעדאַקטאָר און ארויסגעבער און פאַרוואָס וויל ער ניט אַנדערש זעהן זיין נאָמען געדרוקט „באותיות מרובעות“? נאָר לאָז זיין, אַז די טענה האָט אַ שטיקעל ממשות, בלייבט נאָך אַלץ די פראַגע: וואָס פאַר אַ ווערטה האָט פ א ר מ א נ י ל י י ב 'ן א ל י י ן זיין געפיהל פון מיעדקייט, אָדער זיין גע־פיהל פון שוואַכקייט, אָדער זיין געפיהל פון אָפּגעלאָזענקייט, אָדער די אַלע קליינינקע, אונבעדייטענדע כוואַליעלעך אויף דער אויי־בערפלאַך פון זיין גלייכגילטיגער נשמה, וועלכע ער ענטפּלעקט אין זיינע ליעדער? צו וואָס זיך צאַצקען מיט אַזוינע אונבעדייטענדע געמיטס־באַוועגונגען? צו וואָס זיך גאָר איינהערען אין זיי?

מאַני לייב, ווי מיר זעהען איהם אין זיין ליריק, איז בעצם אַ גלייכגילטיגער מענש, אַ רוהיגער מענש. קיין זאַך ריהרט איהם ניט ביז'ן ביין. קיין זאַך בריהט איהם ניט אַזוי, אַז ער זאָל אויפשפּרינגען אין וועהטאָג אָדער אין עקסטאַז. אפילו זיין איינ־זאַמקייט איז ניט פון די, וואָס צווינגט אַ מענשען וואָיען, ווי אַ וואָלף אין דער מדבר אין אַ קאַלטער נאַכט. אפילו זיין מיעדקייט איז ניט פון דעם סאָרט, וואָס וואַרפט אַ מענשען צו דער ערד און לאָזט איהם דערפיהלען דעם טעם פון טויט. איך האָב ניט בעגעגענט

אין זיינע ליעדער דאס ווארט „פערצווייפלונג", און איהם איז אונבעקאנט די שווערקייט, וואס דריקט אויף דער ברוסט מיט שפּי־ציגע שטיינער. ער איז רוהיג, געלאסען, מיושב'דיג, וואכעדיג. זיינע שטימונגען זיינען גאנץ געוועהנליכע, אלטעגליכע אויבער־פלעכליכע שטימונגען, וואס מיר אלע פארמאגען פון צייט צו צייט און וואס מיר קוקען זיך אויף זיי ניט אום. נאר זעלטען, זעהר זעלטען, דערהערט איהר ביי איהם עפּעס א הייסערען טאן, עפּעס א מאדנעם אפּקלאנג. געוועהנליך איז זיין ליריק ווי א דראבנע הערבסט־רעגענדעל, וואס פאלט און פאלט מיט דעם זעלבען מאָ־נאטאנעם קלאנג. וואס פאר א סימפּאניע קען מען ענטדעקען אין דעם דורזשען פון א קיהלען רעגענדעל אין כסלו? וואס פאר א פּאעזיע, וואס פאר א פּסיכאלאגישען אדער עטישען אדער עסטע־טישען ווערטה קענען פאר אונז האבען אזוינע שורות:

איך לעג אין בעט זיך, דער שלאף זאל וויגען.
איך ווארף זיך, דרעה זיך ווי א שלאנג:
איך קען ניט שלאפען, איך קען ניט ליגען,
די נאכט איז לאנג, די נאכט איז לאנג.

וואס וואלט די מענשהייט אנגעווארען, ווען זי וואלט ניט געוואוסט, אז מאני לייב ליגט אין בעט און קען ניט שלאפען?

אימיצער וועט זאגען: וואס זשע, ס'איז קיינעמס שולד ניט; מאני לייב איז אזא, און מען קען פון איהם ניט פערלאנגען, ער זאל זיין אנדערש. ער איז געטריי צו זיך אליין, ער איז אויפריכ־טיג — און דערמיט האט ער ערפילט יין שליחות אלס דיכטער.

דערויף וועלען מיר ענטפערען, אז אויב מאני לייב זאל שוין האבען פערענדיגט דעם ציקל פון זיין דיכטערישער ענטוויקלונג; אויב ער זאל כאטש האבען דערגרייכט די העכסטע און רייפסטע מדרגה פון זיין דיכטערישען שאפען, — וואלט ניט געווען וואס צו ריידען. מאני לייב איז אבער א יונגער מאן, ער איז ערשט אלט דריי און דרייסיג יאהר; ער איז נאך ניט קיין אויסגעקריסטא־ליזירטער דיכטער, ער איז ביז א געוויסען גראד נאך אן אנפאנגער. ווענען אזא דיכטער קען מען בשום אופן ניט זאגען, אז „אזוי איז

ער, אָדער נעהמט איהם, אָדער פערוואָרפט איהם". צו אַזאַ דיכ־טער מעגען און דאַרפען מיר קומען מיט אַ וואָרט פון וואָרנונג.

ס'וואָלט ניט כדאי געווען צו ריידען, ווען מאני לייב וואָלט ניט געהאַט דעם שטאָף, פון וועלכען גרויסע דיכטער ווערען גע־שאַפען. מאני לייב א י ז אָבער געבענשט פון גאָט מיט אַן אונגעוועהנליכען פּאָעטישען אינסטרומענט — און ער דאַרף גע־דענקען די גרויסע דיכטערישע פעראַנטוואָרטליכקייט, וואָס ליגט אויף איהם. מאני לייב האָט זיך גענומען אי צ ו ערנסט — אי ניט ג ע נ ו ג ערנסט. ער האָט זיך פערלאָזט אויף זיך, אַז אַלצדינג וואָס ער דענקט און פיהלט איז פון גרויסער בעדייטונג — און דעריין האָט ער איבערגעשעצט זיין פערמעגען. ער האָט דער־ביי ניט געגנוג אין זינען געהאַט די אחריות, וואָס ליגט אויף איהם אַלס אַ מענש מיט אַ גרויסען פּאָטענציאַלען טאַלאַנט — און דע־ריין איז ער ניט געווען גערעכט צו זיך אַליין.

דאָס ברענגט אונז צום צ ו ו י י ט ע ן פּונקט — צו דער פראַגע וועגען אַ „שולע".

ס'געהט אַרום אַ „טהעאָריע" צווישען אונזערע „יונגע", אַז מ ע ז ט אָ ר נ י ט שרייבען קיין ליעדער וועגען די גרויסע און אייביגע ווערטהען אין מענשליכען לעבען. דאָס איז, זאָגען זיי, „באָמבאַסטיק". „פּראָלעטאַריש־נאַציאָנאַלע טראַדיציעס". „דער היינטיגער דור, — זאָגען זיי, — איז צו פּ ע ר ז ע נ ל י ך, ער וועל לייענען וועגען זיך אַליין". ס'איז וויכטיגער, — זאָגען זיי — צו שרייבען וועגען געניצען, ווי וועגען גאָטער און מלאכים, ווע־גען פאַהרען אויף'ן „על", ווי וועגען פליהען פון אַ מלאך, ווייל דאָס לעצטע איז אַ ליגען פאַר'ן היינטיגען מענשען. דאָס ערשטע איז אַ שטיק לעבען. און דער מענש, וואָס לעבט און פיהלט מיט זיינע אייגענע חושים, גיט איבער זיינע איינדרוקען אמת'דיג, אַזוי געטריי ווי ער האָט זיי בעקומען". די דאָזיגע שולע פערשטעהט ניט, אַז איהר „שטיק לעבען" קען זיין לאַנגווייליג און פּשוט אונאינטערע־סאַנט, אַז דאָס וואָס דער מענש „לעבט און פיהלט מיט זיינע איי־גענע חושים" קען האָבען אַ ווערטה פון גאָרנישט.

מאני לייב איז אַרונטערגעפאַלען אונטער דער ווירקונג פון

אט דער „שולע" — און דאס האט געשארט זיין אריגינעלען אינטע־רעסאנטען טאלאנט. דאס האט געמאכט זיין ליריק וואכעדיג, מא־נאטאן, ביי איהר אוועקגערויבט דעם שוואונג. דארט, וואו ער האט זיך — בעוואוסט אדער אומבעוואוסט — בעפרייט פון דער דאגכע, ווי אין זיינע „באלאדען" און „אידישע און סלאווישע מא־טיווען" איז דאס גאר אן אנדערער מאני לייב.

III.

מאני לייב האט, בלי ספק, זיין אייגענעם טאן, זיין אייגע־נעם ריטם און זיין אייגענע שפראך. זעהר זעלטען פיהלט זיך ביי איהם דער איינפלוס פון אנדערע אידישער דיכטער, הגם אין גאנ־צען פריי פון אזוינע איינפלוסען איז ער ניט. אט איז א ביי־שפיעל:

ניט אין דעם גראהעז שטויב פון דיינע קלוגע ספרים,
און ניט אין דיינע הייליגע און שעהנע קברים,
נאר אין דיין גרויסען גורל'ס הארטען אנגעזיכט
האב איך דערזעהן דיין ליכט.

און אין מיין מאמע'ס אלטע ליידענדיגע אויגען,
ווען זי האלט, בענשענדיג, די דארע הענד פארבויגען,
פאר איהרע ליכט פון שבת אויף מיין קינד'ס געזיכט,
האב איך דערזעהן דיין ליכט.

דאס דערמאנט אן דוד איינהארן. מאני לייב זינגט אמאל, ניט ווינסענדיג, אין איין טאן מיט רייזען'ען, און נאך אפטער מיט יוסף ראלניק. אבער אין אלגעמיין בלייבט ער אינדיווידועל — מיט זיין אייגענער אטמאספערע, זיין אייגענטימליכער פארב און מיט דעם ע ט ו ו א ס, וואס מען קען עס נאר פיהלען, אבער מען קען עס ניט אויסדריקען אין ווערטער.

אין זיינע לירישע ליעדער איז מאני לייב אַפּט מאַנאַטאַן. אָבער אויך דאָ איז ער איינגענאַרטיג. די לירִיק אַז אַן עכטע. די מאָטיוועז מאכען דעם איינדרוק פון פערזענליכע איבערלעבונגען — אָפטמאָל אפילו צו פערזענליך, וואָס דאָס לאָזט דערבליקען, אזוי צו זאָגען, דעם דנאָ, דעם באָדען פון אַ ווערק. די אויסדרוקס־קראַפט און צייטענווייז זעהר געלונגען. ס'איז דאָ אַ ווייכע מילד־קייט, אַ שטילע, צערטליכע, אין פיין געלייטערטע זינגענדיגקייט אין זיינע לאַנגזאמע לירישע שורות.

אין צווייטען צימער קלינגט דער טעלעפאָן.
און עפעס רוישען זיי און לאכען (איצטער בליהט
דער אבענד אין מיין הייסען בלוט ווי רויטער מאָן)
און עפעס ריידען זיי, און צינדען פייער אָן,
און מיך דערמאָנען זיי גאָר ניט.

„איצטער בליהט דער אָווענד אין מיין הייסען בלוט ווי רויטער מאָן"... ס'אַרא פּראַכטפאָלע שורה! עס ווילט זיך זי ניט אראָפּלאָזען פון די ליפּען. עס איז ווי שטאַרקער, רויטער, געדיכטער, אלטער וויין, געטרונקען פון אַ קליינעם קרישטאָלענעם בעכער. דער אַראָמאַט שוועבט לאַנג אויף די ליפּען...

אָט איז אַ בעשרייבונג פון אַ בין־השמשות אין ניו יאָרק:

...עפּעס אַ מחנה צושטרייטע מכשפות
האָט כשוף'דיג לאַנגזאַם אין פינסטערע פענסטער
פון ריעזיגע שטיינערנע טורעמס־געשפּענסטער
געצונדען בריליאַנטענע שריפות,
געצונדען פער'חלומ'טע שריפות.

יעדעס וואָרט איז פול מיט דעם מיסטישען טרויער פון אַ גרויסער שטאָדט צווישען טאָג און נאַכט. יעדע שורה מאָלט אַ גייסטיג בילד, וואָס איז מעהר ווערט איידער בענדער „געלונגענע" באַשרייבונגען.

געצונדען בריליאַנטענע שריפות,
געצונדען פער'חלומ'טע שריפות...

אזוי קען נאר ריידען איינער, וואס גאט האט אנגעריהרט זיין הארץ מיט דעם שרביט הזהב פון אמת'ער דיכטונג.

די באשרייבונגען פון ניו יארק זיינען אפשר די ארגינעלסטע צווישען זיינע לירישע ווערק. אויב ד ע ר מ ע נ ש, וואס קלאגט זיך אויף זיין איינזאמקייט, ווערט אונז באלד באקאנט און מיר ער־ווארטען פון איהם שוין קיין נייעס ניט, דערפאר די שטאדט, די אומגעבונג ערשיינט פאר אונז אין אלע מאל נייע ענטפלעקונגען.

מויערען, שטיינערנע, פינסטערע, הויכע,
קריכען אין פינסטערן הימעל אריין.
אבענד און נעבעל, עלעקטרישער שיין,
אויגען געצונדענע, גרויסע און בלייכע,

אויבען די באהנען און אונטען טראמוואיען,
אויטאמאבילען און פרויען און פערד
מישען זיך אויס אויף דער שטיינערנער ערד,
מישען זיך, רודערען, פינקלען און שרייען.

איצטער וואך אויף פון דיין טאגיגען דרימעל,
זינדיגער, בלינדער און שווארצער פערלאנג,
און ווי א פליגעלדיג־פלאמיגע שלאנג
רייס זיך אריבער דער שטאדט ביז'ן הימעל.

אט איז א לילד פון דער נאכט — אפשר איינס פון די פאל־קאמענסטע ביי מאני לייב'ן:

זי וועט ארומגעהן בלינדערהייט,
מיט בלינדע פינגער טאפענדיג,
אין גאסען אויסגעלאשענע,
מיט בלינדע פינגער קלאפענדיג
אין פענסטער צוגעשלאסענע.
זי וועט זיך זעצען ביי א פלויט,
די שווארצע האהר צושויבערן,
אויף אימיצען צו לויערן,
און אימיצען פארצויבערן,
און אימיצען בערויערן.

עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס צווישען אַט די מיסטעריעס פון דער וואונדער־שטאָדט, די בריליאַנטענע שריפות, דער תהום־נאַכט און די אונענדליכע וויברירונגען פון גייסט און געמיט, וואָס מוזען אויפציטערען אַ לעבעדיגען מענשען אין אַזאַ וועלט, געהט זיך ארום א מיעד מענשעל און חזר'ט איבער אויף זיין קאַטערינקע דעם זעלביגען סטערעאָטיפּען נגון:

דער טאָג פערגעהט, דער טאָג פערגעהט, ער מוז פערגעהן.
און אויב דיר ווילט זיך וויינען, וויינען, וויינען,—וויין!
דער טאָג פערגעהט.

פארמאכט איהר אָבער די לירישע ליעדער און נעהמט זיך צו די איבעריגע — פיהלט איהר ווי מאני לייב רייסט זיך ארוים פון א תפיסה און ווערט אן אנדער מענש. דער רוקען גלייכט זיך ביי איהם אויס. די אָנגעכמורעטע ברעמען ווערען גלאַט. די אויסגעמוטשעטע געצוואונגענע גרימאַסע ארום די ליפּען פערשווינדט. אין די אויגען באווייזט זיך א שעלמישער, קונדס'עוואַטער גלאַנץ. און ס'איז שוין גאָר אן אנדער נפש! אַ פּייף, אַ קנאַק מיט די פינגער, אַ ווארף מיט'ן קאָפּ — חי געלעבט!

שנייעלע ווייסער וועט שיטען און שיטען...
שפּאַן, בעל־עגלה, דיין פערדעל און שליטען!
איך וועל דיר געלט און אויף בראנפען נאָך געבען,
היינטיגע נאכט וויל איך פרעהליכער לעבען!

איך וועל די רימענע לייצעס אַ נעהם טהאָן
און מיט'ן שליטען דעם שניי אַזאַ קעם טהאָן,
אַזש ווי אַ שד זאָל דאָס פערדעל אַ ציה טהאָן.
גלעקעלאַך גליז, דין... מיר וועלען אַ פליה טהאָן.

פונקען און שניי־שטויב אין פנים זאָל שלאָגען.
וואו בלייבען שטעהן וועט מיין הארץ אונז שוין זאָגען.

אוף! ווי דאס טראגט זיך! ווי דאס זינגט! ווי דאס לעבט! „איך וועל די רימענע לייצעס א נעהם טהאן און מיט'ן שליטען דעם שניי אזא קעם טהאן" — איהר פיהלט, ווי די אייזערנע שטאנ־גע־ שניידען, „קעמען" דעם קנאקענדיגען, פונקעלדיגען שניי. א ווילדע שמחה כאפט אייך ארום. די ברוסט ווערט ברייטער. די אויגען שיינען. די נאז־פליגלען ציהען אריין די ווייסע קאלטע אראמאטיש־ריינע לופט. ס'ארא רחבות!

דאס איז מאני לייב אין זיינע באלאדען און אין די אידישע און סלאווישע מאטיווען. דא ווייזט זיך ביי איהם ארוים א לעבע־דיגע איינבילדונגס־קראפט, א פעהיגקייט צו פאלען אויף אלע מאל נייע המצאות, אן אויסערגעווערנליכע ווייכקייט און געשמיי־דיגקייט פון פערז, א ליעבע פרימיטיוויטעט אין די בילדער, א רייכע מוזיק. אבער דאס איז נאך אלץ ניט דער עיקר. דער עיקר איז — דאס געפיהל פון שטורמישער באַ־וועגונג, פון ריטמישען פארווערטס־יאַ־גען. קיינער ביז מאני לייב'ן האט דאס ביי אונז ניט פארמאגט אין אזא מאס, און דאס איז כאראקטעריסטישע אין זיין שאַ־פען. איבערהויפט ווייזט ער זיך דא ארוים דער גרויסער מייסטער פון אידיש — דער מאן וואס די שפראך איז ווי דער בעסטער פלאַ־סטישער מאטעריאל אונטער זיינע פינגער. ער קען זיך פארגינען דעם גרעסטען לוקסוס — איהם איז אלצדינג גרינג, שפיעלענדיג, כמעט א שפאס.

הערט ווי ער באשרייבט אין א פאלקס־טאן דאס שניידען און דרעשען פון תבואה:

קומען שניטער מיט די מעסער,
איינס פון צווייטען שארפער, גרעסער,
שניידען שניטער, שניידען, זינגען,
אזש די שארפע מעסערס קלינגען

נעהמען פולע פוהרען פאהרען,
פוהרען פאהרען, פיהרען קארען
דורך די בערג און דורך די טהאלען
אין די מיהלען אויסצומאהלען:

הויבען אַז דיווינטען וועהען,
און די מיהלען פליגלען דרעהען,
מאַהלען מיהלען, מאַהלען שנעל
פון דעם קאָרען ווייסען מעהל.

דאַס איז דאָך אַזאַ מין פערז־געקלאַנג, וואָס קיין איינציגער פון אונזערע פּאָעטען איז ניט בכח נאָכצומאַכען. דאָס האָט ניט קיין אינטימיטעט, קיין טיעפע פּראָבלעמען, קיין „נשמה“ — דאָס ל ע ב ט אָבער און לאַכט און זינגט! וואָס־זשע: זאָל איך דאָס ניט אנערקענען, ווייל ס'איז אין דעם ניטאָ קיין „גרונד פון דער וועלט?“ ווער ווייסט? אפשר קען מען א ז ו י דערפיהלען די „נשמת היצירה“, דעם סוד פון אַלע סודות א סך בעסער, איי־דער דורך „וויינען, וויינען שטיל מיט שטומע בלייכע אויגען“.

דער צווייטער און דער דריטער באַנד זיינען אויסגעהאַלטען מעהר אָדער ווענינער אין פאָלקס־טאָן. די באַלאַדען (צווייטער באַנד) זיינען אָריגינעלע שעפּפונגען, אָבוואָהל אויך דאָ האָט זיך מאַני לייב אָפּט געהאַלטען אַן דעם טאָן און דעם אינהאַלט פון דער אידישער לעגענדע. אין די אידישע און סלאַווישע מאָטיוון (דריטער באַנד) זאָגט דער פערפאַסער אַפּען, אַז דאָס זיינען אי־מיטאַציעס, אָבער דער אמת איז, אַז פיעלע זיינען שעהנער פון'ם אָריגינאַל. און אין פיעלע איז נאָר דער מאָטיוו אַנגעוועהט דורך פרעמדע, בשעת די ווערק זיינען באמת מאַני לייב'ס אייגענס. די פאָרם און דער ריטם זיינען אומעטום אַזוי שעהן, אַזוי פאָלקאָס, אַז ס'ווילט זיך זיי אויס'חזר'ן אויף אויסוועניג.

אָט איז אַ פּאָר שורות פון אַ ליעבעס־ליעד (מסתמא אַן אוקראַאינישער מאָטיוו). הערט זיך איין אין דער מוזיק און אין דער איינפאַכהייט פון'ם גאַנצען! עס דאַכט זיך: אומעטיגע מיידעלשע שטימען זינגען שטיל אין דעם קאַרשען־גאָרטען סוף זומער, ווען די ווייסע שפּינ־וועבס־פעדימער ציהען זיך איבער'ן לאַנד און די זון שפּרייט איהר מילדע זיי־געזונד־שמייכלען אויף נעצען פון גאָלד.

פאר'ן פענסטער רוישט א ווערבע
מיט די גרינע צווייגען.
זאָל איך וויסען, זאָל איך טראַכטען,
אז דו ועסט מיר לייגען!

דו האָסט דאָך מיר שטארק געשוואָרען,
אז דו וועסט מיך נעהמען
פאר די שעהנע אויגען מיינע
און פאר מיינע ברעמען.

דו האָסט צוגעזאָגט: די ווערבע
וועסטו לאָזען זעגען
און א קליינטשיק שטיבעל בויען
נאָר פון אונזערט וועגען.

און מיר וועלען ווי די טויבען
שטענדיג זיין אינאיינעם,
זיין א טרייסט פאר טאטע מאמע
און א פרייד פאר שכנים.

* *
*

און דאָך... ס'געהט אוועק א שטיקעל צייט — און איהר ווערט זאט פון אָט די קלינגענדיגע ליעדער, און איהר הויבט אָן בענקען נאָך עטוואָס ערנסטעס, וואָס זאָל זיין מעהר ווי „קונסט־געווערבע“. א גליק, וואָס אין צווייטען באנד איז דאָ דאָס ליעד „עוועניו בי“ — א נאכט־בילד פון ניו יאָרק. דאָ רוהט איהר זיך אָפּ. דאָ האָט דער דיכטער פעראייניגט זיין פראכטפולע פאָרם מיט א טיעפען איינגעהאלטענעם בענקען, מיט אַן אונטער־דריקטען שוידער און א שוידערליכען יראת הכבוד פאר דער אפּאָ־קאָליפּטישער חיה ניו יארק, מיט א ניט אויסגעשפּראָכענער ליעבע צו די מענשען, וואָס לעבען ווי אין א פיעבערהאפטען חלום אויף דער עוועניו בי. דאָס ליעד איז ווי א תפלה צו עפּעס א מורא'־

דיגען גאָט, אָבוואָהל דער דיכטער האָט קיין איינציגען מאָל דאָס וואָרט תפלה ניט דערמאָנט.

איך האָב געוואָלט ציטירען א פּאָר שורות פון דעם ליעד. איך האָב אָבער געזעהן אז דאָס איז אונמעגליך. איהר קענט ניט ארויסנעהמען א טהייל, איהר זאָלט ניט צושטערען דאָס גאנצע. מען מוז דאָס לייענען און לייענען — און דערפיהלען די קראפט. עס איז קיין ספק ניט, אז „עוועניו בי" איז דאָס רייפסטע און רייכסטע, וואָס מאני לייב האָט בעשאפען. ס'איז אויך ליריק — אָבער גאָר פון אן אנדער שטייגער.

דאכט זיך — אויף אָט דעם וועג קען דער דיכטער אם בעסטען ארויסווייזען זיינע שעפּפערישע כוחות.

(1918).

# ראבינדראנאטה טאַגאָר.

(דער גרויסער אינדישער דיכטער).

---

איהר וואַנדערט ארום אין אַ ריעזיגער שטאָדט. הויכע שטיי־נערנע הייזער קוקען אויף אייך מיט קאַלטע גלייכגילטיגע אויגען. מענשען איילען פארביי און זעהן אייך ניט. מענשען איילען, ווי געטריבען פון אַ ווילדער משוגעת. די שטאָדט רוישט. די שטאָדט איז אומרוהיג. די שטאָדט איז זשעדנע, הונגעריג נאָך רייכטהום, הונגעריג נאָך פערגעניגען, הונגעריג נאָך מאַכט, הונגעריג נאָך נייעס. די מענשען שטרענגען אָן זייערע לעצטע קרעפטען אין פערביסענער, איינגע'עקשן'טער, אומדערבאַרעמדיגער מלחמה. לייי־דענשאַפטען זיעדען. די שטאָדט ווארפט זיך, וויברירט פון דעם העכסטען אייזען־שטאַנג אויפ'ן שפּיץ טהורעם ביז דעם לעצטען שטיין אויפ'ן ברוק אין אַ פערוואָרפענער גאַס. די שטאָדט ציטערט און קלאַפּט מיט די ציינער און קראַצט מיט די נעגעל און שרייט, שרייט, שרייט...

און איהר קומט אַהיים, און עפענט אַ קליין ביכעל מיט קור־צע שורות — און אַ שטימע, — אַזוי ריין, ווי די אויגען פון אַ קינד, אַזוי זיס, ווי דער חלום פון אַ בלום אויף איהר צאַרטען שטיינ־געל אין אַ טהוי־בעשפּריצטען גאַרטען, אַזוי טיעף, ווי דער קוש פון טויט אויף די בלאַסע ליפּען פון אַ יונג מיידעל, — פערטראַגט זיך צו אייך פון ערגעץ ווייט. די שטימע איז מילד און פעסט, זאַנפט און זיכער: פרייד פערעלט זיך אין איהרע טענער און אומעט וויקעלט זי ארום מיט אַ דורכזיכטיגען שלייער. און זי

וויעגט זיך אויף שטילע לאַנגזאַמע בענקענדע וועלען, און זי קומט צו אייך, און נעהמט אַן אייער האַרץ ווי מיט אַ פריינדליכער האַנד, און זי רוקט פאַנאַנדער די גרעניעצען פון אייער נשמה — און זי איז שוין מיט אייך, אין אייך, אַ טהייל פון אייך. די שטימע זינגט, די שטימע רעדט, די שטימע וועקט זעהונגען. און אוים — ניטאַ די שטאָדט, ניטאַ שוין דער ליאַרם, ניטאַ די גיע־ריגע מעננער, און דער שווערער טומאַן, וואָס האָט געפרעסט אויף אייער מוח און געשיקט דינע רויך־פעדימער צו יעדען צענטער פון אייער מארך, איז זיך פאַנאַנדערגעשוואומען און ניט געבליבען.

אַ נייע וועלט שטעהט אָפען פאַר אייך. נייע, לויטערע הימ־לען נויגען זיך פון דער הויך. גרויסע בלומען מיט גאָלדענע טרעה־רען אויף זייערע פרישע פּנים׳ער שטעהען און וואַרטען אויף אַ סוד. די ערד איז אַזוי גרין, ווי אין דעם טאָג, וואָס זי איז אַרוים פון די הענד פון איהר בעשעפער. בוימער ציהען זיך פון ביידע זייטען אין אַנ׳אונענדליכע אַלעע, גלייך אַהין, וואו עס ענדיגט זיך אַלעס און הויבט זיך אָן אַלעס. און אינמיטען דער וועלט שטעהט אַ מענש אין ווייסע קליידער, מיט הענד אויפגעהויבען צום הימעל, און איז מתפלל:

„דו האָסט מיך געמאַכט ענדלאָז, אַזוי איז דיין ווילען.
אָט דעם צאַרטען בעכער האָסטו אויסגעלעדיגט ווידער און ווידער, און פילסט איהם אַלץ אָן מיט פרישען לעבען.
אָט דאָס קליינע פייפעלע האָסטו געטראָגען מיט זיך איבער בערג און טהאָלען און האָסט געאָטעמט דורך איהם מעלאָדיען, נייע פון אייביגקייט צו אייביגקייט.
מיין קליינינקע האַרץ ווערט אָן אַלע גרענעצען דורך דעם אונשטערבליכען ריהר פון דיין האַנד, און שטימען ווערען אין איהם געבוירען, וואָס געפינען ניט קיין אויסדרוק.
מיט אָט די שוואַכע הענד מיינע מוז איך אויפנעהמען דיינע אונענדליכע מתנות. דורות פערגעהן, און דער שטראָם גיסט זיך און גיסט זיך, און ס׳איז אַלץ נאָך דאָ פּלאַץ.“

דער מאַן אין די ווייסע קליידער שטעהט אַ ווײַלע פֿערזונקען ווי אין וואונדער, ווי ער וואָלט זיך איינגעהערט אין עפּעס אַ

זיסען נס, וואס וועקט זיך צווישען איהם, דער ערד, די בוימער, דעם גראז. דאן קוקט ער אן זיינע אייגענע הענד, זיינע באָרפיסע פיס, זיין שלאנקען חנ'ודיגען קערפער, און זיפצט ארויס אין א שטילען עקסטאז:

„פליק די קליינע בלום און נעהם זי, לעג ניט אב, ווארום טאמער פאלט זי אראב און בלייבט ליעגען אין שטויב.

זי מעג ניט געפינען קיין אָרט אין דיין בלומען־קראנץ, אבער עהר זי מיט א בעריהרונג פון וועהטאג דורך דיין האנד און רייס זי אב. ווארום טאמער וועט דער טאג פערגעהן איידער איך קוק זיך אום, און די צייט פון אפפערונג איז פארביי.

איך ווייס, איהר פארב איז ניט טיעף און איהר ריח שוואך. אבער נוץ די בלום אין דיין גאטעס־דיענסט, און פליק זי כל זמן ס'איז נאך צייט."

דער מאן אין די ווייסע קליידער לעגט זיך אוועק אויפ'ן גראז. ס'איז שוין פארנאכט. דער הימעל איז אבגעפארבט אין א סימ־פאניע פון קאלירען. די גרעזער ציהען זיך גלייך ארויף, ווי זיי וואלטען געשיקט גרוסען צו דער אונענדליכער הויכקייט. פון ערגעץ ווייט הערען זיך מענשליכע שטימען פול מיט רוה און פריע־דען. די בוימער האבען נידעריגער אראבגעלאזט זייערע פייכטע צווייגען.

דער מאן דריקט זיך צו דער ערד און רעדט אין דער שטיל, און זיינע ווערטער צוגיסען זיך ווי א דופטענדער שטראם ארום און ארום:

„דער זעלביגער שטראם פון לעבען, וואס רינט דורך מיינע אדערן בייטאג און ביינאכט, רינט דורך דער וועלט און טאנצט אין ריטמישער גלייכהייט.

דאס איז דאס לעבען, וואס שיסט ארויס אין פרייד דורך דעם שטויב פון דער ערד אין אונצעהליגע גראזען, און ברעכט ארויס אין טומעלדיגע חוואליעס פון בלעטער און בלומען.

דאָס איז דאָס לעבען, וואָס שיסט ארויס אין ים־ווייענגעל פון געבורט און טויט, פון ווערען און פערגעהן.

איך פיהל מיינע אברים ווערען הייליג דורך דער בעריה־רונג מיט אָט דער וועלט פון לעבען, און מיין שטאָלץ איז פון דעם לעבענספּולס פון דורות, וואָס טאַנצט אָט איצט אין מיין בלוט."

ווער איז דער מאַן? איז ער אַ הייליגער? אַ נביא? אַ געטליכער נאַר? לעבט ער איצט — אָדער האָט ער געלעבט צוריק מיט טויזענדער יאָהרען? וואָס איז זיין שפּראַך? וואָס איז זיין לאַנד? פון וואַנען לאָזט ער אונז הערען זיינע געזאַנגען?

דער מאַן איז ראַבינדראַנאַטה טאַגאָר.

ווען איך האָב צום ערשטען מאָל געלייענט אַ ביכעל פון זיינע ליעדער, האָב איך מעהר ניט געוואוסט ווי זיין עקזאָטישען נאָ־מען און דעם נאָמען פון זיין לאַנד — אינדיען. ווען איך האָב זיך פּעראינטערעסירט און גענומען לייענען ו ו ע ג ע ן איהם, בין איך געוואהר געוואָרען, אַז ער איז דער בעריהמטסטער פון היינ־טיגע דיכטער וואָס שרייבען אויף בענגאַליש, אַז זיינע ליעדער ווערען געזונגען דורך דעם אינדישען פאָלק אין טעגליכען לעבען, אַז ער האָט בעקומען די גרויסע נאָבעל־פּרעמיע פאַר פּאָעזיע, אַז ער איז געהויכט און געשעצט ניט נאָר אין זיין געבורטהס־לאַנד, נאָר אויך אין ענגלאַנד, אַמעריקאַ און אַנדערע לענדער. איך בין געוואהר געוואָרען, אַז ער שטאַמט פון אַ פאַמיליע מיוחסים, די העכסטע אריסטאָקראַטיע פון בענגאַלי; זיין פאָטער דעווענדראַ־נאַטה, איז געווען בעקאַנט אונטער'ן נאָמען מאַהארשי, וואָס דאָס הייסט „דער גרויסער חכם"; ער איז געווען אַ רעליגיעזער רע־פּאָרמאַטאָר, אַ לעהרער פון רעליגיעזע פילאָזאָפיע און איז פער־רעכענט פאַר אַ הייליגען. ראַבינדראַנאַטה טאַגאָר אַליין איז אַ פּאָעט, אַ פילאָזאָף, אַ פערפאַסער פון קורצע ערצעהלונגען, ראָ־מאַנען, דראַמען און עססעיס, אַ לעהרער פון פילאָזאָפיע צווישען פיעלע תלמידים און צייטענווייז אַ פּריעסטער. איך בין אויך געוואָהר געוואָרען אייניגע פאַקטען וועגען די ענטוויקלונגס־שטו־פען פון זיין טאַלאַנט.

אבער די אַלע פאקטישע ידיעות זיינען מיר געווען אונגוייטיג. זיי האָבען ניט צוגעגעבען קיין איינציגען שטריך צו דעם בילד פון טאַגאר'ען. ווען איך וואָלט ניט געוואוסט קיין איינציגען פאקט וועגען דעם דיכטער'ס לעבען, וואָלט איך דאָך געוואוסט אַלעס, ווארום ער איז אינגאַנצען אין זיינע ליעדער.

מען גיט איבער, אַז ער איז באמת אַ גאָט־געבענשטער מענש ער האָט אַ שעהנעם פּנים, אַ שעהנע נשמה. איינער וואָס האָט איהם געזעהן דערצעהלט וועגען „די אָפענע, דעליקאַטע, כמעט לופטיגע ליניען פון זיין פּנים, וועלכע ענטפּלעקען, דאַכט זיך, ווע־ניגער די לייבליכע פאָרמען, איידער די נשמה פון אָט דעם אינ־דישען קינסטלער.“ עס איז בעוואוסט, אַז ער איז מוזיקאַליש, אַז ער פערפאַסט אַליין מעלאָדיען צו זיינע ליעדער — און אַז פּיעלע פון זיינע ליעדער ווערען געזונגען אין טעמפּעלס אַלס תפילות.

דאָס וויים איך איצט. אבער מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב דאָס געוואוסט פריהער אויך — דורך זיינע ליעדער. אַ מענש, וואָס האָט געקענט פערפאַסען אָט די איידעלע, צאַרטע, טיעפע גייסטיגע און מיט גייסט אָנגעזאָפּטע, אין שעהנהייט געטראָגענע און אין שעהנהייט געבוירענע ליעדער, האָט אַליין געמוזט זיין שעהן. און אַ פּאָעט, וועמעס ווערטער — אפילו ניט אין אָריגינאַל, נאָר אין זיין אייגענער ענגלישער איבערזעצונג — זענען אזוי מעלאָדיש, אזוי גראַציעז, אזוי ווייך, כמעט ווייבליך, און אין דער זעלבער צייט אזוי פעסט און פול־בלוטיג און פול מיט לעבען און דורכגעצימערט מיט אַ מערקווירדיגען ריטם — האָט אַליין גע־מוזט קענען זינגען. און מיר דאַכט זיך, וואָס איך זאָל שוין ניט הערען וועגען טאַגאָר'ן, וועט שוין פאר מיר ניט זיין ניי — ווייל איך האָב שוין דאָס אַלעס דורכגעפיהלט און דורכגעלעבט אין זיינע ליעדער.

טאַגאָר איז אַ זוהן פון אַ פרעמד לאַנד, אַ פרעמדער, מאָד־נער קולטור, פרעמדע אונפערשטענדליכע געטער. און טאַגאָר איז אין דער זעלבער צייט אַזוי נאָהענט צו אונז, צו יעדען איינעם פון אונז, אזוי היימיש, אזוי אייגען, ווי אַ ברודער, ווי אַ מאַמע, — ניין, ווי מיר אַליין זיינען נאָהענט צו אונז. ער רעדט צו אונז

מיט אַנ'אייביגער שפּראַך, וועלכע איז געמיינזאַם פאַר אַלע מענ־
שען. אַן אינדישען שריפטשטעלער, מאַהין טשאַנדראַ סען, האָט
וועגען זיינע ליעדער געשריבען: „אַריינדרינגען אין גייסט פון
אַט די ליעדער הייסט בעקומען אַ זאַנפטער האַרץ, ווערען פריעד־
ליכער און פייערליכער אין גייסט, זיין מעהר האָפנונגספאָל און
לוסטיג און מעהר פעהיג צו געפינען גליק" — און דאָס איז אַלץ
איינס צו דער לעזער איז אַנ'אינדיער, אַ אייראָפּייער אָדער אַן
אַמעריקאַנער.

וואָרום ראַבינדראַנאַטה טאַגאָר איז ניט פערשפּאַרט אין די
גרעניצען פון איין לאַנד. ער לעבט אין ד ע ר  ו ו ע ל ט.
און די וועלט איז אונענדליך. ער גיסט צונויף זיין האַרץ מיט
דעם האַרץ פון דער שעפּפונג און מיט'ן האַרץ פון אַלע מענשען —
און אַלע ווערען איהם נאָהענט. זיין גייסט איז אין זיי, זייער
גייסט איז אין איהם. און אַלעס איז איין פאָלקאָמענע האַרמאָניע.

בודאַה האָט געלערענט:

„מיט יעדער זאַך אויף דער וועלט, אויבען צו אונטען, נאָ־
הענט צו ווייט, זעהבאַר אָדער אונזעהבאַר, זאָלסטו לעבען אין
אונבעגרענצטער ליעבע, אָהן שום שלעכט געפיהל און אָהן אַ פער־
לאַנג צו טויטען. לעבען אין אַזאַ בעוואוסטזיין שטעהענדיג אָדער
געהענדיג, זיצענדיג אָדער ליגענדיג ביז מען ווערט אַנטשלאָפען,
הייסט בראַהמאַ ווישאַראַ, אָדער, אין אַנדערע ווערטער, הייסט
לעבען און בעוועגען זיך און פרעהען זיך אין דעם גייסט פון
בראַהמאַ".

ראַבינדראַנאַטה טאַגאָר איז אַ פרומער אַנהענגער פון בוד־
דאַה'ן. אָבער די בודדיסטישע לעהרע איז פאַר איהם ניט קיין
אַבסטראַקטע זאַך, נאָר עטוואָס אַזוינס, וואָס רעדט צו  א י ה ם
פּ ע ר ז ע נ ל י ך. בודדאַה'ס ווערטער, שרייבט ער אין איינעם
פון זיינע פילאָזאָפישע עססעים, זיינען געוועזען פאַר איהם „אַנגע־
זאָפּט מיט אינדיווידועלער בעדייטונג". און אַט די אינדיווידועלע
פאַרב פון דער אַלגעמיינער רעליגיאָן האָט ער אַריינגעטראָגען אין
זיין ליריק.

מיר קענען ניט אונטערשיידען, — שרייבט ער אין זיין בוך
„סאַדהאַנאַ", — צווישען „נאַטור" און „מענש". דאָס איז פּונקט

אַזוי, ווי צוטיילען די קנאָספּע און די בלום אין צוויי פערשיע־דענע קאַטעגאָריעס און זאָגען אַז זיי שטאַמען פון צוויי פער־שיעדענע געגענזעצליכע פּרינציפּען. דער אינדישער געדאַנק האָט זיך קיינמאָל ניט אָבגעזאָגט אַנצוערקענען די קרובהשאַפט צווי־שען מענש און נאַטור, די אונאונטערבראָכענע בעציהונג צווישען אַלעס.

דעריבער איז ווענינ, אַז אַ מענש זאָל קענען די נאַטור אין וויסענשאַפטליכע בעגריפען. וויסענשאַפט אַליין איז ניט גענוג, מען דאַרף קענען פערשטעהן און אויפפאַסען די נאַטור מיט'ן גאַנצען וועזען, מיט יעדען טראָפּען חיות וואָס ס'איז דאָ אין אַ מענשען. נאָר אַזאַ אויפפאַסונג איז די ריכטיגע. נאָר זי קען מאַכען אַ מענשען בעסער. „אַ מאַן, וואָס קען ניט די וועלט טיעפער, איידער די וויסענשאַפט פיהרט איהם, וועט קיין מאָהל ניט פערשטעהן דאָס ווען דער מענש מיט אַ גייסטיגער זעהונגס־קראַפט געפינט אין די ערשיינונגען פון דער נאַטור. פאַר דעם איז דאָס וואַסער ניט נאָר אַ מיטעל צו וואַשען זיינע גליעדער, נאָר זי רייניגט אויך זיין האַרץ, ווארום זי ריהרט זיין נשמה. די ערד שטיצט ניט נאָר זיין קערפּער, נאָר זי מאַכט פרעהליך זיין געמיט, ווארום איהר בעריהרונג איז מעהר איידער אַ פיזישע בעריהרונג — דאָס איז אַ לעבעדיגעס דאַ־זיין. ווען אַ מענש אַנערקענט ניט זיין קרובה'־שאַפט מיט דער וועלט, לעבט ער אין אַ תּפיסה, ארומגערינגעלט מיט ווענד וואָס זיינען איהם פרעמד. ווען אַ מענש בעגעגענט דעם אייביגען גייסט אין אַלע זאַכען, איז ער פריי, ווארום דאַן ערשט ענטדעקט ער דעם פולען זין פון דער וועלט, אין וועלכער ער איז געבוירען. דאַן געפינט ער זיך אַליין אין פאָלשטענדיגער וואָהרהייט, און די האַרמאָניע צווישען איהם און אַלעס איז פאָל־קאָמען".

די דאָזיגע האַרמאָניע איז פאַר טאַגאָר'ן אַ **קאָנקרעטע איבערלעבונג**, און זי גיט דאָס דעם בעזונדערען קלאַנג צו זיינע ליעדער.

האַרמאָניע מיט דער נאַטור מיינט אין דער זעלביגער צייט האַרמאָניע מיט גאָט, ווארום גאָט איז אין דער נאַטור און די נאַטור איז אין גאָט. געזאַנגען און תּפילות צו גאָט זיינען גע־

זאַנגעז צום קאָסמאָס, צום אייביג־פליסענדעז, ריטמישעז טאַנץ פון דער שעפּפונג; טאַגאָר'ס ליעדער ווערעז וועלט־געזאַנגעז, הימנעז צו דער גרויסער קראַפט פון לעבעז, וואָס פולסירט אין אונצעהליגע פאָרמעז.

הארמאָניע מיט דער נאַטור מיינט אָבער — פרייד. אין דער אידישער שפּראַך איז ניטאָ אַזאַ שטאַרק וואָרט, וואָס זאָל ענט־שפּרעכעז די העברעאישע „דיצה", „חדוה", „גילה" און דעם שוואַ־כערעז ענגלישעז „דזשאַי". און גראָד אָט די שטאַרקע, טיפע אי־בערפליסענדע פרייד מיינט טאַגאָר, ווען ער רעדט וועגעז פער־אייניגונג מיט דער נאַטור:

„ליכט, מיין ליכט, ליכט וואָס פילט די וועלט, ליכט וואָס קושט דאָס אויג, ליכט וואָס מאַכט זיס דאָס האַרץ!
אַ, דאָס ליכט טאַנצט, מיין פריינד, אין דעם מיטעל־פונקט פון מיין לעבעז: דאָס ליכט בעריהרט, מיין פריינד, אַלע סטרונעס פון מיין ליעבע: דער הימעל עפענט זיך, דער ווינד יאָגט ווילד, געלעכטער שפּאַנט איבער דער ערד.
די ימים פון ליכט. ליליעז און זשאַסמינעז שווימעז אַרויס אויף דעם רוקעז פון ברייטע כוואַליעס ליכט.
דאָס ליכט איז צושאָטעז אין גאָלד אויף יעדעז וואָלקעז, מיין פריינד, און עס שפּרייט ערעלשטיינער אָהן אַ שיעור.
פרעהליכקייט טאַנצט פון בלאַט צו בלאַט, מיין פריינד, און שמחה אָהן אַ גבול. דעם הימעל'ס טייך האָט פער־פלייצט זיינע ברעגעז און דער מבול פון פרייד איז אי־בעראַל".

עס דאַכט זיך אַמאָל אויס, אַז דאָס איז אַ קינדערשע פרייד. טאַגאָר איז אָפט אַזוי איינפאַך און אַזוי אויפריכטיג און ענט־ציקט, ווי אַ קינד. אָט די קינדערשע נשמה ווייסט אָבער פון וועהטאָג און פיין אויך. זי ווייסט פון אַלעס. ניט מעהר, וועהטאָג און פיין זיינעז אַ טהייל פון דער וועלט, דאַרף מעז זיי נעהמעז מיט פרייד. וועהטאָג און פיין און שמערץ מאַכעז די פרייד נאָך שטאַרקער, נאָך בעצווינגענדער, נאָך טיעפער, פרייד איז אין אַלעס. פרייד בעשאַפט אַלעס.

„זאלען אלע סטרונעס פון פרייד צוזאמענקלינגען און מיין לעצטער געזאנג, — די פרייד וואס פערפלייצט די וועלט מיט א רעבעלישען איבערפלוס פון גראז; די פרייד וואס לאזט אוועק ביידע ברידער, לעבען און טויט, טאנצען איבער דער ווייטער וועלט; די פרייד וואס רייסט זיך אריין מיט'ן שטורם, ריטלענדיג און וועקענדיג אלעס לע־בענדע מיט א געלעכטער; די פרייד וואס זיצט שטיל מיט טרעהרען אויף דעם אפענעם רויטען לאטוס פון וועה, און די פרייד וואס ווארפט אוועק אלץ וואס זי פערמאגט אין שטויב, און ווייסט ניט קיין ווארט".

פרייד מיט גאט, מיט דער נאטור און מיט די מענשען מיינט אבער — ליעבע. „ליעבע איז דער לעצטער זין פון אלעס, וואס ארום אונז. דאס איז ניט נאר קיין געפיהל; דאס איז די וואר־הייט. דאס איז די פרייד, וואס איז אין גרונד פון יעדער שעפ־פונג. דאס איז דאס ווייסע ליכט פון ריינעם בעוואוסטזיין, וואס פליסט פון בראהמאה'ן". ליעבע פעראייניגט אלעס. איז ליעבע הערען אויף אלע ווידערשפרוכען. „אין ליעבע איז בעוועגונג און רוהע צוזאמען". "אין ליעבע זיינען געווינס און פערלוסט הארמאניזירט". ליעבע איז פערזענליך און אונפערזענליך אין דער זעלביגער צייט.

אזוי לערנט די בודדהיסטישע תורה. און אויך דאס איז פאר טאגאר'ן ניט קיין אבסטראקטער פרינציפ. דאס איז זיין לעבען, זיין פערזענליך געפיהל, דאס קלאפען פון זיין הארצען.

אפשר א העלפט פון זיינע לידער זיינען ליעבעס־געזאנגען. ליעבע צו דער פרוי איז, פערשטעהט זיך, א טהייל פון דער ליעבע, מיט וועלכער גאט האט די וועלט בעשאפען.

זיינע ליעבעס־לידער זיינען זיס, ווי פרישער טרויבען־זאפט אונטער א גליהענדער זון, און זיינען שטארק, ווי סם, וואס גנב'עט זיך פאמעליך אריין אין בלוט. זיי זיינען שמעקענדיג, ווי ווילדע בלומען ערגעץ אויף א שטיקעל פעלד אין מיטען וואלד, און זיינען אזוי לעבעדיג און נאאיוו און מענשליך, ווי די יוגענד. אבער די ליעבע איז ביי איהם ניט איזאלירט פון אלעס. זי איז איינגעוועבט,

צונויפגעשמאָלצען מיט דער גאַנצער וועלט. זי איז האַרמאָניזירט. דעריבער איז די ליידענשאַפט נאַטירליך. דעריבער איז אַלעס שעהן און וויכטיג.

„איך לויף ווי אַ מוסקוס־הירש אין׳ם שאָטען פון׳ם וואַלד, ווילד פון זיין אייגענעם אַראָמאַט.

די נאַכט איז אַ נאַכט פון מיטען מאַי, און דאָס ווינטעל איז אַ ווינטעל פון דרום. איך פערליער מיין וועג און איך וואַנדער. איך זוך וואָס איך קען ניט געפינען, איך געפין וואָס איך האָב ניט געזוכט.

פון מיין האַרץ קומט אַרויס און טאַנצט דאָס בילד פון מיין אייגענעם פערלאַנג.

די גליהענדע זעהונג שווימט צו.

איך וויל זי האַלטען פעסט, זי אַנטלויפט און נאַרט מיך אַוועק.

איך זוך וואָס איך קען ניט געפינען, איך געפין וואָס איך האָב ניט געזוכט".

„ליעבע, איינפאַך ווי אַ ליעדעל" — זאָגט טאַגאָר אין איין פּלאַץ. און עס איז טאַקי דאָ ביי איהם צייטענווייז אַזאַ איינפאַכע, פרישע, זעלבסטבעוואוסטע, יוגענד־שטראַהלענדע ליעבע, אַז עס איז פערשטענדליך, פאַרוואָס זיין פאָלק זינגט די ליעדער אין פעלד ביי דער אַרבייט, אין גאָרטען, ביים טייך, אויפ׳ן מאַרק. ווי זאָל מען ניט אויסלערנען אויף אויסווענינג אַזאַ געזאַנג?

„הייליגער פאָטער, פערגעב אונז צוויי זינדער. פריהלינגס־ווינדען בלאָזען היינט אין ווילדע ווירבעלס. פעריאָגענדיג שטויב און טויטע בלעטער, און געגען זיי איז דיין מוסר אומזיסט.

זאָג ניט פאָטער, אַז לעבען איז הבל הבלים.

וואָרום מיר האָבען שלום געמאַכט מיט׳ן טויט אויף אַ ווייל און עטליכע אַראָמאַטישע שטונדען זיינען מיר ביידע געוועזען אונשטערבליך.

ווען דעם קעניג׳ס חיל זאָל קומען און אָנפאַלען אויף אונז מיט אַ מאַכט, וואָלטען מיר נאָר טרויעריג געשאָקעלט

אונזער קאָפּ און געזאָגט: „ברידער, איהר שטערט אונז. אויב איהר מוזט שוין שפּיעלען אייער ליארמענדע שפּיעל, געהט און קלאַפּט מיט'ן געוועהר אנדערשוואו. וואָרום נאָר אויף עטליכע קורצע מאָמענטען זיינען מיר געוואָרען אונ־שטערבליך.

אַפּט איז די ליעבע אויסגעמישט מיט פּיין. ליעבע און די ענד פון ליעבע זיינען אזוי נאָהענט. ליעבע און וועה אזוינע לייב־ליכע שוועסטער. ליעבע און טויט — ניט גאָר ווייט. אין ליעבע, ווי אין פרייד, קלינגען דעריבער צוזאַמען אַלע סטרונעס, הערען זיך אַלע אַקאָרדען. סוף כל סוף קען ליעבע אויך ניט בעפריעדיגען, ווייל זי קען ניט געבען די אונענדליכקייט — און נאָר אין אונ־ענדליכען איז לעבען און ריינקייט. „ליעבסטע, מיין האַרץ בענקט ביי טאָג און ביי נאַכט נאָך אַ בעגעגעניש מיט דיר, נאָך אַ בעגע־געניש, וואָס איז ווי דער אַל־פערשלינגענדער טויט. רייס מיך אוועק, ווי אַ שטורעם; נעהם אַלצדינג, וואָס איך פערמאָג; ברעך אויף מיין שלאָף און נעהם אַרויס פון איהם די חלומות, רויב אַוועק פון מיר מיין וועלט. אין דער לעצטער לעדיגקייט, אין דער לעצ־טער נאָהענטקייט פון גייסט לאָמיר ביידע ווערען איינס אין שעהנ־קייט".

אָבער איז דאָס דאָ, אויף דער וועלט, אונמעגליך. און סוף כל סוף פערשווינדט די ליעבע, זי פערקלינגט, ווי אַ טאָן, זי לעגט צונויף איהרע פליעגעל, ווי אַ שעהנער פויגעל וואָס וויל רוהען נאָך אַ פלוג אונטער'ן הימעל.

ליעבע ענדיגט זיך — און דער שמערץ איז זיס. לעבען ענ־דיגט זיך — און ס'איז אויך קיין שרעק ניטאָ. וואו ס'איז דאָ לעבען, דאָרט איז דאָ טויט. כדי ס'זאָל זיין לעבען, מוז זיין טויט. ווער ס'האָט ליעב דאָס לעבען, דער טאָר ניט פיינד האָבען דעם טויט. „ווייל איך האָב ליעב דאָס לעבען, ווייס איך, אַז איך וועל ליעב האָבען דעם טויט אויך", — זאָגט ראבינדראנאטה טאַגאָר. און סוף כל סוף איז דאָך קיין טויט גאָר ניטאָ. מענשען פער־שווינדען, אָבער דער אייביגער שטראָם פון לעבען פליסט ווייטער און ווייטער. איינצעלנע מענשען געהען נאָר אוועק, געזעגענען זיך מיט דער וועלט, ווי וואנדערער, וואָס געהען פאַרביי.

„איך האָב גענומען אַבשייד. זאָגט מיר אַריע, מיינע ברידער. איך נויג זיך צו אייך אַלע און גיה אַוועק. אַט האָט איהר די שליסלען פון מיין טיהר, — איך גיב אויף יעדעס רעכט אויף מיין הויז. איך בעט נאָר די לעצטע פריינדליכע ווערטער פון אייך. מיר זיינען געווען שכנים אַ לאַנגע צייט, אָבער איך האָב גענומען מעהר ווי איך האָב געקענט געבען. איצט ווערט טאָג, און דער לאָמפּ, וואָס האָט בעלויכטען מיין פינסטערסטען ווינקעל, גערט אויס. מ'האָט מיך גערופען — און איך בין גרייט אין וועג".

לעבען, קאָסמאָס, נאַטור, שעהנקייט, ליעבע, טויט — דער קרייז איז געענדיגט. איין רינג פעהלט — דאָס קינד. מיר דאַר־פען נאָך דערמאָנען די קינדער־ליעדער פון ראַבינדראַנאַטה טאַגאָר. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז אַ מאַן מיט אַזאַ שטאַרקער ליעבע צו נאַטור און צו שעהנקייט האָט ניט געקענט פאַרבייגעהן די קינדער. אַ גאַנצער בוך פון זיינע ליעדער אין ענגלישער איבער־זעצונג איז געווידמעט די קינדער. דאָס זיינען וואונדערבאַרע ליעדער. אַ איינפאַכקייט און אַ טיעפקייט, וואָס ס'איז נישטאָ זייער גלייכען. אַ פילאָזאָפישע שטימונגס־גאַמע און אַ שטאַרקע, געזונדע, אָפּען־הערציגע ליעבע צו די קליינע, — די „קנאָספען פון לעבען". „אויף דעם ים־ברעג פון ענדלאָזע וועלטען בעגעגענען זיך קינדער. דער ברייטער הימעל אונבעוועגליך איבער די קעפּ, און דער אומרוהיגער ים איז רוישענד. אויף דעם ים־ברעג פון ענדלאָזע וועלטען בעגעגענען זיך קינדער מיט אויסרופען און טענץ". זיי זיינען די טרעגער פון לעבען. זיי זיינען דער טריאומף פון לעבען. זיי זיינען דער העכסטער אויסדרוק פון לעבענ'ס שאַפענדע קרעפ־טען. זיי זיינען דער זיסעסטער סוד פון אַלע סודות.

„דער שלאָף, וואָס שוועבט אויף בייבי'ס אויגען, — ווייסט ער, פון וואַנען ער קומט? יאָ, ס'איז דאָ אַ קלאַנג, אַז אין פער'כשופ'טען ווינקעל, צווישען דונקעלע וועלדער, קוים בעלויכטען מיט'ן שיין פון קליינינקע גליה־ווערים, הענגען צוויי שעמעוודיגע קנאָספען פון צויבער. פון דאָרט קומט דער שלאָף צו קושען בייבי'ס אויגען.

דער שמייכעל, וואָס שיינט אויף בייבי'ס ליפּען — ווייסט ווער פון וואנען ער קומט? יא, ס'איז דאָ אַ קלאַנג, אַז אַ יונגער בלאַסער שטראַהל פון דער שטייגענדער לבנה האָט בעריהרט דעם ראַנד פון אַ פערשווינדענדען הערבסט־וואָלקען, און דאָרט איז צום ערשטען מאָל געבוירען געוואָרען דער שמייכעל, אינ'ם טרוים פון אַ טהוי־געוואַשענעם מאָר־גען — דער שמייכעל, וואָס שיינט אויף בייבי'ס ליפּען.

די זיסע ווייכע פרישקייט, וואָס בליהט אויף בייבי'ס גליעדער — ווייסט ווער וואו זי איז געלעגען פערבאָרגען אזוי לאַנג? יא, ווען די מוטער איז געווען אַ יונג מיידעל, איז זי געלעגען אין איהר הארצען און אָנגעפּילט עס מיט דעם שטילען סוד פון ליעבע — די זיסע, ווייכע פרישקייט, וואָס האָט זיך צובליהט אויף בייבי'ס גליעדער".

און עס איז נאַטירליך, אַז דער דיכטער איז מקנא די קינדער פאַר זייער קינדערשען וועלט־געפיהל. מיט זיי ריידען שטערען, צו זיי לאָזט זיך אַראָב דער הימעל און קוקט זיי אין פּנים אריין מיט זיינע אומגעלומפּערטע וואָלקען. זאַכען, וואָס זעהען אויס שטום און טויב, קומען צוקריכען צו זייער פענסטער און ברענגען זיי קאָלירענדיגע שפּילכלעך. אין די קינדער'ס געדאַנקען מאַכט דער שכל לופט־שלאָנגען פון די לאַגישע געזעצען און לאָזט זיי פליהען, און דער אמת בעפרייט די פאַקטען פון זייערע קייטען.

איז דאָך יעדער וואהרער דיכטער — אַ קינד אין געוויסע מאָמענטען.

* *
*

פאַר מיר איז ראַבינדראַנאַטה טאַגאָר דער אידעאַל פון אַ דיכ־טער. טיעף — און דאָך איינפאַך. אַ מאַן מיט הויכע און גרויסע געדאַנקען — און מיט אַ בעזונדערער ריהרענדער נאַהנטקייט צום לעבען. אַ האַרץ פול מיט די אומרוהיגסטע, געגענזעצליכע געפיהלען — און אַנ'אויסדרוקס־פאָרם אזוי האַרמאָניש און חנ'־עוודיג און נאַטירליך, ווי אַ וואַרימער מאָרגען־גרוס פון אַ זינג־פויגעל.

איך האָב מיט מיין אָרימען פּראָזאַאיטען אידיש ניט געקענט איבערגעבען אפילו ראַבינדראַנאַטה טאַגאָר'ס ענגלישע איבער־זעצונגען. יענע זענען אויך אין פּראָזע, אָבער די פּראָזע איז אַ זינגענדיגע, אַ מוזיקאַלישע. יעדעס וואָרט איז אויף זיין פּלאַץ. איין וואָרט קען ניט פערביטען ווערען אויף אַ צווייטען — און אַלעס צוזאַמען האָט אַ מערקווירדיגען ריטם, וואָס גיט איבער די שטימונג און דעם גייסט פון דעם אינהאַלט. כדי איבערצוגעבען דאָס אין אידיש וואָלט מען געדאַרפט האָבען אַ גרויסען מייסטער — און איך וואונדער זיך, פאַרוואָס טהוען דאָס ניט אונזערע אידישע דיכטער.

און דאָך זיינען די ענגלישע איבערזעצונגען — געמאַכט פון'ם דיכטער אַליין — נאָר אַ שאָטען פון דעם בענגאַלישען אָריגינאַל. מענשען וואָס קענען בענגאַליש זאָגען, אַז אין אָריגינאַל זיינען די לידער וואונדערבאַר אין סטיל, סטרוקטור, ריטם, פיינקייט, דע־ליקאַטע שאַטירונגען פון שפּראַך.

אָבער דאָך, גלויב איך, איז די שפּראַך ניט דער עיקר אין טאַגאָר'ס לידער, אפילו ניט דאָס וויכטיגסטע. דער עיקר איז טאַגאָר אַליין — דער מאַן וואָס האָט אַזאַ מערקווירדיגען געפיהל פון לעבען, דער הייליגער, וואָס האָט געקענט גובר זיין דעם וועה און דעם טויט און בלייבען אומשולדיג ווי אַ קינד.

ער איז דער וואָהרער דיכטער. ער איז פערשיידענאַרטיג. זיינע שטימונגען בייטען זיך אָפט. זיינע אויערען פערנעהמען דעם שטילסטען אָבקלאַנג פון ערגעץ וויימע פערשווינדענדע טריט. ער האָט אַזוי ליעב צו שמועסען מיט'ן וואַנדערער, וואָס געהט פאַרביי. ער האָט אַזוי ליעב צו מאָלען די יונגע מיידעל, וואָס האָט געוואַרט אויף איהר גליק און וואַרטענדיג אַנטשלאָפען געוואָרען און ניט בעמערקט, ווי דאָס גליק איז פאַרבייגעגאַנגען און אַוועק.

און ער איז דערביי אַזוי פרעהליך! אַזוי אַנגעזעטיגט מיט פרעהליכקייט, אַזוי ענטציקט פון אַ קליינינקייט, וואָס איז גע־וואַלטיג גרויס. אַזוי פיעל מיט שפּיעלעריי, מיט פריינדליכען קאַ־טאַוועס, מיט געלעכטער, מיט שמייכלען.

און ער פיהלט נאָכאַנאַנד די טיעפע אָבגרונדען פון לעבען

אונטער זיך. און אפילו ווען זיין געלעכטער פּערעלט זיך און ער פּלעכט אַ קרענצעל בלומען אַנצוטהאָן אויף זיין שטערען און ער הערט דאָס רוישען פון ווינד, וואָס טראָגט אומרוהיגע שאפונגס־קראַפט אין זיך, — הערט ער ניט אויף צו פיהלען דעם אטהעם פון אַט די טיעפע, אונענדליכע אַבגרונדען.

און ניט דאָס איז דער עיקר. דער עיקר איז טאַגאָר'ס אַט־מאָספערע, אַט דאָס אונבעשטימטבאַרע „עטוואָס", וואָס רינגעלט ארום אַלע זיינע ווערק, וואָס געהט מיט זיי, ווי אַ ריח מיט אַ בלום, ווי אַ פאַרב מיט אַ געגענשטאַנד. אַט דאָס איינציג־ארטיגע,אינ־דיווידועלע, טאַגארי'שע, וואָס שיינט פון יעדער שורה זיינער און וואָס מאַכט יעדע שורה פאַר אַ פרייד, אַ גליק, אַ גייסטיגען נחת־רוח.

דאָס איז דאָס גע‎ניאַלע אין טאַגאָר'ן.

(1916)

